# די ווערק פון יצחק לייבוש פרץ. צוועלף בענד.
צוזאַמענגעשטעלט אונטער דער רעדאַקציאָן פון
דוד פּינסקי



פינפטער באַנד

ארויסגעגעבען פון פערלאַג „אידיש“, ניו־יאָרק.
תר"פ — 1920

י. ל. פרץ

# מעשה׳לעך



ארויסגעגעבען פון פארלאג „אידיש“, ניו-יארק.

# דריי חופות

## צוויי רויטע — איינע א שווארצע

### א מעשה פון הינטער די הרי חשך.

---

## ערשטער טייל.

### ערשטעס קאפיטעל.

**דער פאלאץ.—דער מלך מיט דער בת־מלכה.—דעם מלך'ס עגמת נפש.**

ווייט, ווייט, הינטער די הרי חשך, אויף יענער זייט סמבטיון, איז פאראן א מדינה מיט'ן נאמען „וואונדער־לאנד", וואו די רויטע אידען וואוינען. און אין דער מדינה „וואונדער־לאנד", אין דער שטאדט, וואו דער מלך וואוינט, אין „גלויבשטיין" דער רעזי־דענץ, איז געשטאנען אמאל א הויכער, ווייסער, מארמארנער פא־לאץ. און שעהן איז געווען דער ווייסער, מארמארנער פאלאץ, וואס ער איז געווען אין א רייכען גרינעם גארטען, ווי אין א גרינעם ים, מיט זיינע הונדערטער גאלדענע זיילען און טויזענטער בריליאנ־טענע שויבען.

און צופוסענס פון דעם ווייסען, מארמארנעם פאלאץ האט שטיל געריישט, און ווי פאר'חלומ'ט געפלאסען א קלאר קריסטא־לען טייכעל; און פוןביידע זייטען איז דאס טייכעל געווען ארומ־געקרענצט מיט די פיינסטע בלומען און די איידעלסטע גע־וויקסען. און אין דעם קריסטאלענעם, קלארען טייכעל האבען ארום־

געבליצט, ארומגעטאַנצט טויזענטער גאָלדענע פישלעך, און פון אויבען, איבער דעם בלויען וואַסער־שפּיגעל, האָבען זיך געהויבען און מיט טויזענט חן זענען ארומגעשוואוּמען שוואַנען, ווייסע ווי שניי, מיט די דינע, לאַנגע, ווייסע העלזער און לאַנגע, פאַרשפּיצטע, געלע שנאָבלען...

עס האָט פאַרנומען די אויגען!

אַז שענסטען האָט עס אויסגעזעהן ביינאַכט, ווען די לבנה האָט געשיינט... דער מאַרמאָרנער פּאַלאַץ האָט זיך אָפּגעשפּיגעלט אין טייך צוזאַמען מיט דער לבנה און די שטערען... די בליצענדיגע גאָלדענע פישלעך האָבען לוסטיג געהיפּט און געטאַנצט און זענען אריבערגעשפּרונגען פון איין גאָלדענער זייל צו דער צווייטער, פון איין בריליאַנטענער שויב צו דער צווייטער, און די שניי־ווייסע שוואַנען זענען ערנסט און לאַנגזאַם אריבערגעשוואוּמען פון איין זילבערנעם שטיק נעבעל צום צווייטען, פון איין גאָלדען שטערנדעל צום צווייטען... און פאַרציטערט, ווי פון גרויס ליעבשאַפט, האָבען זיך ארום דעם אַלעם געפלאַכטען די פיינסטע, וואונדערליכסטע שאָטען פון די בלומען און געוויקסען, וואָס האָבען געבליהט אויף ביידע זייטען פון טייכעל... און אַז עס האָט זיך נאָך דערביי געלאָזט הערען דער שפּיל־פייגעל פון צווישען די צווייגען, וואָס האָבען זיך געבויגען אונטער דער לאַסט פון גאָלדענע פרות, האָט מען ווירקליך געמיינט, אַז עס איז קיין גאַרטען נישטאָ, קיין פּאַלאַץ נישטאָ, — אַז עס איז אינגאַנצען אַ חלום, אַ פאַר'כשופ'טער חלום...

און דאָך איז עס קיין חלום נישט געוועזען.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

געקעניגט האָט דאַמאָלט ביי די רויטע אידלעך, אין דער מדינה „וואונדערלאַנד“, שלמה דער זיבען־און־צוואַנציגסטער, אונזער שלמה המלך'ס אור־אור־אייניקעל; און ער האָט עס געוואוינט אין דעם פּאַלאַץ, ער מיט זיין איינציגער טאָכטער, — די בת־מלכה שולמית.

שוין פופצעהן יאָהר איז דער מלך אַ אַלמן געוועזען, ער האָט אָבער נישט חתונה געהאַט, ווייל ער האָט זיין „אויג אין קאָפּ“, זיין צווייטער נשמה — דער בת־מלכה קיין שטיפמוטער נישט געוואָלט געבען.

און די בת־מלכה איז די גרויסע ליעבשאפט ווערט געוועזן. אלע מעלות און מדות טובות האט זי געהאט פון איהר פא־טער, דעם מלך; דערצו האט זי גאט נאך געלייטזעליגט מיט א שעהנקייט, וואס האט אלע אויגען פארבלענדט.

און ווייל די בת־מלכה איז נישט עהנליך געוועזן נישט צום פאטער און נישט, עליה השלום, צו דער מלכה, האט מען גע־גלויבט, אז די מוטער, האט זיך, זייענדיג אויף דער צייט, אין א מלאך פון הימעל פארקוקט...

אין גאנץ „וואונדער־לאנד" האט איהר שעהנקייט גע׳שמ׳ט, נאר ליעב האט מען זי געהאט פאר איהר גוטסקייט, פאר איהר גוט הארץ, פאר איהר גוט אויג און הארציגע פרומקייט.

טאג־טעגליך פלעגען זיך פאר׳ן ווייסען פאלאץ פארזאמלען ארעמע לייט, אלטע, קראנקע, און אלע, וואס האבען געברויכט הילף, און די בת־מלכה פלעגט צו זיי ארויסקומען מיט איהר חבר׳טאריין דבורה׳לע, יואב׳ס, דעם משנה למלך׳ס טאכטער, זיי האבען אלע אויסגעהערט, באשענקט און באגאבט, געהאלפען און געהיילט...

כדי די בת־מלכה זאל נישט דארפען יעדעס מאל געלט בע־טען, האט איהר דער פאטער, דער מלך, געלאזט צומאכען, — און האט איהר איבערגעגעבען — א צווייטען גאלדענעם שליסעל צו זיינע אוצרות; און ביים אוצר האט ער נאך געשטעלט אז אויסגע־לערענטען פאפוגיי, וואס פלעגט, דערזעהענדיג די בת־מלכה, אויס־רופען:

— „נעם, מלאכ׳ל, נעם! נעם מיט פולע הענט, און גיב פון פולען הארץ!"

און דעם מלך׳ס אוצרות זענען דערפון נישט קלענער געווא־רען; פארקעהרט, עס איז אין זיי די ברכה אריין. וואס מעהר דער מלך מיט דער בת־מלכה האבען פארטיילט, אלץ פולער זענען גע־ווארען די אוצרות, און דאס איז א סימן, אז זיי האבען אנגע־שלאגען מיט זייער צדקה!

און ביי דעם אלעם איז דער מלך שלמה דער זיבען־און־צוואנ־ציגסטער נישט גליקליך געוועזן.

אונטער דער זיידענער חופה, אויפ׳ן גאלדענעם בעט, פלעגט דער מלך איבערוואכען גאנצע נעכט, נישט צושליסען קיין אויג.

הערען די טריט פון די סאָלדאַטען, וואָס זענען געגאַנגען אויף און אָפּ פאַר׳ן פּאַלאַץ אויף דער וואַכט.

אין וואונדער־לאַנד איז נאָך דאָס געוויסען פון א מענש ביי דער נאַנצער ממשלה, וואָס לאָזט אמאָל נישט שלאָפען; ביי שלמה דעם זיבען־און־צוואַנציגסטען איז אָבער דער פאַל נישט געווען...

און די סבּה, פאַרוואָס ער שלאָפט נישט, וועלען מיר געוואָר ווע־רען אין צווייטען קאַפּיטעל.

## צווייטעס קאַפּיטעל.

**דער קוקו.—די כשוף־מאַכערין און דער בת־מלכּה׳ס שבועה.**

איינמאָל, ל״ג בעומר, איז די בת־מלכּה מיט איהר חבר׳טאָרין דבורה געגאַנגען אין נאָהנטען וואַלד אריין שפּאַצירען...

אז די פייגעלעך אין וואַלד האָבען זיי דערזעהען, האָבען זיי אָנגעהויבען פרייער און פרעהליכער צו זינגען. די פייגעלעך האָ־בען נישט געוואוסט, אז איינע פון די קינדער איז א בת־מלכּה או די צווייטע איז דעם משנה למלך׳ס טאָכטער, זיי האָבען נאָר גע־וואוסט, אז דאָס זענען די האַרציגע קינדער, די גאָלדענע קינדער, וואָס שיטען זיי עסענוואַרג, ווען זיי באַווייזען זיך נאָר פאַר׳ן פּאַלאַץ.

און דאָס זענען די קינדער, וואָס שפּייזען זיי א גאַנץ יאָהר מיט קעניגליך ווייסברויט, שבת — חלה מיט זאַפּרען און שבת־שירה — מיט׳ן פיינסטען האָניג־לעקעך...

און לכבוד די האַרציגע מיידעלעך איז געוואָרען א זעלטענער קאָנצערט.

— קנאַק, ברודער, קנאַק! — האָט גערופען פון איין צווייג צו דער צווייטער, — לכבוד די גאָלדענע מיידעלעך, לכבוד די האַרציגע מיידעלעך!

די בלומען, וואָס באַהאַלטען זיך תמיד צווישען הויכען גראָז, אין שאָטען, הינטער די ביימער, וואָס ציטערען שטאַרק פאַר יעדע לעדיגע האַנט און פאַר יעדען שווערען טראַט, די בלימלעך האָבען עס דערהערט און האָבען אַזוי געטראַכט:

„אַז פייגעלעך לויבען, איז אודאי אמת! פייגעלעך ווייסען פון

קיין חניפה נישט! דארף מען פאר די מיידלעך קיין מורא נישט האבען!"

און די בלימלעך האבען ארויסגעשטעקט די פיינע קעפּלעך פונ'ם טיפען גרינעם גראז; און זיי האבען פריי און לוסטיג גע־אטעמט, אז דער גאנצער וואלד איז פול געווארען מיט די פיינסטע בשמים!

און די הירשען און די סארנעס, וואס באהאלטען זיך שוין צווישען די פארפלאכטענע צווייגען, ווען זיי דערהערען נאר א שארך, האבען זיך איצט אויך ארויסגערוקט און געקוקט אויף די מיידעלעך מיט געטרייע, הארציגע אויגען, ווי נאר סארנעס און הירשען קאנען קוקען!

און דאמאלט האט זיך דער פרעהליכער בת־מלכה אויך פאר־גלוסט צו זינגען; אזוי פול איז איהר געווארען אין יונגען האר־צען; קוים אבער האט זי נאר געעפענט דאס קרעלענע מיילעכעל, זענען מיט אמאל אלע פייגעלעך שטיל געבליבען: זיי ווילען אויך הערען, ווי אזא גאלדען מיידעלע זינגט...

איין קוקו האט זיך צו שפעט איינגעהאלטען, און דבורה, דעם משנה למלך'ס טאכטער, האט איהם צום ערשטען דערזעהן.

און דעם משנה למלך'ס טאכטער איז נעהנטער צוגעגאנגען צום קוקו, און האט איהם, האלב גלויביג, האלב שפּאטיש, גע־פרעגט:

— קוקו, ווי אלט איז אצינד מיין באשערטער?

דער פויגעל הויבט אן רופען: קוקו! קוקו! אהן א שיעור, און דבורה האט לאכענדיג אפּגעצעהלט פינף הונדערט און אכטצעהן יאהר.

און ווי א זילבערען גלעקעל האט איהר קול געקלונגען.

די בת־מלכה האט איהם דערהערט, און איז אויך צוגעגאנגען צום קוקו, און האט איהם געפרעגט:

— און ווי לאנג, זאג, וועל איך לעבען, חכם מיינער אויפ'ן בוים?

און דער פויגעל האט ווידער גערופען: קוקו, קוקו.

און ווער ווייסט, וויפיעל ער וואלט אפּגעצעהלט, ווען דער בת־מלכה זאל נישט געווען איבערדריסיג ווערען צו צעהלען.

זי האט איהם איבערגעהאקט און געפרעגט:

— און וויפיעל יאהר האט נאך גאט מיין גוטען פאטער באַ־שערט ?

עס האט זיך איהר, דער גוטער בת־מלכה, געוואָלט, דער קוקו זאָל אצינד אויך רופען און רופען און נישט אויפהערען צו רופען, ווי פריהער.

די בת־מלכה אָבער, איז געבליבען ווי פארשטיינערט, פון קוקו האט מען שוין מעהר נישט געקאָנט ארויסקריגען א טאָן.

און די דערשראָקענע מיידעלעך האבען זיך מישב געווען, אויפצוזוכען די כשוף־מאכערין, וואָס האלט זיך אויף אין וואלד, און זי איבערצופרעגען, צי האט זיך נאר דער קוקו באלײדיגט, צי עס האט טאקע אַן אומגליק צו באַטייטען.

און קוים האבען זיי דערפון געטראכט, האט זיך באַוויזען א מאַסע קליינע, וואונדערליכע, לוסטיגע, און פארשידענפארביגע חיה'לעך, וואָס האבען אָנגעהויבען ארומצוטאַנצען, ארומצושפרינ־גען און פאראויס צו לויפען, און זיי האבען אזויערנאך געוויזען דעם וועג צו דער כשוף־מאכערין.

די כשוף־מאכערין איז געשטאַנען ארומגערינגעלט מיט קעי־ניגלעך און ווערווערקעס, וועלכע זי האט געשפייזט. און געווען איז זי אַלט און איינגעשרומפען, זי האט אָבער געקוקט מיט אזוינע גוטהארציגע אויגען, אַז די קינדער האבען זיך פאַר איהר נישט דערשראָקען, און זענען צוגעקומען נעהנטער. פאַר הארץ־וועהטאָג האט די בת־מלכה נישט געקאָנט רעדען. האט דעם משנה־למלך'ס טאָכטער פאַר איהר גערעדט.

— אַלטע, — האט זי געפרעגט, — ווי לאַנג וועט איהר פאַ־טער לעבען ?

אויסזאָגען, אַז דאָס איז א בת־מלכה, האט זי נישט געוואָלט. די מכשפה זאָל נישט מורא האבען צו זאָגען דעם אמת.

— הע ? — האט די מכשפה איבערגעפרעגט.

און דבורה האט נאך אמאָל איבערגע'חזר'ט די שאלה, און האט געטייט דערביי אויף דער בת־מלכה מיט'ן פינגער.

די מכשפה איז אָבער, ווי עס זעהט אויס, גוט טויב געווען, און דבורה'ס טייטען מיט'ן פינגער האט זי גאר אַנדערש פאַר־שטאַנען; זי איז געוועהנט געווען צו מיידעלעך, וואָס פרעגען, ווען מען וועט זיי א חופה שטעלען.

דעריבער האָט זי געענטפערט:
— וועמען? דעם פיינעם טאָכטערל? אי! אזא שעהנע! אזא גאָלד! פון מזרח און מערב וועט מען זיך דאַך צו איהר צו־זאמענקומען! אין קורצען וועט א חופה זיין! אין קורצען!
און דבורה האָט זיך געמוזט שטעלען אויף די שפּיץ פינגער און אריינשרייען דער כשוף־מאַכערין אין אויער איהר פאַרלאַנג.
און דאמאָלט ערשט האָט די כשוף־מאַכערין דערהערט און זי האָט אזוי געענטפערט:
— איהר פאָטער וועט דערלעבען — דעם טאָג פון איהר חופה!
די בת־מלכה האָט א שרעקליכען געשריי געטאָן, און אין דער־זעלבער מינוט זענען פארשוואונדען די מכשפה מיט איהרע חיה'־לעך. —
די סאַרנעס, די הירשען האָבען זיך באַהאַלטען. די פייגעלעך מיט די בלומען זענען פארשוואונדען געוואָרען...
אין שטילען וואַלד האָט זיך נאָר געהערט, ווי די האַלץ־ווערים פּיקען אין די בוימערס הערצער, און דער בת־מלכה'ס שבועה: אז זי וועט קיינמאָל נישט חתונה האָ־בען; דער פאָטער איהרער זאָל לעבען, ער זאָל זי איבערלעבען!
דערנאָך האָט זי נאָך דבורה'ן באַשוואוירען, אז דאָס אַלץ זאָל בלייבען בסוד...
מיר וועלען זעהן, ווי זיי האָבען געהאַלטען וואָרט.

## דריטעס קאַפּיטעל.

א צוזאמענפאָהר פון חתנים.—אַ שמועס צווישען מלך מיט דער בת־מלכה.—די וויסע טויב און איהר עצה.

עס איז ווייטער געוועזן א צוזאמענפאהר פון שררות און פּרינ־צען...
מען האָט אַלע פאַרבעטען אין פּאַלאַץ אריין... פריהער איז מען ארויס אין וואַלד אריין אויף א יאַגד. פאַרשטעהט זיך, אז אויף א יאַגד ביי א אידישען מלך שיסט מען נאָר אין חיות רעות

און גיפטיגע שלאַנגען. נאָך דער יאַגד האָט מען געמאַכט אַ קעניגליך מאָלצייט.

עסען, כאָטש כשר, איז געווען לרוב, אַלטע ווײַנען, כאָטש נישט קיין נסך, נאָר כיד המלך... ווי מען האָט געעפענט אַ פלאַש, האָט זיך אין דעם גרויסען זאַל פאַרשפּרייט אַ ריח, ווי פון די טייערסטע בשמים... די פּרינצען האָבען געגעסען, געטרונקען, גע־שמועסט, און געפיהרט ויכוחים וועגען אַלערליי חכמות, און איי־בער ווייטע לענדער און מדינות... אַלע אויגען האָבען געהאַנגען אויף דער בת־מלכה'ס שעהן־חנ'עוודיג פּנים.

אַלע האָפען צו דערזעהן דאָרט אַ שמייכעלע, אַ סימן טוב אויף זייער מזל!...

די בת־מלכה איז אָבער געווען פאַר אַלע גלייך גוט פריינדליך, און האָט דאָך אַלע אָפּגעזאָגט.

דאַמאָלט האָט דער מלך געהייסען אַלע אַפּטרעטען פון זאַל, און האָט צו דער בת־מלכה אַזוי געזאָגט:

— שולמית, גאָט איז מיט דיר! עס זענען דאָך היינט גע־וועזען די גרעסטע און די העכסטע און די פיינכסטע לייט פון דער וועלט! פּרינצען פון די גרעסטע מדינות זענען אַראָפּגעקומען און געזעצט זיך צו אונז ביים טיש... און דו ווילסט זיי נישט!

און עס זאָגט ווייטער דער מלך:

— און פון מזרח און פון מערב זענען זיי צו דיר געקומען! געבראַכט אָהער האָט זיי דיין שם, געקומען זענען זיי פון דיין שעהנקייט פאַרבלענדט...

און טרערען הערען זיך אין דעם מלך'ס ווערטער:

— און וואָס פעהלט זיי? ביסט דו נישט זיכער אין זייער קלוגשאַפט, גיב זיי אויף רעטענישען. דו קאָנסט אַזוי פיעל, איך האָב דיך דאָך אַזוי פיעל געלערענט!

— און זענען זיי נישט גענוג רייך? — זאָגט ווייטער דער קעניג, — טייל האָבען דאָך גרעסערע און רייכערע לענדער פאַר מיר, גרעסערע אוצרות פאַר מיר!

— און אַלע שווערען, אַז זיי האָבען דיך ליעב!...

און אָפּגעזיפצט האָט דער מלך און ווייטער געזאָגט:

— טאָכטער דו מיין, נעטרייע טאָכטער! זעה, מיין אַלטער קאָפּ איז שוין באַדעקט מיט שניי! זעה מיין באָרד, ווייס איז זי

ווי מילך... און אז גאָט וועט מיך רופען צו זיך, אויף וועמען וועל איך דיך לאָזען, טאַכטער דו מיינ ? ! און וואָס פאַרלאַנגסט דו ? זיי האָבען דיך אַזוי ליעב, זיי שווערען אַזוי !

עס וויינט דער בת־מלכה׳ס האַרץ פון פאָטערס עגמת־נפש, דעם אמת זאָגען קאָן זי דאָך נישט...

זאָגט זי, אַז זי גלויבט נישט זייערע שבועות...

און זי האָט אַזוי געענטפערט :

— איך בין רייך, טאַטעשי, און דיין איינציגע טאָכטער בין איך ! וויים איך, צי מיינט מען מיך, צי מיין רייכקייט ! צי וויל מען מיך, צי — איבער הונדערט און צוואַנציג יאָהר — דיין מלוכה, טאַטעשי !

און זי האָט נאָך געהאַט אַ ראיה צו איהרע רייד !

— און זעה, — האָט זי צום פאָטער, צום מלך, געזאָגט, — איז דען נישט מיין חבר׳טאָרין דבורה שענער פאַר מיר, בעסער, קלינגער און געלערענטער פאַר מיר ? און פאַרוואָס פאָהרט מען זיך נישט צוזאַמען איהר כשר׳ע האַנט צו פאַרלאַנגען ? פאַרוואָס האָט זיך קיין איינציגער פּרינץ אין איהר נישט פאַרליעבט ? — ווייל איך בין ד י י ן טאָכטער ! ווייל בת־מלכה בין א י ך !

דער מלך וויל איהר נישט זאָגען, אַז ער גלויבט נישט, אַז עס איז עמיץ שענער, בעסער און קלינגער פאַר זיין טאָכטער, ענטפערט ער איהר :

— וויים איך ? דיינע בליצענדיגע, רויטע האָר, מיט די טיפע, בלויע אויגען געפעלען, און איהרע זיידענע, פלאַקסענע האָר, מיט די עהרליכע, טיפע אויגען — נישט... יעדער מענש האָט שוין זיין מזל...

און אין האַרץ האָט ער געקלערט : „אוי, צי איז עס נישט אַ ירושה פון עלטער־עלטער־זיידען קהלת ?... אַזאַ פריש עפּעלע, און עס פּיקט שוין דאָרט אַ ווערימעל“...

און אין דער רגע האָט זיך באַוויזען אין אָפענעם פענסטער אַ מילך־ווייסע טויב.

די בת־מלכה האָט געמיינט, אַז דאָס איז איינע פון איהרע טויבען, און זי האָט זיך אויסגעדרעהט צו איהר, זי זאָל זיך איהר שטעלען אויפ׳ן אַהסעל.

די טויב האָט עס דאָך נישט געטאָן.

די מילך־ווייסע טויב איז אריינגעפלויגען און האט זיך גע־שטעלט פאר'ן מלך אויפ'ן טיש.

זי האט זיך דריי מאָל געבוקט פאר'ן מלך, און אנגעהויבען צו וואורקען און צו ברומען צום מלך.

און ביי די רויטע אידלעך, מוזט איהר וויסען, האלט זיך נאך דער אלטער אידישער מנהג, אז דער, וואס זיצט אין סנהדרין, מוז קענען אלע זיבעציג לשונות פון דער וועלט, און דער מלך פון א מדינה מוז, ווי שלמה אין זיין צייט, קענען אפילו די לשונות פון חיות און עופות.

און די ווייסע טויב האט צום מלך אזוי געברומט:

— מלך, גרויסער מלך! האב קיין עגמת־נפש נישט, עס וועט זיך אלץ ענדערען צום גוטען; דו וועסט אין דער בת־מלכה נאך נחת דערלעבען... נויט זי אבער נישט, אז זי זאָל נעמען איינעם פון די פרינצען, וואס בעטען איהר האנט. נישט איינער פון זיי איז איהר באשערטער, און נישט אין גלויבשטיין וואוינט ער, וואס איהר איז באשערט.

און דער מלך האט איהר אויף טויבען־לשון אזוי געענטפערט:

— גוטע טויב, קלוגע טויב, זאג מיר, וואו איהר באשערטער וואוינט, היים איך באלד שפאנען די טייערסטע פערד און ברענג איהם אהער; זאָל ער זיין א פרינץ, זאָל ער זיין דער ארעמסטער מאן, זאָל ער ביי דער שווערסטער ארבייט שטעהן, גיב איך איהם, —הייסט מיין נאמען נישט שלמה דער זיבען־און־צוואנציגסטער,— מיין איינציגע טאכטער און מיין קרוין אוועק!...

און די טויב האט אזוי געענטפערט:

— מלך, גרויסער קעניג, געזונט זאָלסט דו זי, און לאנג לע־בען זאָלסט דו, מלך! נישט דאס אבער האט מען מיר באפוילען דיר צו זאגען... דיין בת־מלכה וויל זיין זיכער, אז דער, וואס שווערט, אז ער האט זי ליעב, מיינט נאר זי אליין, נישט די אוצרות, נישט די מלוכה... דאס גוטע פרומע הארץ האט מורא, מוז מען עס בארוהיגען...

— ווי אזוי, ווייסע, קלוגע טויב? — האט דער מלך גע־פרעגט.

און די טויב האט אזוי געענטפערט:

— גרויסער מלך, קלוגער מלך, געזונט און שטארק זאלסט דו און אייניקלעך דערלעבען זאלט דו, מלך! הייס איהר אויס־קלייבען די ארעמסטע קליידער, וואס איהר הארץ וועט גלוסטען, פאר איהר און פאר דיר, מלך, און וואנדערט ארוים פון די ערטער, וואו מען קאן אייך ליכט דערקענען. און אז איהר באשערטער וועט זי וועלען אין שמוץ און אין ארעמקייט, וועט דער בת־מלכה'ס נאלדען הארץ נישט ציטערען, נישט שרעקען זיך.

— איך בין גרייט אלץ צו טון, וואס דו זאגסט, — האט ער דער טויב געענטפערט, און זי האט דריי מאל אהין און צוריק געהיפט און געבוקט זיך, ווי ביים אויסגעהן שמונה־עשרה, און איז צוריק ארויסגעפלויגען פון פענסטער.

די בת־מלכה האט קיין אויסרייד נישט געהאט, אויף דער טויבס עצה נישט צו באשטעהן. האט זי אויסגעקליבען צום וואנ־דערען קליידער פון שמאטעס־קלייבער.

די בת־מלכה האט זיך אזוי געטראכט: אין אזוינע שמוציגע קליידער וועל איך קיינעם אין די אויגען נישט פאלען...

נאר א מענש דענקט, און גאט לענקט.

בשעת דער מלך און די בת־מלכה האבען גערעדט וועגען די וועגס־קליידער, איז יואב, דער משנה־למלך, געשטאנען הינטער א זיידענעם פארהאנג און אונטערגעהערט.

אזוינס טוט נאר א פאלשער, שלעכטער מענש. און דאס איז ער געוועזען...

דאס פאלק האט אויף איהם געמורמעלט.

דער מלך איז אבער געווען אין יואב'ן פארנארט.

פעלקער און קינדער האבען יעדער א טביעת עין, איך מיין: או אויג, וואס דערקענט אין דער ערשטער רגע דאס, וואס קלוגע חכמים דערקענען נישט. מיט'ן ערשטען בליק זעהען זיי, ווער ס'איז גוט, עהרליך און פרום באמת, און ווער ס'טראגט נאר א מאסקע אויפ'ן פנים — און האט דאס גיהנום אין הארץ.

נישט ע ר האט געדארפט זיין משנה־למלך אין וואונדער־לאנד!...

אין פאלאץ ארייו איז ער געקומען דורך א צופאל:

די מלכה, עליה השלום, אין ליכטיגען גן־עדן זאל זי זיין, איז נפטר געווארען אין קינפעט, און מען האט געדארפט פאר דער

בת־מלכה אן אם, איז דער גורל געפאַלן אויף יואב'ס ווייב. דורך איהר האָט ער באַקומען אַ צוטריט צום פּאַלאַץ...

איינמאָל האָט איהם דער מלך שלמה באַמערקט און געפרעגט, ווער ער איז און וואָס ער וויל.

ער האָט געזאָגט, אַז ער איז דער בת־מלכה'ס אַמס אַ מאַן, און פאַרלאַנגען פאַרלאַנגט ער נישט מעהר, נאָר די ערלויבניש אָנ־צוזעטען זיינע אויגען מיט'ן גלאַנץ, וואָס שלאָגט פון מלך'ס פּנים...

וואָס אַן אָנגעל איז פאַר פיש, איז חניפה פאַר מלכים...

יואב איז שוין געבליבען אין פּאַלאַץ. ער איז געוואַקסען פון טאָג צו טאָג, און מיט דער צייט איז ער געוואָרען משנה־למלך.

קלוג איז ער געווען, ווי אחיתופל בשעתו, און ער האָט זיין פרומע, עהרליכע ראָלע אַזוי פיין געשפּילט, אַז די וועלט, וואָס האָט געמורמעלט, האָט נישט געהאַט אויף איהם צו ווייזען עפּעס אַן עולה.

די בת־מלכה האָט יואב'ן דעם משנה־למלך נישט געקאָנט ליידען. אַז ער האָט אויף איהר געקוקט, האָט זיך איהר געדאַכט, אַז אַ פייכטער, קאַלטער וואָרים גליטשט זיך איהר איבער'ן פּנים... זי האָט עס אָבער קיינמאָל נישט געבראַכט אויף די ליפּען, נאָר צוליעב איהר אַם, יואב'ס געשטאָרבען ווייב, צוליעב דעם פאָטער, און אפשר מעהר צוליעב דבורה'לען, אין וועלכער זי האָט אַ גע־טרייע, געליעבטע שוועסטער געהאַט, — האָט זי זיך אַ כח אָנגע־טאָן, און פון צייט צו צייט מיט איהם אַ גוט וואָרט גערעדט...

דער שלעכטער מענש האָט זיך אָבער דאָס גוטע וואָרט אַנ־דערש אויסגעטייטשט... האָט זיך געוואָלט באַנוצען דערמיט און ווערען דעם מלך'ס איידעם!...

קיין יונגערמאַן איז יואב שוין נישט געווען. נאָר געהאַלטען האָט ער זיך קינדיש, און האָט זיך פיין, ווי נאַטירליך, געפאַרבט די באָרד און די האָר פון קאָפּ.

און אַלע האָבען אַז זיינע יאָהרען פאַרגעסען...

די פריילינען פון הויף האָבען צו איהם געוואונקען, האָט ער געמיינט, אַז שולמית אויך... אַזוינס טוט נאָר אַ פאַלשער, שלעכ־טער מענש...

ליתר תוכף ועוז האָט ער אויפגעקויפט ביי אַלערליי כשוף־מאַ־כערס ליעבעס־טראָפּען, וואָס ער האָט בגנבה אַריינגעטאָן אין דעם

אלעם, וואס די בת־מלכה האט געגעסען און געטרונקען. —

דער קלוגער יואב האט גארנישט געוואוסט, אז די אלע טראַ־פענס העלפען נאר דאמאלט, ווען דער, וואס באנוצט זיך מיט די טראפענס, האט אמת און עהרליך ליעב. בשעת ווען יואב האט נאר אין זין געהאט די מלוכה.

און דאס, וואס די בת־מלכה האט אפגעזאגט אלע פרינצען, האט ער אויך געהאלטען ביי זיך פאר א גוטען סימן. און כדי ער זאל זיכערער זיין אין זיינע פלאנען, האט ער נישט אויפגעהערט נאכצוקוקען דעם מלך מיט דער בת־מלכה און אונטערצוהערען, וואס זיי רעדען.

און אז ער האט, שטעהענדיג הינטער דעם זיידענעם פארהאנג, דערהערט, אז זיי רעכענען אין גאר ארעמע קליידער ארויסצו־וואנדערען, האט ער גאר זיין האפנונג נישט פארלוירען.

פארקעהרט, עס האט איהם נאך מעהר פארנארט.

ער האט געקלערט, אז די בת־מלכה, וואס האט אזוי פיעל ליעבעס־טראפען אויסגעטרונקען, האט אליין פארגעשלאגען דעם פאטער דעם שידוך, און כדי געוואר צו ווערען, צי ער איז ווערט צו זיין אמאל א מלך, פאהרען זיי ארויס פארשטעלט און אויף דער מדינה געוואר צו ווערען, וואס מען זאגט אויף איהם.

און ווייל ער האט פארט מורא געהאט, מען זאל אויף איהם אין דער מדינה פאר׳ן מלך, און דער עיקר — פאר דער בת־מלכה, נישט רעדען קיין בייז, האט ער זיי נאכגעשיקט שפיאנען, זיי זא־לען זיי נאכגעהען טריט ביי טריט, און טאקע טעגליך איהם שריי־בען אויף תשר"ק־כתב, וואו זיי זענען, און וואס זיי טוען.

אין דער התחלה האבען איהם די בריף, וואס ער האט באקו־מען פון די שפיאנען, גארנישט געוואונדערט: דער מלך מיט דער בת־מלכה געהען און געהען, און שטעלען זיך אין ערגעץ נישט אפ. שפעטער אבער, אז מען האט איהם מודיע געווען, אז זיי זענען ארויס אויס דער גרענעץ, האט זיך דער משנה־למלך זעהר דער־פרעהט: ער איז געפאלען אויף אן אנדערען, גאר א לייכטען פלאן, ווי אזוי צוצוקומען צו דער מלוכה!

ער וועט דעם מלך מיט דער בת־מלכה אומברענגען! און אין דער פרעמד וועט ער דאס טון גאר אהן פחד...

און ער האט זיך געלאזט ברענגען צוויי גזלנים, און ער האט צו זיי אזוי געזאגט:

— איך, משנה־למלך, און היינט במקום מלך, ווייס גאנץ גוט, אז איהר זענט רוצחים און גזלנים, אז מען דארף אייך הענגען אינ־מיטען מארק, און דערנאך אייך צושניידען און צושיקען שטיקער פון אייך אין אלע תרי״ג שטעדט פון דער מדינה. נאר אין אייך ווענדט זיך, אז איהר זאלט ניצל ווערען פון דער תליה, און נאך גרויס ווערען...

— אז איהר וועט טון, וואס איך וויל, און עס וועט בלייבען בסוד, וועל איך איינעם פון אייך מאכען פאר׳ן ערשטען מיניסטער, און דעם צווייטען — פאר א ראש אין סנהדרין...

און די גזלנים פאלען דעם משנה־למלך צו די פיס, און ער האט זיי געהייסען שווערען אויף די קני, אז זיי וועלען טון זיין פארלאנג!

און די גזלנים האבען געשוואוירען: איינער — ביי אלע וויס־טע וועלדער און פוסטע הורבות, וואו שדים און רוחות וואוינען, און ביי אלע נישט־באגראבענע ביינער פון רוצחים און גזלנים:

— אויב איך וועל מייןווארט נישט האלטען, זאלען זיך אין מיר אלע שדים פון וועלדער און חורבות, און אלע רוחות רעות פון די פארוואלגערטע ביינער אן מיר נוקם זיין!

און דער צווייטער האט אויך אזוי געשוואוירען, און האט נאך צוגעגעבען, אז ער שווערט נאך ביי זיין געהיימניש — ביי זיין פאטערס מויל, וואס ער האלט אין עסיג אין א פענכער...

און דאמאלט האט דער שלעכטער יואב אזוי געזאגט:

— שארפע שווערדען האט איהר, בלאנקע שפיזען גיב איך אייך... און פערד וועל איך אייך געבען די בעסטע פון מלך׳ס שטאל, וואס פליהען ווי די אדלער, וואס יאגען איבער דעם ווינט...

— לאזט אייך אויף דער וועלט...

— און אז איהר וועט טרעפען צוויי שמאטעס־קלייבער: א גרייז־גרויען אלטען, ווי א טויב, און א יונג מיידעל, וואס איהר פנים וועט ארויסשיינען פון איהרע שמוציגע קליידער, ווי א זון פון הינטער א ווינטערדיגען בלייערנעם וואלקען, — פארהאלט זיי!

— און דעם אלטען זאלט איהר טויטען באלד אויפ'ן ארט!

— און מיט דער טאכטער זאלט איהר אזוי טון:

— איהר וועט זי פרעגען, צי זי וויל האלטען אלץ בסוד און אהער קומען זיין מיין ווייב.

— אויב זי וועט באשטעהען, און זי וועט אייך צואשווערען דערויף ביי דער נשמה פון איהר געשטארבענער מוטער, לאזט זי לעבען און ברענגט זי אהער.

— אניט — טויט זי!

— באגראבט זיי ביידע אויפ'ן ארט. און פאר א סימן, אז איהר האט אלץ געטאן בשלמות, זאלט איהר מיר ברענגען זייערע קליידער: איך וועל זיי דערקענען!...

די גזלנים זענען באשטאנען, און ער האט זיי געגעבען געלט אויף הוצאות־הדרך, באוואפענט זיי פון קאפ ביז פיס, ארויפגע־זעצט אויף פערד און ארויסגעשיקט אין דער וועלט אריין...

און דער שלעכטער מענש איז זיכער, אז עס וועט איהם גע־ראטען...

מלך וועט ער זיין!

און קוים וועט ער ווערען מלך, וועט ער וויסען, וואס צו טון...

די מלוכה וועט ער שוין באפעסטיגען!

ווי אחשורוש וועט ער טון!

א קעניגליכע סעודה וועט ער מאכען — פאר גאנץ וואונדער־לאנד א סעודה...

אין גרויסען גארטען וועט ער גאלדענע טישען שטעלען. און זיי וועלען זיך בויגען אונטער דער לאסט פון די טייערסטע מאכלים. און די טייערסטע ווייגען וועלען זיך גיסען ווי וואסער.

און אלע שפילער, און אלע טענצער, און אלע זינגער פון דער גאנצער מדינה וועלען קומען און שפילען, און זינגען, און טאנצען. —

עס וועט זיין א יום־טוב, א פרייד פאר גאנץ וואונדער־לאנד!

און זיבען טעג און זיבען נעכט וועט מען טרינקען, זיבען טעג און זיבען נעכט וועט זיין א לעבען...

און די שענסטע מיידלעך פון דער גאנצער מדינה וועלען קו־
מען...

און ער וועט ארומגעהן ביי די טישען און קוקען, און קלייבען.

און די שענסטע וועט זיין ווייב זיין, זיין מלכה זיין...

## פיערטעס קאפיטעל.

**דבורה מוז אנטלויפען.—זי געזעגענט זיך.—ביי דער מכשפה אין דער היי̈ל.**

דבורה, דעם משנה למלך'ס טאכטער, האט שטארק געליטען, זייט די בת מלכה איז אוועק.

זי איז געבליבען איינע אליין.

דער פאטער האט זי קיינמאל נישט ליעב געהאט. מיט איהר געבוירען ווערען האט ער זיך נישט שטארק געפרעהט; דאמאלט איז ער ארעם געוועזען, און אן איבעריג מויל איז שטוב איז נישט געוועזען פון די גוטע זאכען. אז דאס קינד איז אלט געווארען עט־ליכע וואכען, האט ער עס פלוצלונג פיינט געקריגען; ער האט זיך באקלאגט, אז עס איז נישט ז י י ן קינד, אז מען האט איהם דאס קינד אין וויג פארטוישט. שפעטער, אז ער איז געקומען צום מלך אין פאלאץ אריין, האט ער דאך באהאלטען די שנאה ביי זיך אין הארץ און האט קענען זיין איינענער טאכטער געשפילט די זעלבע פאלשע ראלע, ווי קענען אלע.

קוים אבער איז דער מלך מיט דער בת־מלכה ארויסגעפאה־רען, האט ער די מאסקע פון פנים אראפגעווארפען.

דאס ערשטע איז געוועזען, וואס ער האט פארטריבען פון פאלאץ אלע ארעמע און קראנקע, און האט צוגענומען ביי זיין דבורה'ן דעם שליסעל צום מלך'ס אוצרות.

נאך מעהר געליטען האט זי דאך דערפון, וואס זי האט גע־זעהן, ווי דער פאטער איהרער נעמט זיך צו דער מדינה. ער האט פלוצלונג אפגעשאפט אלע אלטע עהרליכע גענעראלען, אלע פאר־דינטע באאמטע פון שטעדט און דערפער ווי אויך אלע עהרליכע שופטים ושוטרים, פון נידעריגסטען ביז'ן העכסטען סענאטאר. גנאס

איז געזעסען אין סנהדרין. די אלע שטעלען האט ער באזעצט מיט פאלשע, שלעכטע מענשען, מיט זיינע שמייכלער און טעלער־לע־קער. וואס זענען גרייט געווען צו העלפען איהם אין אלע בייזע פלענער.

דבורה האט זיך געפרואווט איהם מוסר זאגען, נאר דערמיט האט זי זיך נאר ערגער געמאכט. ער האט איינמאל פאר אלעמאל באשלאסען פון דער טאכטער פטור צו ווערען. ער וואלט זי געטויט, נאר ער האט מורא געהאט פאר דער מדינה, ווייל דבורה איז ביי אלע געווען באליעבט, גלייך מיט דער בת־מלכה. האט ער איהר גע־וואלט חתונה מאכען מיט ווער עס איז פון דער פרעמד, און האט געזוכט פאר איהר א מאן צווישען די רייכע סוחרים פון אנ־דערע מדינות, וואס פלעגען קומען קיין גלויבשטיין יוועגען געשעפט.

איינער אזא סוחר איז איהם שטארק געפעלען. עס איז גע־ווען א דיקער, א הויכער מאן מיט שארפע פינסטערליכע בלי־קען. דער, האט געטראכט דער משנה למלך, וועט זי שוין פון דער האנט נישט ארויסלאזען, און ער האט איהם פון מארק, וואו ער איז געשטאנען מיט סחורה, אהיים געפיהרט אין פאלאץ אריין און פארגעשטעלט דער טאכטער אלס חתן.

זי האט פארבראכען די הענט, א קוואל טרערען האט איהר ארויסגעשפריצט פון די אויגען. די פיס האבען זיך איהר אונטער־געבראכען. און זי איז דעם פאטער געפאלען צו די קני און גע־קלאמערט זיך ארום זיינע פיס. נאר ער האט זי מיט׳ן פוס אוועק־געשטופט.

— מארגען שטעלט מען דיר א חופה! — האט ער ארויסגע־זאגט שארף און איז אוועק פון איהר.

דיזעלבע נאכט איז דבורה אנטלאפען פון פאלאץ.

די סאלדאטען פון דער וואכט האבען זי פאר רחמנות נישט פארהאלטען, און א רחמנות׳דיגע בלאסע לבנה האט איהר באלויכ־טען דעם וועג דורכ׳ן גארטען אין די אפגעלעגענע אלעען.

אנטלויפענדיג, האט זיך דאך דבורה נישט איינגעהאלטען און האט זיך אלע ווייל אפגעהאלטען ביי אן אנדער בלום, און האט זיך מיט איהר געזעגנט און געקושט. און נישט אויף איין רויזען־אדער ליליען־בלעטעל איז געבליבען הענגען איהרס א טרער, ווי א טראפען פרישער טוי.

— ווער ווייס, אויב איך וועל אייך נאָך אמאָל זעהן! — האָט זי געדופען צו די בלומען, צו די בוימער און צו די גאָלדענע פישלעך אין טייך, וואָס זי האָט געוועקט מיט איהרע לייכטע טריט, ווי אויך צו די פייגעל, וואָס האָבען זיך געוויגט צווישען די שטילע צווייגען.

און א שטילער, זעהר א שטילער שאָרך איז איבערגעגאַנ־גען פון צווייג צו צווייג, פון איין בוים צום צווייטען, ווי עס וואָלט געזאָגט: שווייגט! ש—ש—ש... דאָס גוטע, דאָס גאָלדענע מיי־דעלע אנטלויפט, זי אנטלויפט פון איהר פיינעם פּאַלאַץ, פאַר איהר שלעכטען טאַטען, פאַר איהר פאַלשען טאַטען... שווייגט, וועקט נישט קיינעם, שווייגט...

פון דאָרטען איז זי אריין אין א וואַלד.

ביים ערשטען בוים אין וואַלד האָבען אויף איהר געוואָרט דריי משונה'דיגע חיה'לעך, ווייסע ווי מילך, מיט גאָלדענע שטריי־פען און הערנדלעך, וואָס צוויי האָבען געהאַט פון שילדקרעט, און איינס — פון עלפענביין.

דבורה האָט זיך פאַר זיי אפּגעשטעלט און אזוי געבעטען:

— אַ, גוטע חיה'לעך מיט די ווייסע פעלעכלעך, גאָלדענע שטרייפעלעך, שילדקרעטענע און עלפענביינענע הערנדלעך! האָט רחמנות אויף מיר, און ווייזט מיר דעם וועג צו דער הייל, וואו די גוטע כשוף־מאַכערין וואוינט.

און זי זאָגט זיי, אז זי איז נאָך ביינאַכט אין וואַלד נישט געוועזען, אז ביי דער שיין פון דער לבנה זעהט אַלץ אַנדערש אויס, און זי קאָן נאָך פארבלאָנדזשען, און שלעכטע מענשען וועלען זי געפינען און צוריקפיהרען אהין, וואו זי דאַרף נישט און טאָר נישט זיין...

די חיה'לעך האָבען, אפּנים, פאַרשטאַנען יעדעס וואָרט, זיי האָבען געשאָקעלט מיט די קעפּעלעך אויף יאָ און געבוקט זיך א פּאָר מאָל מיט די הערנדלעך צו דער ערד.

דאָס איז געוועזען א סימן, אז זיי האַלטען עס פאַר רעכט און ווילען איהר ווייזען דעם וועג.

און דאָס חיה'לע מיט'ן עלפענביינענעם הערנדעל איז אַרויס־געטראָטען פון דער שורה, און האָט זיך איהר געשטעלט פון פאָ־

רענט; די צוויי מיט די שילדקרעטענע הערנדלעך — רעכטס און לינקס אויףביידע זייטען.

און זיי האבען אנגעהויבען צו געהן.

און זיי זענען געגאנגען און געגאנגען. בערגלעך אראפ, בערג־לעך ארויף, צווישען פארפלאכטענע צווייגען, ביז דבורה'לע האט דערזעהן א פיין־גאלדענעם שטראל, וואס האט ארויסגעשלאגען פון דער ערד.

דאס חיה'לע מיט'ן עלפענביינערנעם הערנדעל האט שטיל דערמיט אנגעקלאפט.

— ווער איז דארט? — האט מען געפרעגט פון אונטער דער ערד.

דבורה'לע האט דערקענט דער כשוף־מאכערינס קול און האט זיך געוואונדערט, ווי אזוי די טויבע האט דערהערט דאס שטילע קלאפען פון קליינעם הערנדעל.

— איך, איך, — קלאפט ווייטער דאס חיה'לע, וואס האט קיין לשון נישט. נאר אין דער אייגענער רגע האט א רויש געטאן צווישען די צווייגען פון א נאהנטען בוים, א ווייסע טויב האט זיך באוויזען און אויסגערופען מיט א קול פון א מענשען:

— מוהמעשי, עפען! דבורה'לע איז געקומען! דבורה'לע מיט די גרויסע, שווארצע אויגען, און האר ווי פלאקס... עפען, מוהמעשי, ס'איז די העכסטע צייט...

די הייל האט זיך געעפענט, און דבורה'לע איז אריינגעקומען און געטראפען די אלטע, זיצענדיג ביי פעדערען, וואס זי האט גע־פליקט אין א גרויסען טאפ אריין.

— גוט'ן אווענט, — זאגט דבורה'לע שטיל; און קוקענדיג פארוואונדערט אויף דעם אלעם, וואס אין הייל טוט זיך, האט זי פארגעסען צו בעטען, מען זאל זי אויפנעמען.

פאר דער אלטער, זעהט זי, שטעהט גאר א קליין לעמפעלע, און עס באלייכט דאך די גאנצע הייל. אינמיטען דער הייל שטעהט א פיין געבעט בעטעל, און זי דערקענט עס: עס איז איהר אייגען בעטעל, מיט איהר בעטגעוואנט, מיט איהר זיידענער, גאלדגע־שטיקטער קאלדרע...

— גוט יאהר, — ענטפערט דערווייל די כשוף־מאכערין.— איך האב געוואוסט, דו וועסט קומען, און איך האב ארויסגעשיקט

מיינע קראָהען, זיי זאָלען ארויס'גנב'ענען פון פאַלאַץ דיין געלע־גער... אויף א פרעמדר בעט שלאָפט זיך נישט גוט...

דבורה'לע שווייגט, נאָך מעהר פארוואונדערט.

און די אַלטע מאכט:

— ביסט מיד, דבורה'לע, טו זיך אויס, לעג זיך שלאָפען. מאָרגען וועקסט דו אַלץ וויסען.

דבורה'לע האָט געפאָלגט, און אַז זי איז איינגעשלאָפען, האָט זיך די אַלטע אויפגעהויבען שטיל, און האָט גענומען אַ שניי־ווייסען פליגעל פון אַ שוואַן און געפאָכט אין דער לופט אין אַלע פיער זייטען, און צוגעברומט שטילערהייט:

גוטע חלומות, קומט
פון אַלע זייטען, קומט
צו דעם גוטען מיידעלע,
צו דעם פרומען מיידעלע,
צו דעם האַרציגען מיידעלע...
צו ר' שלמה'ס טעכטערל...

און פון אַלע זייטען זענען אָנגעפלויגען ווייסע טויבען, מיט שניי־ווייסע כריזאַנטעמען און ליליען אין די מיילער, און זענען שטיל און פיין געפלויגען איבער דבורה'לעס בעט.

## פינפטעס קאַפּיטעל.

אַ פריה־מאָרגען אין הייל.—וואָס טוט זיך אין דער צווייטער העלפט פון דער הייל?—אַ מעשה פון אַ גרויסער נשמה.—ווי אַזוי זי איז געבוירען געוואָרען און איז איינגעשלאָפען.

ויהי ערב, ויהי בקר. און אויף מאָרגען, אַז דבורה'לע האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט זי באמערקט, אַז די הייל איז אָפּגעטיילט מיט אַ פאָרהאַנג, וואָס איז אויסגעשטיקט מיט אַלערליי בלומען און פייגעלעך, פון וועלכע זי האָט נישט געקאָנט אָפּרייסען די אויגען.

— וואס, ווילסטו וויסען, — פרעגט זי די אלטע מיט א שמייכעל, — וואס אין יענער העלפט הייל טוט זיך?...

— ניין, מוהמעשי, אז מען זאגט נישט מיר אליין, פרעג איך נישט...

— אז דו ביסט יא אזוי גוט, — ענטפערט די אלטע, — וועל איך דיר דערצעהלען. דערווייל וועט זיך אפקאכען די מילך, וואס איך האב דיר צוגעשטעלט אויף פריהשטיק.

און די אלטע האט איהר דערצעהלט אזא מעשה:

אמאל האט גאט אראפגעקוקט אויף אונזער ארעמער וועלט, און געזעהן, אז עס פיהרט זיך נישט גוט, אז עס זענען סאמע קליינע, גאר קליינע נשמות, וואס קאנען גארנישט אויסקלערען, און אויב זיי קלערען שוין יא עפעס אויס, קאנען זיי עס נישט אויספיהרען. האט ער געהייסען אראפשיקען איין נשמה כאטש א רעכטע — א גרויסע, א הויכע נשמה.

און עס איז ערגעץ געבוירען געווארען א קינד מיט אזא נשמה. עס איז געווען א אינגעל, און אז ער האט געעפענט זיינע גרויסע אויגען אויף דער וועלט, איז ער פול געווארען מיט צער און רחמנות.

נאר אז ער איז אויפגעוואקסען, האט ער אויך גארנישט אויסגעקלערט, ווייל ער האט קיין צ י י ט נישט געהאט צו קלערען...

ארום און ארום איז אזוי פיעל אומגליק געוועזען, אזוי פיעל אומבאהאלפענקייט, אזוי פיעל צער...

און ער האט זיך גענומען צו העלפען, עצות צו געבען, טובות צו טון... עמיצער פאלט, הויבט ער איהם אויף; עמיצער וויים נישט, ווי אזוי פון וואסער ארויס, דערלאנגט ער איהם א צווייג; עמיצער קאן א לאסט נישט דערטראגען, העלפט ער איהם צו; ווער עס דארף אן עצה טובה, קלערט ער איבער און גיט... און וואו עס האט שוין דאס אויך נישט געהאלפען, האט ער זיין הארפע ארויסגענומען און געזונגען און געשפילט.

און די הארפע האט געהאט א זיסען קלאנג, און זיין שטימע איז נאך זיסער געווען ווי דער קלאנג פון דער הארפע, און זיסער פון ביידע איז געוועזען דאס ליעד אליין, וואס ער האט געזונגען.

ער האט געזונגען פון שפעטערע גליקליכערע צייטען... ווען אלע וועלען ווערען געהאלפען, ווען אלע טרערען וועלען אויסטריקענען,

אלע קרענק פארשווינדען, אלע עולות פארגעהן, און אלע, די שוואכסטע אפילו, װעלען גליקליך זיין...

— צי איז דאס אמת? — פרעגט דבורה...

— אי, ווי דיינע אויגען האבען זיך אונטערגעצונדען! — ענטפערט די אלטע... — נאר צי עס איז אמת? איך ווייס נישט; ער האט געזונגען, און מענשען האבען געגלויבט, און דערפון אליין איז זיי לייכטער געווארען דאס לעבען...

מיט דער צייט האט ער א שם אויף דער מדינה באקומען, און וואס מעהר שם ער האט געהאט, מעהר ארעמע, מעהר אומבאהאל־פענע, מעהר אומגליקליכע האבען באדארפט זיין הילף... און ער איז דאך געווען איינער, איינער אליין...

— גאט, — האט ער זיך איינמאל געשטעלט מיט א טענה צום הימעל — פארוואס האסט דו מיך נאר איינעם באשאפען? ווי קאן איך איינער אלע, אלע העלפען?

און א בת קול ענטפערט איהם פון הימעל:

— איך האב אן אדם הראשון באשאפען, און פון איהם איז די וועלט ארויס. זוך דיר דיין חוה'ן...

און ער האט אלץ פארלאזט און אנגעהויבען זוכען...

ער האט אבער נישט געפונען... עס איז זעלטען אן אמת'ע חוה... נישט געקינצעלט, נישט געפעלשט, נישט קינדיש־נאריש־נא־שעריש... און ער האט זיך נאך א צייט ווייטער געשטעלט מיט א טענה צו גאט:

— איך געפין נישט! — זאגט ער.

און פון הימעל האט מען איהם געענטפערט:

„אז דו קאנסט נישט זוכען, ווארט, ביז מען וועט דיך זוכען און געפינען..."

און מען האט איהם איינגעשלעפערט דא אין דער הייל; און ער שלאפט שוין לאנג, לאנג.. און מיך האט מען ביי איהם פאר א וועכטערין געשטעלט, עס זאל איהם אין שלאף קיין בייז נישט געשעהען...

— ווי לאנג שלאפט ער שוין, מוהמעשי?

— מעהר ווי הונדערט יאהר... מעהר... ווילסט איהם זעהן, דבורה'לע?

דבורה ציטערט אויפ'ן גאנצען לייב און קאן פון מויל קיין וואָרט נישט ארויסברענגען.

די אלטע ציהט ביי א שנירעל, דער פאָרהאַנג צושפּרייט זיך, און אין דער צווייטער העלפט הייל באווייזט זיך א שלאָפענדיגער יונגערמאן, שעהן ווי א חלום פון אן אומשולדיג יונג מיידעל...

דבורה איז פּלוצלונג ארויסגעלאָפען פון הייל אין וואלד אריין. די אלטע האָט איהר נאכגעקוקט מיט א שמייכעל און באלד דער־נאך ארויסגעבויגען דאס אלטע קעפּעל פון דער הייל און א פּייף געטאן. די דריי חיה'לעך האבען זיך אויף איהר פּייף, אין דער זעלבער סעקונדע, אויף דער ראנד פון דער הייל באוויזען.

— וואס איז דיין פארלאנג, נשמה פון וואלד? — האבען זיי געפרעגט.

און מיט'ן בליק האט זיי די אלטע אנגעוויזען אויף דבורה'ן, וואס האט נאך צווישען די בוימער געמינעט, און ווייטער געלאפען.

— וואס איז מיט איהר געשעהען?

— א חלום, — שמייכעלט לייטזעליג די אלטע, — איז איהר, אינ'ם מיידעל־הארץ געבוירען געווארען, און ווי אויף פליגעל טראָגט זי דער חלום. היט זי און ברענגט זי אוועקט־צייט צוריק אריין אין דער הייל.

— גוט!

און די חיה'לעך זענען פארשוואונדען.

## זעקסטעס קאפּיטעל.

**די צווייטע נאכט אין דער הייל. — דבורה וועקט זיך אומרוהיג אויף.—וואס זי זעהט און הערט.**

די צווייטע נאכט איז דבורה אומרוהיג געשלאָפען. דער חלום האט אין איהר מיידעל־הארץ געוואקסען, די פליגעל צושפּרייט. אבער נישט דאס אליין האט זי פון שלאף אויפגעוועקט. מעהר, פּיליכט, די זארג וועגען שולמית דער בת־מלכה און איהר פאטער — שלמה דער מלך.

זי וועקט זיך, און נאך מיט געשלאָסענע אויגען טראכט זי:

וואו זענען זיי?

וואו וואנדערען זיי אצינד?

וואס האבען זיי איבערגעלאזען די מלוכה אין שלעכטע הענט, אומגליקליכע און ארעמע — אהן הילף?...

וואכענדיג וועט זי איבער'ן מויל אויפ'ן פאטער קיין בייז ווארט נישט ברענגען. אין הארץ ווייס זי דאך, ווי שלעכט איהר פאטער איז. אומזיסט פלאגט זי זיך אוןווארפט זיך פאר, פארוואס זי האט איהר פאטער נישט ליעב! זי קאן איהם נישט ליעב האבען — שלעכט איז ער, זעהר שלעכט! אז שלמה, ווייס זי, דער ריכטיגער מלך, וועט נישט צוריקקומען, וועט ער פון וואונדערלאנד א חורבה מאכען, פון גלויבשטיין וועט א גיהנום ווערען... פון תפיסה וועלען ארויס גענעראלען און ריכטער, און עהרליכע לייט וועט מען שמידען און אין פינסטערע גריבער אריינווארפען.

און פון שולמית וואס וועט זיין?

און איהר הארץ באנגט און ציטערט.

און זי עפענט די אויגען און זעהט:

פון עטליכע ברענענדיגע קוילען, וואס זענען אויפ'ן קוימען געבליבען, פליסט איבער דער גאנצער הייל א העלע, רויטליכע שיין. די ווענט ארום זיינען באדעקט מיט גרינע צווייגען און פארשידענפארביגע בלומען, און דאס אלץ, דאכט זיך, וואקסט און בליהט אין דעם רויטליכען גלאנץ. און רוהיג און שטיל פלאטערט דער פארהאנג, וואס טיילט אפ די נישע, וואו יענער שלאפט, פון דעם רעשט הייל, און אינ'ם רויטען גלאנץ דאכט זיך, אז די היבשע פייגעלער און קליינע פליגעלער, מיט וועלכע דער פארהאנג איז אויסגעשטיקט, לעבען, ציטערען און ריהרען מיט די פליגעלעך... זיי ציטערען און צאפלען, גלייך ווי זיי וואלטען געוואלט זיך אפרייסען פון דעם פארהאנג און אוועקפליהען אין דער ווייטער וועלט אריין!

זי וואלט זיך פון דעם פארהאנג נישט אפגעריסען!

אך, ווי וואלט זי געוואלט, דער פארהאנג זאל זיך שטארקער אביסעל באוועגען, עטוואס עפענען, עס זאל זיך די קלענסטע שפאלטע מאכען, זי זאל איהם נאך אמאל זעהן! כאטש איין שטראל זאל צו איהר פון זיין ליכטיג פנים אראפ!

נאר וואס העלפט עס! נישט פאר איהר האט איהם דער הי־מעל איינגעשלעפט... וואלט שולמית דא געוועזען!

נאר זעהן וויל זי איהם, זעהן מעג זי איהם! נאר זעהן!

זי דערשרעקט זיך דאך פאר איהר אייגענעם געדאנק. גלייך ער וואלט זינדיג געוועזען, און קוקט זיך אום צו דער אלטער.

און די אלטע שלאפט נישט.

אויף א דרייפיסיג בענקעלע זיצט זי אין א ווינקעל פון דער הייל. א וואונדערליך־ווייסער שימער הויבט זיך, ווי א לופטיגע קרוין, איבער איהרע ווייסע זילבערנע האר. מיט א געבויגענעם קאפ זיצט זי און קוקט צו זיך אויף דעם שויס... זי קוקט אזוי ערנסט, אזוי טיף!

זי זעהט — ביי דער אלטער צופוסענס ליגען מאסען קנוילען פון פארשידענפארביגען פארעם, און די קנוילען ריהרען זיך, ווי פון זיך אליין, און די פארשידענפארביגע פעדים הויבען זיך פא־מעלעך, גאנץ פאמעלעך ארויף צו דער אלטערס שויס, און וועבען זיך דארט אריין אין א ראם, אין א גאלדענער, בליצענדער ראם.

צי איז זי וואך, צי זעהט זי א חלום?

— מוהמעשי, דו שלאפסט נישט? — פרעגט זי אביסעל דערשראקען.

— ניין, טאכטער! איך שלאף נישט... איך שלאף קיינמאל נישט! איך בין דאך די נשמה פון וואלד, די נשמה פון וואלד בין איך, יא! און א היטערין בין איך אויך! איך טאר נישט שלאפען... דער וואלד וואלט גאר אינגאנצען איינגעשלאפען. און דו וואלסט מארגען אפגעשיילטע בוימער געפונען, פארוועלקטע בלעטער און בלומען, און טויטע חיה'לעך... מיסט און פגרים וואלט פון אלץ געווארען, ווען איך שלאף איין!... און ער, דער — הינטער דער פארהאנג דארט, וואלט זיך שוין קיינמאל נישט אויפגעכאפט...

דבורה'לען ווערט באנג.

— וואס דען טוסט דו, מוהמעשי?

— איך, טאכטער? איך טו גארנישט, דערוויל גארנישט! איך קוק נאר! איך קוק נאר און זעה, וואס עס טוט זיך! אז די צייט וועט קומען, וועל איך עפעס טון, מיינס טון, געוויס... מיין פארעם וועט זיך אויך אריינוועבען!...

— און וואס, מוהמעשי?

— אין דעם, וואס עס טוט זיך...

— וואס טוט זיך, מוהמעשי?

— ווילסט זעהן, טאַכטער?

— איך מעג?...

— אביסעל... קום!... שטעל דיך הינטער מיר, געשווינד! כל־זמן די קוילען ברענען!

און דבורה שפּרינגט אראָפּ פון דעם בעט, שטעלט זיך הינטער דער אַלטער און קוקט אויף דעם, וואס וועבט זיך אויף דער אַלטערס שוים...

— איך זעה גאָרנישט, מוהמעשי! — רופט זי אויס אַנטוישט.

— קוק בעסער, וויש דיר דריי מאָל די אויגען אויס...

דבורה טוט עס און שרייט אויס מיט פרייד:

— איך זעה, איך זעה, מוהמעשי!

— נאַר, שטיל! דעם וואלד וועקען טאָר מען נישט! וואס זעהסט דו, קינד?...

— א פּלאַץ זעה איך, א שטילען מאַרק, — דאַכט זיך... אין א ראַם פון קליינע, שטילע הייזלעך.

— א מאַרק איז עס.

— א שטילער מאַרק...

— לער?

— וואַרט, מוהמעשי... איך זעה שוין, — צוויי געשטאַלטען זעה איך... אָרעמע לייט, פאַרפּעצטע, צוריסענע קליידער...

— שמאַטע־קליבער?

— דאַכט זיך... אַן אַלטער מאַן מיט א יונג מיידעל...

— קוק דיך בעסער צו, וועסט זיי אפשר דערקענען!

— גאָט מיין איינציגער! — איז דבורה אויפגעשפּרונגען.— שולמית! דער קעניג!

— נאַר, שטיל... נאָך נישט צייט. יענעם, דאָרט הינטער דעם פאַרהאַנג, צו וועקען...

— וואס טוען זיי, מוהמעשי?

— זיי וואַנדערען... זיי וועלען באַלד אַריבער די גרענעץ פון וואונדער־לאַנד... אזוי ווי די טויב האָט געראָטען...

— זיי שטעהען דאָ...

— דער מלך שלמה איז אביסעל פארזארגט.

— פארוואס? עס איז איהם שווער אויף דער עלטער צו וואנדערען?

— ניין, קינד. ער האט באמערקט, אז מען רייט זיי נאך...

— שלעכטע מענשען, מוהמעשי?

— גזלנים!

— זיי ווילען זיי שלעכטס טון?

— זיי ווילען.. .נאר זייערע פעדים וועבען זיך ארוים פון דער ראם... שארט נישט!

— און שולמית, זי האט אויך מורא?

— זי ווייס נישט דערפון...

— עפעס שטעהט זי פארטראכט.

— זי קוקט.

— אויף וואס, מוהמעשי? עס דאכט זיך, אז די גאנצע נשמה קוקט איהר פון די אויגען ארוים...

— קוק לינקס צו דער ראם צו. וואס זעהסט דו, קינד?

— א פענסטערל זעה איך... א פענסטערל פון א קליין הייזעל, ווי א גרינ־באדעקטע סוכה...

— און אין פענסטערל?

—...זיצט איינער, א יונגערמאן... ער שטיקט... אויף גע־שווירענעם סאמעט מיט גאלדענע פעדים שטיקט ער... און אדלער שטיקט ער... ביי די פליגעל ארבייט ער... ווי די פליגעל, די גאל־דענע פליגעל וואקסען אונטער זיינע געשיקטע, ווייסע, אלאבאס־טער־ווייסע הענט... גאלדענע פליגעל... נאר גאלדענער איז דער גלאנץ פון זיינע בלויע, ריינע און טיפע אויגען... א טייך איז אויך אזוי אמאל... בלוי, קלאר ווי דער הימעל, און טיף, זעהר טיף... ווי די אויגען שטראלען!...

— מיט נחת.

— וואס פאר א נחת?...

— מיט דעם נחת, מיט דער פרייד, מיט וועלכע גאט האט די וועלט באשאפען... ווער עס באשאפט, דער שטראלט אזוי... און די ליכט פון די אויגען וועבט זיך אריין אין דעם, וואס מען באשאפט... און דער גלאנץ בלייבט אויף אייביג אין דער ארבייט, אויף דעם

באשאפענעם, און ווער עס זעהט עס, צו דעם איז דער נשמה אריין שטראַלט אריין דער נחת, די פרייד...

— פארשטעהסט מיך, קינד?

— איך פ י ה ל עס, מוהמעשי. נאר וואס ציטערען אזוי זיינע ליפען?

— דאס זינגט ער אזוי, טאַכטערשי. ווער עס ארבייט און באשאפט אין דער ארבייט, דער זינגט! דער געזאנג ווערט אויך אין דער ארבייט אריין פאר'כשופ'ט!

— אז משיח וועט קומען, וועלען אלע אזוי ארבייטען!

— עס געפעלט דיר, טאַכטערשי?

— יאַ... זעהר... נאר י ע נ ע ר געפעלט מיר מעהר!

— יענער, הינטער דעם פאַרהאַנג?

— יאַ...

— אי, ווי דיין אטעם פיהלט זיך היים, ער שמעקט און איז היים! אזוי צופלאַטערט אמאל א רויז, א זיסע רויז... יאַ, קינד... וואס זעהסט דו ווייטער?

— ווי שולמית קוקט אויף איהם!... עס איז אפשר איהר באשערטער, מוהמעשי?

— אפשר!

נאר דבורה דערמאַנט זיך עפּעס און רופט אויס דער־שראַקען!

— זאל זי אוועקגעהן, מוהמעשי! זאל זי אנטלויפען! זי טאר נישט, געשוואוירען האט זי!

— און דו רעדסט צופיעל! — האט זיך די אלטע אנגערופען מיט א געלעכטער.

אין דער זעלבער רגע האבען זיך די קוילען פארלאשען, דאס געוועבעכטס איז פארשוואונדען, און די הייל איז געבליבען באַ־לויכטען פון פריהמארגען, וואס האט זיך אריינגעריסען דורך דער שפּארע אין דער הויך.

— זוער עס וויל זעהן, מוז שווייגען. — מוסר'ט זי די אלט־ מיט גוטען.

# צווייטער טייל.

## זיבעטעס קאפיטעל.

**ווי עס וואנדערט זיך אין וואונדערלאנד און — נאך דער גרענעץ פון וואונדערלאנד.—די ארבייט דא און—דארט.—ווי מען קוקט אויף פרעמדע אין דער פרעמד.—„העלף דיר אליין" און „בעטלען איז שטרענג פארבאטען."— דער בת־מלכה׳ס ודוי.**

בארוהיגט, האט דבורה צוריק די אויגען פארמאכט און איז איינגעשלאפען, אדער וואכענדיגערהייט איהר זיסען חלום פון יע־נעם, אין דער צווייטער העלפט פון דער הייל, ווייטער אין דער שטילער נשמה געשפינט. און מיר וועלען זיך באנוצען מיט דער צייט און זעהן, וואס עס טוט זיך מיט׳ן מלך און מיט דער בת־מלכה.

דאס שווערסטע ביי אונז, דאס, וואס א בעל־תשובה נעמט ביי אונז אויף זיך, אפצוקומען פאר די שווערסטע זינד — דאס וואנדערען, „גלות־ליידען"—איז אין וואונדערלאנד זעהר א לייכטע זאך, און פארשאפט נאך פיעל פארגעניגען.

דא, וואו מענשען זענען גוט, איז אלץ גוט; פיהלט מען זיך אומעטום היימיש.

אויף וואס דו ווארפסט אן אויג, דאס באגעגענט דיך מיט נחת, מיט שלום; דאס שמייכעלט דיר אקעגען; פון קלענסטען גרעזעל אין וואלד ביז דער העכסטער, צום הימעל געוואקסענער סאסנע, ביז׳ן שטארקסטען, צולעגטען דעמב — לאכט דיר אלץ אקעגען! טויזענטערליי פארביגע שוואמען ניקען דיר צו מיט די פיינע קאפעלושען; די בלימעלעך רוקען ארויס פון גראז די קעפלעך און רופען צו דיר: „גוט מארגען"; הויך־געקרוינטע ביי־מער פארבעטען דיך אין זייער שאטען צום זיסען אפרוהען...

טרעפסט דו א האלצהעקער אין וואלד, לעגט ער, אז ער דער־

זעהט דיך נאָר, די האַק פון האַנט אַרויס און געהט מיט דיר, ווייזט דיר, וואו, פון וועלכען בוים עס רינט אַ דערפרישענדיגער זאַפט; וואו, פון וואַנען עס שפריצט אַרויס אַ העל־לעבעדיגער קוואַל; וואו, אויף וועלכע בוימער עס האַלטען זיך ביהנען מיט האָניג... אַלץ וואס דיין האַרץ נאָר פאַרגלוסט!

אַזוי גוט איז דיר אויך דאָס פעלד, וואו דער פויער אַרבייט מיט געזאַנג; הערצליך באַגריסט ער דיך און ווייזט דיר זיין „קאַ־ביאַלקע“ מיט מילך און ברויט, וואָס איז פאַר דער זון באַהאַל־טען. — „עס“, בעט ער זיך; און איבער זיין קאָפּ פליהען אַרום זינגענדיגע שוואַרען פון פייגעל. ער יאָגט זיי נישט, ער קאַרגט זיי קיין קערנדעל נישט, גאָטס ברכה איז פאַר אַלע, און זיי פליהען אַרום איהם און זינגען איהם צו צו דער אַרבייט... און די פייגעל דערקענען באַלד, אַז דו ביסט אַ פרעמדער, און באַגריסען דיך, און זינגען דיר אַ זמר — אַ גרוס פון דער היים... „געוועזן דאָרט“ — הייסט עס — „געוועזען! אַלע, ברוך השם, געזונט!“

און וואו דו לעגסט דיין קאָפּ נישט אַנידער, אויף גינגאַלדע־נעם, ווייכען מאָך, אויף גאָלער ערד, אויף אַ האַרטען, דאַכט זיך, שטיין, — שלאָפסט דו אַלץ רוהיג און געזונט איין... שמעקענדיגע לופטלעך שוועבען דיר אַרום פנים, רוימען דיר די שענסטע חלומות אין אויער אַריין, און ווינשען דיר: „שלאָף, גוטער מענש, שלאָף — דאָ וועט דיר קיין בייז נישט געשעהען.“

אין שטאָדט איז אויך נישט ערגער.

די הייזער זענען אָפען, ווי די מענשליכע הערצער! דו געהסט דורך דער גאַס, און די, וואָס אַרבייטען אין טירען און פענסטער, באַגלייטען דיך מיט גוטע אויגען, מיט האַרציגע ווערטער: „געה“, אָדער „קום געזונט“, הייסט עס; און מען טיילט זיך מיט דיר מיט'ן לעצטען ביסען, מיט'ן לעצטען טראָפּען...

נאָר וואונדערלאַנד האָט אויך אַן עק, און שלמה דער זיבענ־און־צוואַנציגסטער און זיין טאָכטער, די בת־מלכה, זענען, פאַר־קליידט אין שמאַטע־קליידער, שוין אַריבער די גרענעץ...

אַזוי האָט די טויב געהייסען... ווייט, ווייט פון לאַנד; אין דער פרעמד וועט זיי קיינער נישט דערקענען!

און זיי וואַנדערען ווייטער, און וואָס ווייטער פון דער גרע־נעץ, ווערט אַלץ די רייזע שווערער און לעסטיגער. אַנדערע

שטעדט, אנדערע פעלדער און וועלדער, עס האט זיך אלץ איבער־געביטען; קלוגע און שלעכטע מענשען וואוינען אין די שטעדט, און זיי האבען זיך אליין אין די הייזער ווי אין תפיסות פארשלאָסען, אויף שלעסער און ריגעל פארמאכט!

יעדער טויער איז באוואכט; ביי יעדען טויער קוקט מען דיך אן מיט חשד, אויגען און מיילער פרעגען דיך: ווער ביסט דו? וועמען האסט דו דא?

בפרט אויף מיסט־קלייבער קוקט מען ביין! יעדער רוקט זיך אפּ, ער זאל זיך נישט אפּווישען אין שמוץ:

„ווייטער, ווייטער, מיסט איז הינטער דער שטאדט, דארט קלייבען אלטע ווייבער די אלטע שמאטעס! אהין! אהין!“ — טרייבט מען זיי פון די שטעדט.

און די אלטע ווייבער הינטער דער שטאדט טרייבען זיי אויך אוועק:

„אונזער מיסט, — נישט פאר פרעמדע געמאכט; אוי,זער חזקה! היימישע האבען אויך קוים גענוג!“

און דער מלך מיט דער מלכה וואנדערען אלץ ווייטער און ווייטער...

און דער האלצהעקער אין וואלד קוקט אויף זיי מיט בייזע אויגען, און דער פויער אויפ׳ן פעלד ענטפערט אויף „גאט־העלף“ מיט א מאוס׳ער קללה...

— פארוואס, טאטעשי, — פרעגט שולמית, — זענען זיי אזוי ביין?

— ווייל זיי ארבייטען שווער און אהן חשק. ביי דער ארבייט אהן נשמה קאן נישט געראטען; וואקסען דערנער צווישען די זאנגען, און כל׳עס בייז קומט אין די געדאנקען אריין! פארשאלטענע מענשען זענען זיי. פארשאלטען איז זייער ארבייט, פארשאלטען דער וואלד און דאס פעלד... מיט חיות רעות איז פול דער וואלד, מיט דערנער דאס פעלד און מיט קללות דאס הארץ; זיי זענען אויך דערנער, ברענענדיגע דערנער!

און קיין פרייען פויגעל אין דער לופט זעהט מען נישט; מען שיסט אין זיי, צוליעב דעם קלענסטען נוצען, און אויך גלאט אזוי

פאר שלעכטקייט, דאס הארץ אפצוקיהלען, אדער א קונץ צו באַ־ווייזען — אנטלויפען זיי, די פייגעל... פליהען זיי שטיל דורך אין פארוואלקענטע, שטומע נעכט, און קיין מענשליך אויער האט שוין לאנג זייער געזאנג נישט געהערט...

און אויך קיין בלומען זעהט מען נישט... אויסגעריסען ווערען די בלומען; אויף זייער ארט, ווערט עפעס ניצליכעס פארזייהט... און אלע היימישע חיות און בהמות האט מען אויסגעקוילעט און אויפגעגעסען...

און א מענש אהן בלומען, פייגעל און היימישע חיות קאן קלוג זיין, אבער נישט גוט... יעדער האט נאר ז י ך אין זינען. און ווער עס קאן זיך אליין נישט העלפען און הויבט־אן פאלען, פאלט ער, און עס וועט איהם קיינער קיין האנט נישט אויסשטרעקען אונ־טערצוהאלטען, קיין ביסען דערלאנגען, דאס הארץ צו דערקוויקען, קיין טראפען וואסער, די ליפען זאלען נישט פארברענען!

און ווער עס פאלט ארויס פון דער קאלעע פאלט אנידער און שטארבט אין דער שטיל, אדער הויבט זיך אויף, אנדערע אויף זיין ארט צו טויטען...

און פול זענען די טראקטען מיט רוצחים און גזלנים, און פול מיט מיליטער און פאליציי, וואס יאגען זיי נאך טריט ביי טריט...

און די לופט איז פול נישט מיט געזאנג, נאר מיט קללות און געשיסעריי...

און דא וואנדערט דער מלך מיט דער בת־מלכה אין שמאטעס־קלייבער פארשטעלט; דאס געלט, וואס זיי האבען געהאט, איז זיי אויסגעגאנגען, צום אומגליק האבען זיי נאך פארבלאנדזשעט, פרעג־גען זיי פון וואונדערלאנד, לאכט מען זיי אויס: עס איז אין ק י י ן געאגראפיע קיין „וואונדערלאנד" נישט באצייכענט! אלטע ווייבער פלעגען אמאל פלוידערען פון וואונדערלאנד, אלטערטומס־פארשער האבען אמאל אזוינע אלטע קינדער־ליעדער געפונען, וואס האבען פון אויסגעטראכטע וואונדערלאנד געזונגען, נאר היינט האט מען דאס אלץ פארוועהרט... דעם קלענסטען קינד טאר מען היינט קיין שקרים נישט דערצעהלען; אמת גילט, ריינער, נאקעטער אמת...

— משוגעים! — שאקעלט מען מיט די קעפ.

וואָלטען זיי ה י י מ י ש ע געוועזען, וואָלט מען זיי אפשר אין דולהויז פאַרמאַכט: פ ר ע מ ד ע היילען און שפּייזען וויל מען נישט, טרייבט מען זיי: ווייטער, משוגעים! ווייטער, ווייטער!

און פון אַנשטעל איז אַן אמת געוואָרען!

דער מלך מיט דער בת־מלכה זענען אמת'ע שמאַטע־קלייבער געוואָרען...

כל זמן עס איז זומער געוועזען, האָבען זיי זיך נאָך אויף זייער מזל נישט באַקלאָגט... „די טויב ווייסט, וואָס זי האָט גע־הייסען. עס וועט זיך אַלץ אויסלאָזען צום גוטען", — טראַכט דער מלך שלמה, און שולמית טרייסט זיך מיט איהר איינציגען גע־דאַנק: „מיין פאָטער וועט לעבען, לעבען! געלויבט איז גאָט, עס וויל קיינער אויף מיר נישט קוקען!"

מאַנכעס מאָל האָט זי דאָך געזיפצט. צי האָט זי אהיים גע־בענקט, צי קאָן זי, ווי דער פאָטער שמייכעלט אוים איהר מיט גור־טען, דעם קונסטשטיקער ביי דער גרעניץ נישט פאַרגעסען? נאָר עס האָט זיך נאָך לייכט געזיפצט...

אַנדערש איז אָבער געוואָרען ווינטער־צייט.

אַ שווערער ווינטער, וואָס מען זעהט גאַרנישט אין וואונדער־לאַנד, האָט פאַרקאַוועט די ערד. פּלוצלונג איז ער אַנגעקומען, ווי אַ ווילדער רוצח באַפאַלען, און נאָך זיין ערשטען הויך איז געפאַלען! אַ רעגען פון דערפרוירענע פייגעל...

און אַלץ איז שטאַר און געפרוירען...

און אויף שלמה דעם זיבען־און־צוואַנציגסטען איז אַ שווערערע שטראָף געקומען, ווי אויף זיין אור־אור־עלטער־זיידען...

אין צעריסענע קליידער וואַנדערט ער מיט שולמית זיין טאָכ־טער, פאַרהונגערט, דערפרוירען... אפשר וואָלט ער אויך שוין גע־רופען: „אני שלמה", נאָר ער ווייסט, אַז דאָ גלויבט מען נישט, נישט נאָר אין שלמה'ן, נאָר אפילו אין זיין מלוכה — אין וואונדער־לאַנד...

און „בעטלען" איז שטרענג פאַרבאָטען. אויף אַלע טירען און טויערען הענגען פאַרגילדטע טעוועלעך: „בעטלען איז שטרענג פאַרבאָטען"... איינמאָל האָט דער אַלטער אויסגעשטרעקט די הענט, און אַ באַרמהאַרציגע דאַמע האָט איהם נישט איבערגעגעבען דער

פאַליציי, און מיט רחמנות דערלאַנגט — **אַ בראַשורע,** **זעהר** אַ קלוגע; געהייסען האָט זי, די בראַשורע: „העלף דיר אַליין!“

און ער העלפט זיך ווי ער קאָן. ער בויגט זיך איבער׳ן מיסט הינטער דער שטאָדט, און גראַבעלט מיט די פאַרשטאַרטע הענט. די אַלטע ביינער קנאַקען... אַ פרייע וועלט, נאָר אַז מען איז מיסט־קלייבער, גלויבט מען עס!

און אַקעגען שטעהט די בת־מלכה... שוואַך זענען איהרע הענט, פון פראָסט פּלאַצט איהר די דינע הויט, דאָס גראַב־אייזען לעכערט איהר דאָס פלייש...

זי גראַבט, און טראָפּען בלוט רינען פון דער פאַרוואונדעטער האַנט און ווערען צוגעפרוירען צום גראַב־אייזען...

דאָס האָט דער אַלטער מלך קאַלטבלוטיג צוזעהן נישט גע־קאָנט.

ער האָט זיך צואוויינט.

— האָסט געזינדיגט, טאָכטער! — האָט ער אויסגערופען מיט ביטערקייט, — און דאָס איז אונזער שטראָף...

— געזינדיגט? — שטאַמעלט שולמית.

— יאָ, טאָכטער... שטאָלץ ביסט דו געווען אין האַרץ, זעהר שטאָלץ! האָסט געוואָלט זיכער זיין מיט דיין גליק, אין דער האַנט האַלטען... גאָט אָבער וויל נישט אַזוי! גליק איז נישט קיין פּויי־געלע צו האַלטען אין שטייג! ער וויל, אַ מענש זאָל האָפען און גלויבען! מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגען זאָל יעדערער נאָכגעהן זיין שטערן, זיין מזל, אַזוי וויל ער!

שטיל שווייגט שולמית, און שלמה זאָגט ווייטער:

— דאָס איז גאָטס שטראָף... מיר וועלען שוין דאָ בלייבען... מיר וועלען שוין גלויבשטיין און וואונדערלאַנד צוריק נישט זעהן!

שולמית רעכענט אויך, אַז דאָ איז דער סוף פון אַלעם.

„אַצינד — טראַכט זי — מעג איך איהם אויסזאָגען אַלץ, אַלץ.. זאָלען מיר כאָטש געהן פון דער וועלט אָהן סודות איינער פאַר׳ן צווייטען, מיט אָפענע הערצער! זאָל מיין פאָטער מיך אומ־זיסט נישט באַשולדיגען!“

און זי פאַלט צו צום פאָטער און נעמט איהם אַרום און, סו־שענדיג, און האַלזענדיג, דערצעהלט זי איהם אַלץ...

נישט שמאלץ איז זי געווען, נאר פאר זיין לעבען האט זי געפארכט...

דער קוקו האט געזאגט, די כשוף־מאכערין... ער וואלט נאר ביז צו איהר חופה דערלעבט...

מיט קאלטע, געפלאצטע ליפען קושט זי דער אלטער שלמה:

— שרעק זיך נישט, אויב אזוי, — רופט ער אוים מיט פרייד, — וועט אונז גאט העלפען! וועט ער אונז נישט פאר־לאזען...

אין דער זעלבער רגע האט זיך דערהערט א דעמפיג געקלאנג פון דער ערד און פון ווייטענס האבען זיך צוויי רייטער באוויזען... אויף ווילדע פערד, וואס זענען ווי אדלער געפלויגען, מיט בלאנקע שווערדען אין די הענט.

— ראם זענען זיי, ראם! — האט איינער גערופען צום צווייטען, — און דא וועט זיין זייער עק!

— רוצחים! — האט שלמה אויסגעשריען מיט שרעק, און האט אומזיסט געזוכט מיט די אויגען אן ארט, וואו צו אנטרינען, וואו זיך צו באהאלטען — א פריי פעלד, אהן א הייל און אהן א בוים...

— זאל אונז בעסער די ערד איינשלינגען! — האט ער אויס־גערופען, — איידער זיי אין די הענט אריינצופאלען!

## אכטעס קאפיטעל.

**אין א גוטער שעה.—א געהאנגענעמס מויל.—וואס די ערד ווארפט ארוים.**

זוען שלמה דער זיבען־און־צוואנציגסטער און זיין טאכטער, די בת־מלכה שולמית, זאלען געווען, חס ושלום, אומקומען פון גזלנ'י־שע הענט, וואלט קיין מעשה נישט געווען, אדער עס וואלט גע־ווען א שלעכטע מעשה, און שלעכטע מעשיות דער־צעהלען נאר שלעכטע, פארביטערטע מענשען.

רעם וואונש, „די ערד זאל זיי בעסער איינשלינגען, איידער

צו קומען אין גזלנ׳ישע הענט״, האט שלמה אויסגערופען אין דער רעכטער מינוט.

אין א גוטער שעה האט זיך די ערד אונטער איהם געשפאלטען, און ער מיט דער טאכטער זענען אריינגעפאלען; א רויטער, פלא־מענדיגער גלאנץ האט זיך ארויסגעריסען, ווי א רויטער בליץ, ער איז פארשוואונדען, און די ערד האט זיך צוריק צוגעשלאסען.

ביידע גזלנים זענען שטעהן געבליבען פארבליפט.

אז זיי זענען אביסעל צו זיך געקומען, האבען זיי פארשטא־נען, אז עס איז נישט פראסט.

— וואס קאן עס זיין? — פרעגט איין גזלן דעם צווייטען.

— איך וועל באלד ווייסען, — ענטפערט דער צוויימער. — איך טראג שטענדיג מיט מיר מיין געהאנגענעם טאטענס מויל,— געהאנגען האט מען איהם פאר פיערצעהן גנבות אין איין וואך,— און וואס איך פרעג עס, ענטפערט עס מיר.

אזוי רעדענדיג, האט ער ארויסגענומען דאס מויל און האט עס אנגעהויבען פרעגען.

— מויל, מויל! — מיין טאטענס, עליו השלום, דעם גע־האנגענעמס מויל! — וואס איז דא אזוינס?

און דאס מויל האט געענטפערט מיט א דעמפיג קול, ווי פון ערגעץ אונטער דער ערד:

— א הייל פון א רייכען קארליק.

— און וואס איז די פלאם געוועזען?

— דער אפגלאנץ פון די בערג גאלד, וואס ער זאמעלט אין דער הייל... אוצרות גאלד האט ער.

ביי ביידע גזלנים האבען אויפגעפלאמט די אויגען פון תאוה צום גאלד.

— זאלען מיר איינרייסען די הייל? — פרעגט איינער דעם צווייטען.

— דאס נישט! — ענטפערט דער צווייטער. — ערשטענס איז די ערד צו געפרוירען, מען זאל זי קאנען שפאלטען, צווייטענס האב איך פאר א קארליק מורא, אלע קארליקעס זענען כשוף־מא־כער, און דריטענס — ווער עס וויל ארבייטען, ווערט קיין גזלן נישט.

— וואס רעו טוט מען?

עס בלייבט, זיי זאלען דאווארטען, ביז די ערד וועט זיך נאך אמאל שפאלטען; וואס עס האט איין מאל געטראפען, קאן נאך אמאל געשעהען.

און די גזלנים שמועסען זיך אפ, צו האלטען וואך, ביז עס וועט זיך עפעס באווייזען.

דערווייל איז צוגעפאלען דער אווענט, און כדי נישט איינ־צושלאפען און געפרווירען צו ווערען, באשליסען זיי זיך, דורכצורע־דען די גאנצע נאכט.

נאטירליך, רעדען גזלנים נישט פון מצוות און מעשים טובים. פריהער האבען זיי זיך איינער דעם צווייטען דערצעהלט פון זיך אליין; געלויבט זייערע גבורות ביי רציחות, און חכמות ביי גנבה'שע זאכען. דערנאך, אז עס האט זיי אייגענע גנבות און גזלות פארפעהלט, האבען זיי אנגעהויבען רעדען פון אנדערע גזלנים. דאס האט אבער אויך נישט געניגט אויף א לאנגע ווינ־טער־נאכט, און ענדליך האט איינער א הויכען געגעץ געטאן און געפרעגט:

— טאמער ווייסט דו, ברודער, נאך וואס די קארליקעס זאמ־לען גאלד?

— איך וויים, — האט דער צווייטער געענטפערט, — איך האב שוין אמאל דעריבער מיין געהאנגענעם טאטענס מויל גע־פרעגט, און עס האט מיר דערצעהלט.

— אז...

— יווארט, עס איז א לאנגע מעשה.

זיי האבען זיך אנגעצונדען קורצע ליולקעלער.

צוויי רויטע פונקטען האבען זיך באוויזען אין דער שטילער, וויים־בליצענדיגער ווינטער־נאכט.

און די שווערע קאלטע לופט שניידט דורך דעם גזלנ'ס קול:

— אמאל, — האט מיר מיין געהאנגענעם טאטענס מויל דער־צעהלט — זענען אויף דער וועלט צווייערליי מענשען געוועזען. צווייערליי מינים מענשען.

איין מין האט געהאט קליינע גופים און גרויסע נשמות — —

— די וואויל־לערנער, די בטלנ'ישע מלמדים! — באמערקט דער צווייטער מיט א קול פון בזיון.

— און דער צווייטער מין האט געהאט, פארקעהרט — קליינע נשמות, נאר דערפאר גרויסע, געזונטע גופים...

— פון זיי קומען מ י ר ארוים! — מאכט יענער מיט פארגעניגען.

— האק נישט איבער, עס איז א לאנגע, לאנגע מעשה...

— איך טו עס אומישנע, איך זאל נישט איינשלאפען.

— וועסט נישט איינשלאפען — הער!

— די צוויי מינים האבען צווישען זיך נישט געלעבט בשלום...

— א פשוט׳ע זאך!

— איין מין האט זיך מיט׳ן צווייטען קיינמאל נישט משדך געוועזען; זיי האבען ביי איין טיש נישט געגעסען, נישט געטרונקען, און אפילו צווישען זיך נישט געהאנדעלט...

— דאס איז שוין גאריש געוועזען! האנדלען מעג מען מיט׳ן גרעסטען שונא...

—...זיי האבען שטענדיג צווישען זיך מלחמות געפיהרט: אהן רחמנות, אהן פארדאן, נאר געקוילעט און געקוילעט! און עס איז אזוי פיעל בלוט פארגאסען געווארען, אז אלע טייכען און אלע ימים זענען בלוט־רויט געוועזען... מען האט זיך געשיפט איבער בלוט, מען האט בלוט פון די ברונענס געטרונקען... און די ערד האט שוין אזוי פיעל בלוט נישט געקאנט איינזאפען, און פון חיות רעות און פון ווילדע עופות אפגעפליישטע ביינער זענען אין בלוט ארום־געשוואומען...

עס איז אפילו קיינער צו קבורה נישט געקומען... זעלטען א גרויסער מאן, א מלך אפשר!

און דאמאלט ערשט, אז מען האט שוין געקריגען פחד פאר א מבול פון בלוט, האבען זיך ביידע צדדים מישב געוועזען, — זיי וועלען האבען א דין־תורה!

נישט דאס שווערד, נאר דער יושר זאל זאגען, ווער עס האט רעכט...

נאר ווער וועט זיי פסק׳ענען? פון הימעל קומט קיינער נישט אראפ, און דא אויף דער ערד קאנען רעדען און פסק׳ענען נאר מענשען, און די מענשען זענען אלע אין מחלוקת...

האט מען זיך מישב געוועזען, מען וועט אויסזוכען א מיטעל־

מענש. דאס הייסט א מענש, וואס איז מיטעל אי מיט׳ן גוף, אי מיט דער נשמה. ער איז נישט אינטערעסירט...

און מען האט געמאכט שטילשטאנד אויף א צייט, און מען האט אויסגעזוכט א מיטעל־מענש: מען האט איהם ארויפגעפיהרט אויף א הויכען בארג, געזעצט אונטער׳ן שאטען פון אן אלטען, היי־ליגען בוים און געזאגט איהם: זיי אונזער שופט!...

און מען האט איהם אויסגעשפרייט א ווייס־זייד׳נע חופה אי־בער׳ן קאפ, געלעגט אונטער די פיס א סאמעט־געשווירענעם דיוואן, ווי עס פאסט פאר א גרויסען שופט, און געגעבען איהם דריי טעג, אויסצוהערען די טענות און א ישוב צו האבען!

אוןביידע צדדים האבען געשוואוירען דעם פסק עהרליך צו האלטען...

נאר דאס מיטעל־מענשעלע, וואס איז טאקע נישט געווען אינטערעסירט, איז געווארען אינטערעסירט — עס האט זיך גע־לאזט איבערקויפען!

— פון וועמען?

— פון אונזערע זיידעס, פון די גרויסע גופים און קליינע נשמות; די גרויסע נשמות איז עס גארנישט איינגעפאלען!

פאר א פעטע קוה מיט צוויי קעלבלעך האט דאס מיטעל־מענשעלע ארויסגעגעבען א פיינעם פסק:

— ביידע מינים מענשען, זאגט ער, מוזען זיך צוטיילען מיט דער ערד... העלפט אויף העלפט! נאר —

די גרויסע גופים מיט די קליינע נשמות זאלען וואוינען אויף דער ערד, און די גרויסע נשמות מיט די קליינע גופים— אונטער דער ערד!

— אהא! א פיינער פסק! און דאס זענען די קארליקעס!

— אודאי!

— און וואס טויג זיי גאלד אונטער דער ערד?

די גזלנים האבען גענומען צוביסלעך בראנפען, און דער, וואס

האט א״ך געוואוסט פון געהאנגענעם פאטערס מויל, האט ווייטער אזוי דערצעהלט:

— די זאך איז אזוי:

מיט דער צייט האבען די גרויסע גופים מיט די קליינע נשמות אויפגעהערט זיך צו באגנוגען מיט׳ן שטח פון איבער דער ערד. זיי האבען זיך אנגעהויבען אין איהר אריינצוגראבען. וואס אמאל טיפער, טיפער. אייזען זוכט מען, קופער, גאלד און זילבער...

און די קארליקעס — זאגט מיין געהאנגענער טאטע — זענען עס געוואר געווארען, זאמלען זיי אוצרות! זיי טראכטען אזוי:

ווער זיין מלחמה — פארפאלען; וועט מען זעהען, ווער שטארקער איז; צי דער גוף מיט זיין כח, צי די נשמה מיט איהרע המצאות. און וועט קומען צו א דין־תורה, וועלען זיי שוין דעם שופט אפגילטען!

— עס גלויבט זיך נישט, — ענטפערט דער צווייטער גזלן. — עס איז צו קלוג פאר די בטלנים מיט די גרויסע נשמות.

— קאן זיין, — ענטפערט דער ערשטער, — מיין טאטען איז, ברוך השם, ביים לעבען כמעט קיין וואר ווארט פון מויל נישט ארויס...

— נאר עס קאן זיין פשוט, — רופט זיך אן דער צווייטער — זיי זאמלען אפשר אלץ וואס גלאנצט — גאלד, ברילִיאנטען, אלע טייערע שטיינער, ווייל עס איז זיי פינסטער אין די היילען! זיי בענקען צו דער זון, צום ליכט, וואס זיי האבען דורך דעם אי־בערגעקויפטען מיטעל־מענש פארשפילט, און זאמלען ליכטיגערע מעטאלען... ווייס איך?!

אין דער זעלבער רגע האט זיך די ערד ווידער געשפאלטען, ארויסגעווארפען פון זיך די ארעמע קליידער, וואס שלמה מיט דער בת־מלכה האבען געטראגען און האט זיך צוריק פארמאכט...

— כאטש דאס! — האבען די גזלנים אויסגעשריען מיט פרייד; און, מיט׳ן טאג צוגלייך, געזאטעלט די פערד צוריק צו ריי־טען קיין גלויבשטיין.

זיי וועלען זאגען, אז זיי האבען זייערס געטאן, ביידע גע׳הרג׳עט. א ווארט־צייכען האבען זיי: די מלבושים!...

און בלאנדזשען וועלען זיי נישט! וואו די וועגען שיידען זיך שטעלט מען זיך אפ, און מען פרעגט דעם געהאנגענעם טאטענס מויל!

## נײנטעס קאפיטעל.

אין דער הייל.—די ווייסע טויב.—דער שווארצער אָדלער.—צוריק בגדי מלכות.—דער קארליק אליין פאַרגעשטעלט.—דער קאַרליק גרייט צום טיש און דערצעהלט, ווער ער איז.

אז די הייל האט זיך פארשלאסען איבער שלמה המלך און זיין טאכטער, די בת־מלכה, זענען זיי ביידע געבליבען פארבליפט און פארבלענדט, נישט ווענינגער ווי די גזלנים אין דער הויך. אינ'ם רויטען, גאלדענעם ליכט, וואס פלאמט פון אלע ווענט פון דער הייל און אלע איהרע נישען, צוקען און שלענגלען זיך ווייסע, בליצענדיגע שטראלען — דאס קומט פון די אלערליי טייערע שטיינער, מיט וועלכע דאס גאלד, וואס ליגט ארום די ווענט, איז דורכגעזייהט.

און שלמה און שולמית שטעהען פארבליפט, און באמערקען אפילו נישט זייער אלטע באקאנטע — די ווייסע טויב, וואס איז אנגעפלויגען און פליהט איבער זיי, מיט א פרעהליך וואורקען, איבער די קעפ.

נידעריגער לאזט זי אראפ די טויב, פליהט זיי פאר די אויגען און זאגט מיט א מענשליכער שטימע:

— שרעקט אייך נישט! איהר האט — זאגט זי — מיין עצה געפאלגט, און עס וועט אייך אויסגעהן צום גוטען.

— דערווייל — זאגט זי ווייטער, זעהענדיג, אז שלמה און שולמית קאנען נאך פאר פארוואונדערונג נישט ענטפערען, — דערווייל זענט איהר אין דער הייל ביים קארליק געשיצט; אין קורצען וועט איהר אויסגעלייזט ווערען און גליקליך זיין.

שלמה שאקעלט טרויעריג מיט'ן קאפ, און די בת־מלכה כאפט זיך ארוים מיט א זיפץ:

— ניין, גוטע, ווייסע טויב! פאר מיר איז שוין קיין גליק נישט פאראן!

— האָף און גלויב ! — ענטפערט די טויב. — איז אַ קליין פענסטערל ביי דער גרענעץ פון וואונדערלאַנד שפּינט און וועבט זיך דיין גליק.

— ניין, ניין ! — האָט שולמית אויסגעשריען.

— האָף און גלויב ! — זאָגט ווייטער די טויב. — דורך דיין גליק וועט אויף שלמה דעם זיבען־און־צוואַנציגסטענס גרויען קאָפּ קיין איינציג האָר נישט געקרימט ווערען !

— ציי איז מעגליך ?... דער קוקו... די כשוף־מאַכערין... אַלע האָבען געזאָגט... — שטאַמעלט שולמית.

— איך בין דער קוקו, איך בין די טויב, איך בין די כשוף־מאַכערין, און איך זאָג עס דיר !

און אַזוי רעדענדיג, איז פון דער טויב געוואָרען אַ קוקו, פון קוקו — צוריק אַ טויב, פון דער טויב — די כשוף־מאַכערין, וועלכע מיר קענען פון וואַלד הינטער גלויבשטיין, און פון דער כשוף־מאַכערין איז נאָך אַמאָל צוריק אַ ווייסע טויב געוואָרען.

— גאָטס וואונדער ! — שרייט אויס שולמית דערפרעהט...

— ציי איז עס כשוף, אָדער גאָטס האַנט ? — פרעגט שלמה.

— כשוף איז אויך אַ גאָט־זאַך ! — ענטפערט מיט אַ שמייכעל די טויב. — נאָר אַצינד האָבען מיר קיין צייט נישט דערפון צו רעדען, באַלד וועט אָנקומען דער קאַרליק, און איהר מוזט אייך פריהער איבערטוין.

שלמה און שולמית בלייבען ווייטער פאַרוואונדערט : וואו וועלען זיי נעמען זיך איבערצוטון ? זיי קוקען זיך אום און זעהען אין ערגעץ קיין צייכען נישט פון קיין קליידער. נאָר אין דער־זעלבער סעקונדע איז געקומען אָנצופליהען אין דער הייל אריין אַ שוואַרצער, ברייט־און גרויס־פליגעלדיגער אָדלער, און האָט זיי גע־וואָרפען צו די פיס אַ גרויס, היבש בינטעל. אָראָפּפאַלענדיג האָט זיך דאָס בינטעל אַליין געעפענט, און שלמה און שולמית זענען נאָך מעהר פאַרגאַפט געבליבען : זיי האָבען דערקענט די קליידער, די בגדי מלכות, וואָס זיי האָבען, פאַר'ן פאַרשטעלען זיך אין שמאַ־טע־קלייבער, איבערגעלאָזט אין גלויבשטיינער פּאַלאַץ !

— איילט ! — וואָרענט זיי די טויב, — ווייל איך הער שוין דעם קאַרליק'ס טריט. זאָל ער אייך שוין אין אייערע אייגענע קליידער געפינען... איך פליה נאָך עסען פאַר אייך.

די עווייסע טויב איז ארויסגעפלויגען פון הייל, און אינ'ם ארייננאנג צו א נישע האט זיך באוויזען דער קארליק.

קליין, שרעקליך קליין איז ער געוועזען, נאר גרויס איז גע־וועזען זיין לאנגע, זילבערנע בארד; איהרע שפּיצען האט ער גע־מוזט האלטען פאר זיך אין דער האנט, זיי זאלען איהם נישט פאַ־לען אונטער די טריט.

גרויס זענען אויך געוועזען זיינע צוויי בלויע, טיפע אויגען, מיט וועלכע ער האט אויף שלמה און שולמית געקוקט.

— ברוך הבא! — באגריסט ער זיי מיט א זיסער שטימע,— ברוך הבא, שלמה דער זיבען־און־צוואנציגסטער, דער מלך פון וואונדערלאנד, אין וועלכען משיח שלאפט און וועט אין קורצען אויפוואכען און אויסלייזען די וועלט... ברוך הבא, שולמית! אי־בער איהר קאפּ, זעה איך, צינדט זיך אן א גאלדענער שטערן — עס הויבט אן לייכטען איהר גליק!

און ער גיט א פּאטש מיט די קליינע הענט, נישט ארויסלאַ־זענדיג פון זיי די שפּיצען פון דער בארד, און פון דער לופט לאזען זיך אראפּ דריי גאלדענע שטולען.

ער בעט זיי זיצען, און אלע דריי זעצען זיך.

ער גיט נאך א פּאטש מיט די הענט, און עס באווייזען זיך פּיער לייבען; זיי געהען לאנגזאם און טראגען אויף די קעפּ אן אניקסינעם בלאט פון א טיש מיט פארצירונג פון פּערלמוטער באַ־שלאגען, מיט קריסטאלען געשיר באשטעלט. די לייבען שטעלען זיך אינמיטען דער הייל, צווישען די דריי גאלדענע שטולען.

— שלאפט איין! — קאמאנדירט דער קארליק צו די ליי־בען, — און זיי זעצען זיך אויף די הינטערשטע פיס, ציהען איין די צונגען, פארמאכען די אויגען און בלייבען פארשטארט, ווי ליי־בען אויס קופּער אדער בראנז.

און דער קארליק ווענדט זיך צו שלמה און שולמית.

— דער טיש — זאגט ער — איז גרייט געדעקט, נאר דאס עסען מוז מען ברענגען פון דער הויך, פון אויבען, מיר האבען דא קיין שוחטים נישט. און איידער דאס עסען וועט קומען, וועל איך אייך באקענען מיט מיר, כדי איהר זאלט קאנען אויסגעלייזט ווערען, און אנדערע מיט אייך, מוזט איהר צו מיר האבען צ ו ט ר ו י ע ן, מוזט איהר מיר ג ל ו י ב ע ן...

— איך גלויב! — האט זיך ארויסגעריסען פון שולמית׳ס הארץ.

— עס שיינט איבער דיר דער גליקליכער שטערן. דו האסט שוין זיינע שטראלען אין הארץ, נאר ק ע נ ע ן מוזט איהר מיד נעהנטער... מיר האבען אסך בשותפות צו טון!

— דערצעהל, — זאגט שלמה. — איך וויים דיך אפילו נישט ווי אזוי צו רופען.

— ווי איהר זעהט, — הויבט אן דער קארליק צו דערצעהלען, — לעב איך אין א הייל, ווי אלע קארליקעס, קלייב גאלד, זילבער און טייערע שטיינער, גלייך מיט זיי, מיט׳ן אויסזעהן ביז איך געווים א קארליק, און דאך בין איך פון קיין קארליק נישט געבוירען... איך בין אמאל אן איינפאכער מענש געווען, איבער דער ערד געלעבט, ווייב און קינדער געהאט... וויפיעל? — געדענק איך נישט...

— שוין אזוי לאנג? — פרעגט שלמה פארוואונדערט.

— א יאהר זעקס הונדערט! — ענטפערט דער קארליק.

— געוועזען — דערצעהלט ער ווייטער — איז עס אין באגדאד... און א קליין מענשעל בין איך געווען: א שמש, אן ארעמער שמש, אין אן ארעמער שול, אין אן ארעמער הינטערגאס.

און אין דער אייגענער שטאדט באגדאד האט געלעבט א איינער א גביר, א תקיף, א קרוב למלכות און א כהן, וואס האט אן אויג געווארפען אויף א גרושה, און געוואלט, אז דוקא דער רב הכולל, וואס איז דאמאלט געווען, זאל איהם געבען חופה וקדושין. און אז דער רב האט נישט געוואלט, האט ער איהם פאלש גע׳מסר׳ט, און דאס מלכות האט איהם ארויסגעטריבען פון שטאדט, פון לאנד, און דער גביר האט געלאזט אויסרופען, אז וועלכער למדן עס וועט געפינען א היתר און געבען איהם חופה וקדושין, דעם וועט ער מאכען מיט זיין תקיפות פאר רב הכולל אין באגדאד! די בעלי־בתים האבען געשוויגען; אלע האבען מורא געהאט פאר׳ן גביר.

קיין איינציגער רב פון גאנצען לאנד האט נישט געוואלט נעמען אויף זיך אזא חטא; קיין איינציגער דיין האט זיך נישט אונטערגעשטעלט עס צו טון. ער האט זיך געווענדט צו למדנים, צו מלמדים — קיינער איז נישט באשטאנען. ער איז אראפגעפאלען צו שמשים פון שולען און בתי־מדרשים, נאר קיין איינציגער שמש,

וואס האט ווי עס איז נאר פרנסה געהאט, האט זיין נשמה נישט געוואלט פארקויפען, — ביז ער איז אנגעקומען צו מיר!

און ביי מיר האט ער געטראפען.

איך בין זעהר ארעם געווען; א קראנק ווייב און קרענק־ליכע קינדער געהאט...

און דאס קראנקע ווייב מיינס האט מיך צוגערעדט, פון וועג אראפגעפיהרט, און א פאלשען היתר האב איך מיר געפונען: מען האט אויף דעם גביר׳ס מוטער גערעדט, סוף כל סוף איז ער קיין זיכערער כהן נישט געווען... און איך האב געגעבען חופה וקדושין, און ביים גביר אין טאש איז שוין געלעגען א כתב־רבנות פאר מיר... א כתב־רבנות גע׳חתמ׳עט פון אלע בעלי־בתים, וואס זענען אפ־הענגיג געווען פון גביר...

עס איז א גאלד־געשטיקטע חופה געווען, און ארום האבען הונדערטער הבדלות געלייכט, שטורקאצען געפלאמט... און גע־בליצט האבען ארום און ארום די רייכע גביר׳ישע קליידער, מיט גאלד באנייהטע, מיט טייערע שטיינער באהאנגענע... עס האט גע־בלענדט!

א ו נ ט ע ן איז ליכטיג געווען, ז ע ה ר ליכטיג; אבער אויבען — אויפ׳ן הימעל איז געווען פינסטער... א פינסטע־רער הימעל, אהן לבנה, אהן שטערען... און פון פינסטערען הימעל איז פלוצלונג אראפ גאטס פייערדיגער צארן... עס האט אנגעהוי־בען שטורמען, עס איז מיט אמאל א ווילדער שלאגס־רעגען געפא־לען, איין דונער האט געיאגט דעם צווייטען, ווי ברענענדיגע שלאנ־גען זענען בליצען געפלויגען — הימעל און ערד האבען געציטערט!

און פלוצלונג האט זיך פון די אונטערפיהרערס העגט די חופה אויסגעריסען און האט זיך אויפגעהויבען ווי א שירם אויפ׳ן ווינט... מיט שרעקליכע געשרייען זענען זיך די געסט צולאפען, נאכגעיאגט פון דונער און בליץ, געפאטשט פון דעם גוס־רעגען!

מיך איינעם האט א דונער געטראפען...

און אויף יענער וועלט האט מען אזא פסק ארויסגעגעבען:

ווייל איך האב געוואלט זיין ׳גרויס, אזוי גרויס, — זאל איך ווערען קלענער ווי קליין, מגולגל ווערען אין א גוף פון־א קארליק און לעבען, גלייך מיט זיי, אונטער דער ערד...

און ווייל איך האב געוואלט רייך ווערען, גאלד און זילבער האבען, זאל איך הונדערטער יאהרען זאמלען גאלד, זילבער און טייערע שטיינער, נישט פאר זיך, נאר פאר דעם אדער פאר דער, וואס וועט עס ווערט זיין.

דערביי האט ער זיין בליק געווארפען אויף שולמית.

זי האט עס אבער נישט באמערקט.

— שרעקליך! — האט זי אויסגערופען פול מיט רחמנות.

— גאטס נענאר איז דאך גרויס! — ענטפערט דער קארליק, — איך וועל אויסגעלייזט ווערען גלייך מיט אייך... און דאס וועט אזוי זיין —

נאר ער האט זיך איבערגעהאקט.

א שטיל רוישען האט זיך דערהערט אין דער הייל.

— די טויב קומט, — זאגט דער קארליק. — די רעשט וועלען מיר איבערשמועסען נאכ'ן עסען.

## צעהנטעס קאפיטעל.

דאס קארגע פריהשטיק.—ווער איז די טויב?—ווי מלכים הערען קרעכצען.—עס בלאזט אויף טאג.—קיין גלויבשטיין!

עס איז טאקע די טויב געוועזען, און א קארג פריהשטיק האט זי געבראכט: איינגאנצען א טעפעל רייז!

— פון פאלאץ? — וואונדערט זיך דער קארליק, — פון פאלאץ אזא קארג פריהשטיק?

— פאר מיר איז גענוג, — פאלט שלמה אין די רעד אריין,— איך עס שוין לאנג נישט קיין דבר מן החי...

— און שולמית'ן — מאכט די טויב — וועט דאס פריהשטיק זיכער שמעקען, אז זי וועט הערען, פון וואנען עס קומט...

דאס ערשטע מאל אפשר האט מען פון קריסטאלענע טעלער, זיצענדיג אויף גאלדענע שטולען, אזוי קנאפ אין ארעם געגעסען.

און די טויב דערצעהלט, וואו זי האט דאס פריהשטיק גענומען:

— איך בין — זאגט זי — אין פאלאץ נישט געוועזען! זייט

יואב פיהרט דאס רעדעל, איז דארט נישט גלאט כשר! איך בין אפילו אין גלויבשטיין נישט געוועזן... דארט איז שוין אויך נישט ווי עס דארף צו זיין. שלעכטע מנהגים פארשפרייטען זיך פון אוי־בען! ביי דער גרענעץ פון וואונדערלאנד האב איך די רייז באַ־קומען...

ביי דער גרענעץ איז פאראן א שטעדטעל א רוהיגס, א קליינס, און דארט, אין א קליין פענסטערל, זיצט א קינסטלער — א שטי־קער!

— איך האב׳ן באמערקט, — מאכט שלמה, און שולמית שווייגט און רויטעלט זיך.

— ווי שעהן ער ארבייט, דער יונגערמאן!... ווי שעהן איז דאס בילד, וואס ער ענדיגט! און מיט וואס פאר אן אויגען קוקט ער אויף דעם בילד, וואס ער ענדיגט אויפ׳ן סאמעט! דו קענסט איהם, שולמית! טיף האסט דו איהם געמוזט אריינקוקען אין הארץ, אז ער שטריקט דיין בילד אוים׳ן קאפ!

שולמית לאזט אראפ די אויגען.

— נאר בלאס איז ער, דער יונגערמאן; די שווארצע, ברע־נענדיגע אויגען זענען פארשלייערט און פייכט... קראנק מוז ער זיין...

— קראנק? — רופט שולמית אוים דערשראקען.

— אזוי זעהט ער אוים! אן אלטע פרוי איז ביי איהם גע־שטאנען, געגלעט איהם די האר, געבעטען, ער זאל עסען—אט, פון דעם טעפעל רייז, וואס זי האט פאר איהם געשטעלט — און ער פרעגט זי: נאך וואס? זי זאגט איהם, אז אהן עסען קאן מען נישט לעבען, און ער ענטפערט איהר, אז ער האט נישט נאך וואס צו לע־בען... אז די, פאר וועלכע ער וואלט געקאנט לעבען, האט זיך איהם איינמאל באוויזען און איז פארשוואונדען געווארען, ווי א חלום... ער האט זי געזוכט, זאגט ער, אין טאלען און אויף בערג, ער האט זי געזוכט אין ־ערפער און אין שטעדט, און געפינט זי נישט.

די טויב בלייבט שטיל, און קוקט מיט פארגעניגען, ווי שולמית ענדערט די פארב פון פנים, ווי איהר יונגע ברוסט וואלט אויף און אב; מיט אמאל ענדיגט זי:

— און דאמאלט, אז ער האט זיך אזוי אויסגעוויינט פאר דער

אַלטער פרוי דאָס האַרץ, בין איך צוגעפלויגען. און האָב ביי איהם דאָס טעפּעל רייז געקויפט!

— געקויפט? — שפּרינגט אויף שולמית מיט בליצענדיגע אויגען.

— געוויס! — ענטפערט לאַכענדיג די טויב. — און איך האָב איהם טייער באַצאַהלט פאַר די רייז: איך האָב איהם גע־זאָגט, וואו ער קאָן די, וואָס ער זוכט, געפינען!

— דאָ אהער וועט ער קומען? — פרעגט שולמית.

— אָה, ניין! איך האָב איהם אַזוי געזאָגט:

אין עטליכע טעג אַרום — האָב איך איהם געזאָגט — וועט ער הערען, אַז יואָב, דער שלעכטער, פאַלשער יואָב, וואָס האָט זיך צוגע׳גזל׳ט די מלוכה, וויל חתונה האָבען...

אַ סעודה וועט ער, דער יואָב, מאַכען, ווי אחשורוש אין זיין ציים.

אַהן אַ צאָהל עופות וועט מען שעכטען, וועלדער־חיות וועט מען קוילען, אָקסען וועט מען אויסשפּאַנען פון די פּלוגעס און פיהרען צו דער שחיטה, ביים אַרעמאַן וועט מען צונעמען דאָס לעצטע שעפּעלע און צובאַרייטען צו דער סעודה... און וויין און אַלערליי משקות וועלען זיך גיסען ווי וואַסער...

און פון מזרח און מערב וועלען זיך צוזאַמענקומען שפּילער, זינגער און טענצער, קונצענמאַכער און מאַרשאַליקעס...

און פון גאַנץ וואונדערלאַנד וועלען פאַרבעטען ווערען מייד־לעך די שענסטע, און וועלכע יואָב וועט וועלען, די (אַזוי מיינט ער) וועט זיין זיין ווייב, די מלכה פון גאַנץ וואונדערלאַנד!

און, אַז ער וועט דאָס הערען, — אַזוי האָב איך איהם גע־זאָגט — זאָל ער צושטעהן צו אַ חברה זינגער אָדער שפּילער, — זינגען און שפּילען קאָן ער, דאָס זעהט מען אין די אויגען, אין יעדער תנועה זעהט מען עס איהם אָן,—און זאָל קומען אויף דער חתונה...

— קום, שולמית! — ענדיגט די טויב, — די רעשט וועל איך דיר אויפ׳ן אויער דערצעהלען.

שולמית מיט דער טויב זענען אַרויס אין אַ זייטיגע הייל אַריין.

— מעג איך — פרעגט שלמה ביים קאַרליק — פרעגען, ווער די טויב איז?

— איך וועל דיר גערן זאגען:

זי איז אויך אמאל א מענש געוועזען, און א שעהן מיידעל גע־וועזען, דערנאך א יונג ווייבעל...

בלינד איז די ליעבע, און זי האט איהר יונגען מאנס פעהלער נישט געזעהן,—עס איז שווער צו דערקענען, פונקט ווי דעם קעניג איז שווער צו דערקענען, ווער עס איז איהם געטריי און ווער עס חנפ'עט איהם...

און אז עס איז א קינד, א מיידעלע, געבוירען געווארען, האט ער שוין אליין, וואס זיי האבען געהאט, פארשוועגדט, עס איז נישט געוועזען קיין ווארעם וואסער פאר דער קינפעטאריין, קיין שטיקעל ליינוואנט, מיט וואס דאס קינד צוצודעקען... דאמאלט האט זיי פלוצלונג אויפגעשיינט דאס גליק: מען האט פאר א בת־מלכה א אם געזוכט, און זי האט מען אלס די שענסטע און בעסטע געפונען...

מיט הארץ־וועהטאג האט זי איבערגעלאזט איהר אייגען קינד אהן א וויג, און איז געגאנגען אין פאלאץ אריין אויסזויגען דעם לאנד א בת־מלכה...

דאס געהאלט און אלע מתנות האט זי דעם מאן געשיקט...

און דאך, אז זי איז, נאך עטליכע וואכען, געקומען זעהן איהר קינד, האט זי עס געפונען אפגעשוואכט און כמעט פארהונגערט...

און דאמאלט איז איהר געקומען א שלעכטער געדאנק אין קאפ אריין... זי וועט איבערטוישען די קינדער! נישט אויף לאנג, — זי וועט דערנאך צוריקטוישען, זאל נאר דאס קראנקע קינד צו זיך קומען!

נאר צוריקטוישען האט זי שוין נישט געקאנט...

איבער דער צייט האבעןביידע קינדער הערליך באקומען...

איהר אייגען קינד אין דער קעניגליכער וויג האט באקומען גאלדענע, בליצענדיגע האר, די אמת'ע בת־מלכה — ווייסע האר, ווי פלאקס!

— ווען איז דאס געוועזען, וואו? — פרעגט שלמה דער־שראקען.

— אין וואונדערלאנד, — ענטפערט דער קארליק, — אין גלויבשטיין איז עס געשעהען, און שולמית און דבורה זענען די פאר־טוישטע קינדער.

שלמה האָט אָראָפּגעלאָזט דעם גרויען קאָפּ אונטער שווערע געדאַנקען...

— און זי האָט מורא געהאַט אויסצוזאָגען ? — פרעגט ער.— ציי האָט זי נישט געוואוסט, אַז פאר'ן אמת וועל איך מוחל זיין ?

— זי האָט נישט געקאָנט ! דערוויייל איז יואב גרויס געוואָרען... און אין ווייבס זכות האָט מען איהם אַריינגעלאָזט אין פּאַלאַץ, מען האָט איהם רייך באַשענקט, און ער האָט דעם קעניג געדאַנקט ! מעהר האָט ער נישט געדאַרפט... ער האָט איהם אַרומגעשטריקט מיט חניפה, אַריינגעגנב'עט זיך צו איהם אין האַרץ און איז מיט יעדען טאָג גרעסער געוואָרען...

אַז דאָס ווייב האָט געענדיגט איהר דינסט, האָט ער זי אין אַ קעלער פאַרשלאָסען... דאָרט איז זי געשטאָרבען. זי האָט געשריען, געראָפען, נאָר הינטער די דיקע מויערען איז איהר קול פאַרשטיקט געוואָרען !

— איך בין ווערט געוועזען דעם גלות ! — רופט זיך אָן שלמה,—איך האָב שווער געזינדיגט ! — נישט איינמאָל, שפּאַצירענדיג ביינאַכט אַרום פּאַלאַץ, האָב איך קרעכצען געהערט, האָב איך מיר שטאָלץ געטראַכט : אין מיין פּאַלאַץ וועט קיינער נישט קרעכצען, עס מוז זיין דער ווינט, וואָס רייסט זיך פון די קעלער אַרויס...

— דאָס איז עס ! שאַרף זענען די מלכים־אויערען פאַר יעדער חניפה, און שווער פאַר אָרעמע קרעכצען... אַלץ איז דער ווינט !

— נאָר — טרייסט איהם דער קאַרליק — דיין גלות ענדיגט זיך, דו וועסט אויסגעלייזט ווערען... נאָר דאָס מוז בלייבען בסוד— שולמית בלייבט בת־מלכה !

— און מיין טאָכטער, דבורה ? !

— וועט גליקליכער זיין — אַלע אוצרות פון דער היול וועלען איהר געהערען !

זי וועט רייכער זיין פאַר אַלע מלכים, פאַר אַלע קיסרים. נאָר זי וועט וויסען, ווי אַזוי די אוצרות צו באַנוצען...

אין דערזעלבער רגע האָט זיך געהערט בלאָזען ווי פון אַ טראָמפּייט.

דער קאַרליק איז אויפגעשטאַנען :

— עס הויבט זיך אָן ! — זאָגט ער — אונזער אויסלייזונג

הויבט זיך אן, דאס בלאזט מיין מוהמע אין גלויבשטיינער וואלד... דאס איז דער צייכען, אז עס ווערט טאג, אונזער ריינער, העלער טאג!

אין דער זעלבער רגע זענען צוריק אריין שולמית און די טויב. און צום קארליק זאגט פרעהליך די טויב:

— שולמית גלויבט! איך האב איהר נאך אמאל אין מ י י ן נאמען און אין ז י י ן נאמען געשוואוירען, אז זי וועט גליקליך זיין, און שלמה דעם זיבען־און־צוואנציגסטען וועט קיין איינציגע האר אויפ׳ן קאפ זיך נישט קרימען. און זי געטרויט מיר איהר געשטאלט...

— געדאנקט איז גאט! — האט אויסגערופען דער קארליק,— דער אדלער ווארט פאר דער הייל!

אין דער רגע האט זיך שולמית מיט דער טויב פארביטען! די טויב אין געשטאלט פון שולמית איז ארויס פון דער הייל, און שולמית אין געשטאלט פון א טויב איז ארויפגעפלויגען און האט זיך געשטעלט אויף שלמה׳ס אקסעל...

און דער קארליק האט א פאטש געגעבען מיט דער האנט, אין די הייל האט זיך געעפענט, און שלמה זעהט, ווי אן אונגעהייער־שטארקער אדלער טראגט די טויב, אין געשטאלט פון שולמית, אין דער לופט.

— קיין גלויבשטיין — זאגט דער קארליק — פליהט זי, מיר וועלען נאכקומען, אונזערע אדלער ווארטען אויך...

און די הייל האט זיך צוריק פארשלאסען.

## עלפטעס קאפיטעל.

דער שטראל.—דער כשוף־מאכערינס ברכה.—
דבורה׳ס חלום.

א בלאסער, סוף־ווינטערדיגער פריהמארגען האט זיך אריינגעלאזט דורך א שפארע אין דער הייל פון גלויבשטיינער וואלד, און האט, גלעטענדיג זי איבער׳ן פנים, די כשוף־מאכערין געוועקט.

דער שטראַל, וואָס דער פֿריהמאָרגען האָט געלאָזט אין דער הייל, איז דער אַלטער עפּעס אויסטערליש געפֿעלען. גלייך ער האָט איהר פֿון הימעל אַ גוטע בשורה געבראַכט.

זי האָט אַ פֿרעהליכען וואָרף געטאָן מיט'ן אַלטען קאָפּ. אַ פֿאַליע זילבערנע האָר האָט זיך צוטיילט אויףביידע אַקסעל און עס האָט זיך באַוויזען אַ שמייכעלדיג פּנים מיט גלאַנצענדיגע אויגען.

עס ציטערען איהר די ליפּען, דאָס זאָגט זי „מודה־אני“. דערנאָך גיסט זי זיך אָפּ די נעגעל, און הויבט די אויגען אין דער הויך, און זאָגט מיט אַ ציטעריג שטיל קול:

— איך דאַנק דיר און לויב דיך, שעפּער פֿון דער וועלט, פֿאַר'ן היינטיגען פֿריהמאָרגען, פֿאַר דעם גאָלדענעם שטראַל, פֿאַר די בשורה טובה, וואָס ער האָט מיר געבראַכט, פֿאַר די אויסלייזעניש, וואָס הויבט זיך אָן פֿאַר מיר און מיינס גלייכען...

איך בין שוין מיד געוואָרען, רבונו של עולם, איך האָב שוין אָנגעהויבען בענקען אין מיין רוה אריין... אַ קראָה וויל אַזוי לאַנג נישט לעבען.

דערנאָך האָט זי געוואָרפֿען אַ שטאַרקען בליק אויף די פֿאַרהענגלעך, הינטער וועלכע עס איז געשלאָפֿען דער פֿאַר'כשופֿ'טער יינגערמאַן.

— געלויבט איז גאָט, געהויכט זאָל זיין זיין ליעבער נאָמען! לייכט איז שוין זיין שלאָף, שטאַרקער דער אָטעם, — די פֿאַרהענגלעך ריהרען זיך! מען קאָן איהם שוין וועקען.

אַצינד האָט זי זיך אויפגעהויבען פֿון איהר געלעגער און איז איבערגעגאַנגען אין דער צווייטער זייט הייל צו דבורה'ס בעט. זי לעגט איהר די האַנט אויפ'ן שטערן, וועקט זי מיט אַ קוש.

— אַ פֿרישער, גוטער מאָרגען אויף דיר, טאָכטער.

דבורה וועקט זיך האַלב דערשראָקען און קוקט זיך אַרום פֿאַרוואונדערט.

— פֿון וואַנען קומסט דו, טאָכטער? וואו האָט דיך דער מלאך פֿון חלומות אַרומגעפֿיהרט?

דבורה נעמט אַרום דער אַלטערס האַלז און זאָגט:

— אַ שרעקליכער, אַ וואונדערליכער חלום!

— קאָנסט דו איהם דערצעהלען?...

— געווים, מוהמעשי. איך האב קיין סודות נישט פאר דיר!
די אלטע האט זיך געזעצט אויפ'ן ראנד פון דבורה'ס בעט, און דבורה דערציילט:

— איך בין געזעסן — דערציילט זי — ערגעץ אין דער פרעמד, אין א ווילד־פרעמדער שטאדט, אין אן אפגעלעגענער ענגער גאס, צווישן צוויי שורות קליינע, פינסטער־פארשלאפענע, אפגע־שיילטע הייזלעך... אויף א שטיין בין איך געזעסן... איינע אליין, און האב געציטערט פאר שרעק.

און איבער'ן קאפ האט זיך מיר נידעריג אראפגעלאזט א שוואר־צער, א צארניג־פינסטערער הימעל, — ווי מיט א וואלקען בא־דעקט... שווער און צארניג איז געלעגען דער הימעל איבער דער אויסגעשטארבענער גאס. און איך זיץ אזוי און קלער:

— ווער בין איך? וואס טו איך דא? ווער האט מיך דא פארלוירען?

און מיר דאכט זיך, אז איך דארף ערגעץ געהן און ערגעץ עפעס טון, עס זאל פלוצלונג צוריסען ווערען דער וואלקען, עס זאל אויפגלאנצען א זומערדיג־לאכענדיגער הימעל, עס זאל אויפ־לעבען די טויטע גאס, און די קליינע הייזלעך זאלען אנהויבען וואקסען און וואקסען אין הימעל, ווי די העכסטע פאלאצען און היילינקייטען, און פון די פאלאצען און היילינקייטען זאל זיך הע־רען א זינגעריי, א גערופעריי פון גליק, — א בשורה טובה זאל דורכפליהען פון שטוב צו שטוב, פון הויז צו הויז...

און אינגאנצען עטליכע מ׳ט האב איך געדארפט געהן, און נאר א קליינינקייט טון; איך געדענק אבער נישט, וואוהין צו געהן און וואס צו טון!

און שרעקליך וועה טוט מיר דאס הארץ! איך געדענק, אז עס דארף עפעס געטאן ווערען, איידער די ארעמע, פארשאלטענע גאס כאפט זיך אויף... איך פיהל, אז אויב נישט, וועט זי זיך אויפכאפען מיט א זינדיגען כעס, ווי א חיה רעה וועט זי זיך אויפ־כאפען, מיט א בריל פון א קללה אויף שוימענדיגע ליפען... און דא־מאלט וועט שוין זיין צו שפעט... דער הימעל וועט נאך פינסטערער ווערען, און גאט וועט פארהאמערען די טויערען, און מעהר נישט ארויסלאזען קיין מארגענשטערן, קיין זון... עס וועט זיין שוין אן אייביגע נאכט.

און אלץ האט זיך אז מ י ר געוועגדט, און א י ך האב אלץ פארגעסען!

און פלוצלונג האב איך אונטער'ן שווארצען הימעל א ווייסען, שווימענדיגען פלעק דערזעהן...

פון מזרח־זייט שווימט ער צו מיר, און לאזט זיך אלץ טיפער און טיפער אראפּ.

עס איז א ווייסע טויב געוועזען...

זי האט זיך מיר אויף דער שוים געשטעלט, און איך האב דערזעהן, אז זי האט א בריוועלע אויפ'ן האלז, און זי שטעלט מיר אקעגען דעם שניי־ווייסען האלז, איך זאל דאס בריוועלע אראפּ־נעמען.

און איך האב אויפגעבונדען דאס רויטע שנירעלע פון ווייסען האלז, און דאס בריוועלע גענומען, נאר לעזען האב איך נישט גע־קאנט, עס איז צו פינסטער געוועזען!

נאר אין דערזעלבער רגע, האט מיר גלייך איבער'ן קאפּ אויפ־געפלאמט א שטערן אויפ'ן הימעל, און האט מיר דאס בריוועלע באשיינט...

דבורה בלייבט שטיל, ווי דעם אטעם צו כאפּען.

— און וואס איז געשטאנען אין בריוועלע? — פרעגט די אלטע.

— עס איז געשטאנען... עס איז געשטאנען, אז איך... איך, איך — הויבט אן דבורה צו שטאמלען.

— וועל א י ך דיר זאגען, וואס עס איז געשטאנען!

— דו? דו ווייסט, מוהמעשי?

— אלץ ווייס איך! עס איז געשטאנען, אז דו ביסט נישט יואב דעם רשע'ס טאכטער, אז דו ביסט א בת־מלכה! אז מען האט דיך מיט שולמית פארטוישט!

— יא!

— נאך איז געשטאנען, אז דו זאלסט אנטלויפען פון דער הייל צוריק אין גלויבשטיינער פאלאץ, דארט איז א סעודה א גרוי־סע, יואב מאכט א גרויסע סעודה — און שלמה און שולמית ווע־לען אויך אויף דער סעודה זיין, און שלמה וועט אויסגעלייזט ווע־רען פון גלות און צוריק קריגען זיך פאר מלך! דאמאלט — איז געשטאנען — זאלסט דו אננעמען שלמה'ן ביי דער האנט און צו־

פיהרען צו דער געשטארבענער מלכה'ס, עליה־השלום, פארטרעט. און ווייזען, צו וועמען דו ביסט עהנליך!...

— אזוי איז געשטאנען!

— און דו זאלסט ווערען בת־מלכה — —

— יא, יא...

— און דו וואס האסט געזאגט?

— איך? איך האב דאס בריוועלע אויף פיץ־פיצלעך צוריסען און אויפ'ן ווינט פארזייהט... זיי זענען זיך, ווי קליינע ווייסע פליגעלעך צופלויגען...

— פארוואס?

— ווייל איך האב געוואוסט, אז מיין וועג, וואס איך דארף געהן, איז נישט קיין גלויבשטיין, און דאס, וואס איך דארף טון, איז נישט א קרוין אויפ'ן קאפ ארויפצולעגען... נאר עפעס אנדערש און ערגעץ אנדערש. כאטש וואו און וואס — האב איך אין חלום נישט געדענקט...

— און אצינד?

ווי א רויז האט אויפגעפלאמט דבורה'ס פנים:

— מעג איך? — פרעגט זי מיט ציטערדיגע ליפען.

—ווארט, אביסעל שפעטער; דערצעהל מיר נאר דעם סוף פון דעם חלום. וואס איז ווייטער געשעהען?

— ווייטער? די טויב איז אוועקגעפלויגען, און דער שטערן האט זיך אראפגעלאזט און געשטעלט זיך מיר ווי א קרוין אויפ'ן קאפ...

— דאס איז דיין מזל, דבורה, — קושט זי די אלטע מיט פרייד — שטעה אויף און קום מיט מיר אין וואלד אריין!

## צוועלפטעס קאפיטעל.

שופר בלאזען.—אחשורוש'ס סעודה.—הוש! הוש! געה וועקען!

אין דער לופט האט זיך געפיהלט א הויך פון פריהלינג, נאר דער גלויבשטיינער וואלד איז נאך אינגאנצען מיט שניי באדעקט. די בוימער זעהען אויס ווי אומגעקעהרטע טראלבען מיט ווייסע בלי־

מעלעך, און אויפ'ן שנייענעם דיוואן, מיט וועלכען דער וואלד איז אויסגעבעטעט, בליצען אקעגען דער אויפגעהענדיגער זון מיליארדען שנייענע בריליאנטען.

די אלטע כשוף־מאכערין מיט דבורה'ן זענען ארויסגעקומען פון דער הייל, און דער אלטער אויפ'ן האלז הענגט א שופר אויף א לאנגער גאלדענער קייט.

זי האט זיך אפגעשטעלט, גענומען דעם שופר צום מויל.

— תקיעה!

דער קלאנג פון שופר ציטערט נאך אין דער לופט, און דבורה פיהלט שוין, ווי עס ציטערט די ערד אונטער איהרע פיס פון טויזענטער טריט.

דאס האט דער שופר די שלאפענדיגע סארנעס געוועקט, און פון אלע עקען פון וואלד לויפען זיי זיך צוזאמען, און שטעלען זיך אויס א שורה, דער כשוף־מאכערין צו דער רעכטער האנט.

צי איז עס א חלום? דבורה הערט, ווי די כשוף־מאכערין באגריסט זיי מיט א פרעהליכען „גוט־מארגען", און די סארנעס, וואס ציטערען פאר קעלט, ענטפערען איהר מיט א פרעהליכען: „גוט יאהר!"

און ווייטער נעמט די אלטע דעם שופר צום מויל.

תרועה!

עס פארקלינגט ווייטער אין דער לופט, און מיט ציטערדיגע פעלעכלעך, פון אלע עקען פון וואלד, לויפען זיך צוזאמען אויפגעוועקטע הירשען, און שטעלען זיך אויס אין א שורה, אקעגען די סארנעס, דער כשוף־מאכערין צו דער לינקער האנט!

— גוט מארגען, הירשען!

— גוט יאהר, מוהמעשי!

און צום דריטען מאל נעמט די אלטע דעם שופר צום מויל, צום דריטען מאל בלאזט זי, און די ווייסע קרוינען אויף די הויכע בוימער הויבען אן לייכט צו ציטערען, איבער'ן גאנצען וואלד ווארפען זיך אויף קופקעלעך שניי, און ס'שפרינגען חיה'לעך ארויס, — א געלויפעריי, א געיאגעריי אין וואלד, — האלב־פארשלאפענע וועווערקעס, קעניגלעך, האזען, און העזעלעך, און פיקסלעך קליינע און געלע, און נאך אלערליי קליינווארג פון וואלד, מיט זילבערנע וואנסען, מיט עלפענביינערנע און זילבערנע הערנדלעך,

קומען אנצולויפען, און שטעלען זיך אויס אויפ׳ן פראנט, אקעגען דער בשוף־מאכבריין.

— גוט מארגען, חיה׳לעך!

— גוט יאהר, מוהמעשי!

און צום פיערטען, צום לעצטען מאל, בלאזט די אלטע. נאך שארפער קלינגט עס אין דער הויך, און אונטער׳ן הימעל, פון אלע עקען פון דער וועלט, באווייזען זיך שווימענדיגע שווארצע, ווייסע און פארביגע פלעקען, און עס הערט זיך א געדויש, א געזשומריי, א פליגעל־קלאפעריי, און א גאנצע כמארע פון געפליגעל און פייגעל שוועבען שוין אין דער לופט, און רעדלען ארום דער אלטער כשוף־מאכערינס קאפ.

„גוט מארגען" — „גוט יאהר"; און די אלטע האט צו זיי אזוי געזאגט:

— ערשטענס, זייט מיר מוחל, וואס איך האב אייך היי־יאהר אזוי פריה געוועקט, אזוי פריה צוזאמענגערופען! איבער־א־יאהר, אז גאט וועט שענקען דאס לעבען, וועט איהר דערפאר לענגער רוהען, לענגער שלאפען... ד א ס מאל מוזט איהר מיר טון א טובה!

— גערן! גערן! — ווערט א גערופעריי פון אלע זייטען,— וואס דיין הארץ נאר גלוסט!

— איהר אלע, — זאגט די כשוף־מאכבריין, — איהר אלע, וואס שפרינגט, היפעט, טאנצט, לויפט און פליהט! איהר אלע זאלט אייך תיכף ומיד באגעבען צום פעטער קארליק אין דער הייל אריין, אויף אייערע באקאנטע וועגען, מיט אייער קפיצת הדרך, זאגען איהם פון מיר: „גוט מארגען!" און נעמען זיינע אוצרות און איבערטראגען אין גלויבשטיינער פאלאץ אריין! צוויי פוד גאלד זאל נעמען א הירש, צו איינציגע פוד א סארנע, און די קליינע חיה׳לעך — צו האלבע! און די שווארצע פליגעל זאלען זיך אויפ־הענגען ווייסע שנורען פערעל, און די ווייסע פליגעל — ש ו ו א ר־צ ע פערעל, און די קאלירטע — אלערליי קרעלען און טייערע שטיינער!

די אלטע בלייבט א רגע שטיל און ווענדט זיך צו דבורה׳ן:

— וואס ווילסט דו געטאן, קינד, יוען מען זאל דיר איבער־געבען דאס גאנצע פארמעגען?

דבורה טראכט א ווײַלע און ענטפערט:

— איך וואלט עס הפקר געמאכט, דאס גאלד זאל דעם ווערט פארלירען, עס זאל אויפהערען קנאה, שנאה...

— גוט, גוט, — שמייכעלט די אלטע, — אפשר אויך א פלאן.

און ווענדענדיג זיך צו די נעפליגעל און חיה'לער, זאגט זי ווייטער:

— מיט דעם אלעם זאלט איהר פליהען, לויפען און טרייבען צום גלויבשטיינער פאלאץ... דארט האלט יואב...

— דער פאלשער יואב, — פאלען חיה'לעך און נעפליגעל אריין אין די רייד:

— נישט אייער זאך, — בייזערט זיך די אלטע, — דארט האלט יואב א סעודה!

— און א סעודה, — זאגט ווייטער די אלטע מיט א וואונדערליכען שמייכעל, — ווי אחשורוש אין זיין צייט! ער וויל זיך אויך א מלכה קלייבען; די שענסטע פון דער גאנצער מדינה וויל ער!

— דער רשע!

— שטיל זאל זיין! — טופעט די אלטע מיט'ן פוס — זיין טאכטער שטעהט פאר אייך!

— עס איז נישט זיין טאכטער! — עס ווערט א גערוישעריי: מיר ווייסען, מיר ווייסען!

— און אז מען ווייסט, — לאכט די אלטע, — איז מען קלוג, און אז מען איז קלוג, שווייגט מען!

און זי מאכט צוריק אן ערנסט פנים און זאגט:

— און א סעודה וועט זיין כיד המלך! זיבען טעג און זיבען נעכט א סעודה! טויזענט פארביגע לאנטערנען וועלען פלאמען אין פאלאץ און אין גארטען! טישען אהן צאהל וועלען זיך ברעכען אונטער דער לאסט פון עסענווארג און ווײַנען, הונדערטער קאפעליען פון מוזיקאנטען, הונדערטער כארען פון זינגער און שפילער וועלען זיין אין זאלען און אלען צואווארפען... פון גאלדענע, עלפענביינערנע און פערעלמוטערנע שיפלעך, וואס וועלען זיך גליטשען איבער'ן בלויען שפיגעל, וועט שווימען געזאנג, פון יעדען בלומענשטרויס וועט ארויסקלינגען, ארויסזינגען, ארויסשפילען...

אויבען אין הימעל וועט שווימען א געלע פארשעמטע לבנה

קיין שטערען וועט מען גארנישט זעהן, באהאלטען וועלען זיי זיך פאר קנאה...

אונטען וועלען שענערע זיין! אלע שטערען פון גאנץ וואונ־דערלאנד, — די שענסטע פרויען פון גאנץ וואונדערלאנד וועלען פארבייגעהן פאר'ן טראן... אויפ'ן טראן וועט זיצען יואב, יואב מיט'ן אלטען, פארשרומפעננעם פנים, מיט פארגלעזערטע אויגען, מיט א ברייט געעפענט מויל, ווי ביי א פיש... און ער וועט קוקען, קוקען און וועלען זיך אויסקלייבען א מלכה...

— פוי! — ווערט א גערופעריי און געפייפעריי צווישען די חיות.

— שווייגט! — רופט די אלטע שטרענג. — אהין זאלט איהר ברענגען די אוצרות! דער רעשט געהערט שוין צו מיר!

— און אצינד, — זאגט ווייטער די אלטע, — ריהרט אייך! צושיט אייך! צוזאגט, און צופליהט אייך! יואב'ס יעגער קומען אן — ווילדפרעט דארף מען! זאל אייך קיין פייל נישט טרע־פען, קיין קויל נישט ריהרען! הוש! הוש!

די געפליגעל און די חיה'לעך זענען פארשוואונדען געווארען. און די אלטע נעמט ארום דבורה'ן, קושט זי און זאגט:

— אצינד, אין גאטס נאמען, געה און וועק, וועמען דו ווייסט!

## דרייצעהנטער קאפיטעל.

### וואס די אלטע קראה ווייסט און דערצעהלט.

אין די לעצטע טעג איז נישט רוהיג געוועזען אין גלויבשטיי־נער וואלד.

קיים זענען זיך די געוועקטע חיות און געפליגעל צולאפען און צופלויגען, האבען זיך אין וואלד גאנצע מאסען יעגער באוויזען. עס איז געווארען א געשיסעריי, א געיאגעריי. זיי האבען געיאגט און געשאסען באזונדער און חברות'ווייז, און מען האט אויסגעטויט פון וואלד דעם רעשט ביסעל פעפער און פוילע, וואס האבען דער כשוף־מאכערינס רופען און בלאזען אין שלאף נישט געהערט, אדער געהערט און איבערגעדרעהט זיך אויף דער צווייטער זייט און ווייי־

מער געשלאָפֿען. — אַזעלכע האָבען דערפֿאַר די יענער געוועקט און געטויט אויף ווילדפֿרעט פֿאַר יואב'ן צו דער סעודה...

דערנאָך האָבען אָנגעהויבען די געסט צו גיהן, צו רייטען און צו פֿאָהרען, פֿון אַלע זייטען פֿון דער מדינה, אויף אַלערליי פֿוהר־ווערק, מיט אַלערליי געשפּאַן.

שפּילער און זינגער און קונצענמאַכער — צו־פֿוס, אָדער אַ גאַנצע חברה האָט זיך געשלעפּט אויף איין פּויעריש פֿוהרעל — אַ געכאַפּטע געלעגענהייט. אויך שווערע וועגען זענען געגאַנגען, זיי האָבען די שענסטע דאָרף־מיידלער געפֿיהרט, — פֿרעהליכע אויגען האָבען דורכגעבליצט, פֿאַרשידענפֿאַרביגע בענדער האָבען דורכגע־וועהט, לוסטיגע ליעדער האָבען דורכגעקלונגען. עס האָבען זיך אויך פּיעל וואַלענטען, קאַטשען, קאַרעטען געוויזען. מיט בליצענדיגע שויבען, מיט גאָלד און זילבער באַשלאָגען געשפּאַן און טייערע פֿערד...

עס האָבען קיין חיה'לעך געוויהערט, עס האָבען קיין פֿייגעל געזונגען און פֿול מיט גערויש און געזאַנג איז געוועזען דער וואַלד, און די ערד אונטער איהם האָט געציטערט אונטער די פֿוס־געהער, רייטער און פֿאָהרער...

און אַז דאָס גאַנצע גערויש איז אַריבער קיין גלויבשטיין, איז דער וואַלד געבליבען שטום, שרעקליך שטום...

צוטרעטען און צומאַרשטען איז דער שניי; דורכגערעדערט, אויפגעוואַרפען — דער וואַלד.

נאָר עטליכע קראָהען זענען אויף אַ וויסטען בוים געבליבען, און די עלטסטע פֿון זיי דערצעהלט די אינגערע, וואָס אין גלויב־שטיין איז געשעהען.

זי האַלט אין דערמיט ערצעהלונג:

— אַז אומגעהויער לאַנגע שורה פֿון שעהנהייטען האָט זיך געצויגען פֿאַר יואב'ס שטול...

לאַנגזאַם זענען זיי געגאַנגען, טריט ביי טריט מאַרשירט, ביי דעם קלאַנג פֿון אַ שטילער, זיסער, פֿאַר'כשופֿ'טער מוזיק.

אַלע קאַפּעליען האָבען ביי די פֿענסטער פֿון פּאַלאַץ געשפּילט, אַלע כאָרען האָבען געזונגען, און אין סאַלאָן האָט געבליצט פֿון בריליאַנטענע אויגען...

פֿאַרשידענפֿאַרביגע טואַלעטען האָבען געבלענדט...

און דער אַלטער יואב זיצט איינגעבויגען מיט אַ בלאַס פּנים און אויסגעגלאָצטע אויגען, און קוקט...

פּלוצים האָט ער דערזעהן, אַז רעכטס, נישט ווייט פון טראָן, שטעהט אַ שענער יונגערמאַן מיט אַ ווייסער טויב אויף אַן אַק־סעל. וואָס טוט ער דאָ? ער קוקט לינקס און דערזעהט זיין איי־גענע טאָכטער דבורה'ן, מיט אַ העל־גלאַנצענדיגען שטערן, ווי אַ קרוין, אויפ'ן קאָפּ, לעבען אַ יונגענמאַן, וואָס האָט אויף אַלעמען מיט צוויי אויגען, ווי צוויי שטערען, געקוקט. און פון פאַרענט זעהט ער — קומט אַריין שולמית...

עס איז נישט שולמית, עס איז איהר געשטאַלט געוועזען.

שולמית איז געשטאַלט פון אַ ווייסער טויב איז געשטאַנען רעכטס, אויפ'ן באַריהמטען שטיקערס אַקסעל; און, אין געשטאַלט פון שולמית האָט זיך צו איהם דער גלגול פון זיין ווייב, וואָס ער האָט אין קעלער פאַרמאַטערט, גענעהנט.

און פון ווייטענס באַווייזט זיך נאָך שלמה, צוריק אין בגדי־מלכות געקליידט...

יואב פאַלט פאַר שרעק אַראָפּ פון שטול, און אויף אַלע פיער ריטשעט ער זיך צו צו שולמית, דאָס הייסט, צו זיין אייגען פאַר־שטאָרבען ווייב, וואָס האָט זיך אין שולמית'ס געשטאַלט פאַר־שטעלט.

ער ריטשעט זיך און פאַלט צו מיט ווייסע ליפּען צום זוים פון איהר קלייד און קרעכצט:

„דאָס האָב איך אַלץ אויס ליעבשאַפט צו דיר געטאָן... זיי מיר מוחל, שולמית, זיי מיין ווייב!"

— דער אַלטער נאַר! — רופען די אינגערע קראַהען.

די אַלטע לאָזט זיך נישט איבערהאַקען און דערצעהלט ווי־טער:

— אין דער זעלבער רגע איז די וואונדערליכע זאַך געשעהען.

שולמית און די ווייסע טויב האָבען זיך צוריק מיט די גע־שטאַלטען פאַרביטען.

די עכטע שולמית האָט זיך געשטעלט ביי דעם באַריהמטען שטיקער אַן אַ זייט. און די ווייסע טויב האָט דאָס צווייטע און דאָס לעצטע מאָל איהר געשטאַלט געטוישט. און יואב, פאַרדולט און משוגע פאַר תאוה און שרעק, האָט פאַר זיך זיין פאַרשטאָרבען

ווייב דערזעהן. אין תכריכים איז זי פּאַר איהם געשטאַנען, און אַ ווייס־טויטע האַנט איהם אויפ׳ן קאָפּ געלעגט...

און אין דער זעלבער רגע האָבען זיך געעפענט דריי טירען, פון פאָרענט, רעכטס און לינקס...

פיער ווייסע בערען זענען אריינגעקומען רעכטס; פיער ווייסע בערען האָבען געטראָגען פיער גאָלדענע שטאַנגען פון אַ רויט־סאַ־מעטענער חופּה מיט פּערעל און בריליאַנטען געשטיקט, און האָבען זיך לעבען דעם באַריהמטען שטיקער מיט שולמית געשטעלט און זיי אונטער דער חופּה גענומען.

און פונקט אַזוינע פיער ווייסע בערען זענען אריינגעקומען לינקס, און האָבען אויך אונטער אַזאַ חופּה גענומען די צווייטע פּאָר, דבורה׳ן, יואב׳ס טאָכטער, מיט׳ן ליכטיגען שטערן אויפ׳ן קאָפּ, און דעם יונגענמאַן מיט די שטערענשטראַלענדיגע אויגען...

און פון פאָרענט זענען אריינגעפלויגען פיער שוואַרצע, שרעק־ליך שוואַרצע קראָהען, מיט אַ שוואַרצער, שוואַרצער חופּה און האָבען זיך געשטעלט אין דער לופט איבער יואב׳ס און זיין ווייבס קאָפּ...

און אונזער מוהמע האָט זיך אויך באַוויזען...

אונזער אַלטע מוהמע מיט די ווייסע האָר, ברענענדיגע אוי־גען! און מיט׳ן שופר אויף דער לאַנגער גאָלדענער קייט...

און דער פעטער קאַרליק האָט זיך באַוויזען אין שוואַרץ־סאַ־מעטענע קליידער און אין אַ שטריימעל — אַ שוואַרץ שטריימעל מיט לאַנגע, לאַנגע זילבערנע שטראַלען — ער וועט ביי די רויטע חופּות מסדר קדושין זיין...

און די אַלטע האָט אַ בלאָז געטאָן —

שברים האָט זי געבלאָזען...

און ביים בלאָזען האָבען זיך די פיער שדים אין געשטאַלט פון קראָהען מיט דער שוואַרצער חופּה אויפגעהויבען און אַרויס־געפלויגען מיט יואב׳ן און זיין ווייב, מיט וועלכער ער איז נאָך אַמאָל געשטאַנען אונטער דער חופּה צוזאַמען...

און אינ׳ם פליהען איז אַראָפּגעפאַלען די קרוין פון יואב׳ס קאָפּ און האָט זיך צוגעקאַלערט צו שלמה דעם זיבען־און־צוואַנ־ציגסטענס פיס...

און דער סדור קדושין ביי די רויטע חופּות האָט זיך אָנגע־

חיבען... און באלד דערנאך האבען זיך אונזערע חיות און עופות באוויזען און האבען דעם קארליק'ס אוצרות דבורה'ן צו די פיס גע־לעגט.

— דאס איז דיין נדן! — האבען זיי געזאגט.

— אויפ'ן ארט פון דער מלוכה — זאגען די יונגע קראהען און פרעגען:

— און ווייטער וואס איז געשעהען?

נאר די אלטע קראה רופט צו זיי שטיל: הערט, הערט!

א שטיל גערויש איז געווארען אין װאלד, שטילע טריט האָ־בען זיך געהערט.

א חברה קליינע, נאר קליינע מענשעלעך, קארליקעס, אין שווארץ־סאמעטענע קליידער, מיט גאלדענע גארטעל מיט ברילִיאנ־טען־בליצענדיגע אראפגעלאזטע עקען, מיט קליינע זילבער־בליצענ־דיגע שטריימלעך, און מיט אויגען, וואס האבען אלעס איבערגע־בליצט, האט זיך באוויזען אין װאלד, און האבען רוהיג און שטיל דורכמארשירט.

די קראהען האבען זיי נאכגעקוקט, ביז זיי זענען פארשוואונ־דען געווארען.

— וואס איז דאס? — פרעגען די יונגע קראהען ביי דער אלטער.

די אלטע זאגט זיי:

איך וויים און וועל אייך זאגען.

דאס איז א דעלעגאציע, וואס די קארליקעס שיקען ארוים צו שלמה דעם זיבען־און־צוואנציגסטען.

זיי, די מענשען מיט קליינע גופים און גרויסע נשמות, ווילען שלום מאכען מיט די גרויסע גופים און קליינע נשמות!

— ביז אהער האבען זיי עס נישט געפרואווט?

— נא! זיי ווייסען, אז שפעטן, האבען ביז איצט געקאנט נאר גרויסע גופים און קליינע נשמות, וועלכע האבען ביז אהער ליעב געהאט מלחמה צו האלטען; יעדער נצחון איז געוועזען א נייער ברילִיאנט אין דער קרוין אויף זייער קאפ...

שלמה דער זיבען־און־צוואנציגסטער, רעכענען זיי, וועט שוין קיין מלחמות נישט פיהרען... ער האט גלות געליטען, אייך ביי א קארליק אונטער דער ערד געלעבט, וועט ער זיי אויסהערען און פארשטעהן...

— פאַרוואָס האָבען זיי נישט געפּרואווט ביי שלמה דעם ערשטען? ער האָט אויך קיין מלחמות נישט געפיהרט און איז א חכם געוועזען...

— ביי איהם זענען זיי טאַקע דריי מאָל געוועזען און נ י ש ט געטראָפען... ער האָט אַלע דריי מאָל צו זיי קיין צייט נישט געהאַט.

דאָס ערשטע מאָל האָט ער זיך פרעה'ס טאָכטער פאַר'ן טויזענטסטען ווייב געבראַכט און האָט זיך איהר צוליעב, זי צו דערפרעהען, אויף א גאַנץ יאָהר פון דער מלוכה אָפּגערוקט...

דאָס צווייטע מאָל — האָט מען איהם א שטאָל מיט פערד פון מצרים געבראַכט... האָט ער נאָך וועניגער צייט געהאַט, און דער עולם אין ירושלים האָט זיך דערווייל לוסטיג געמאַכט איבער די קליינע מענשעלעך!

צום דריטען מאָל האָבען זיי נאָך ערגער געטראָפען: די מלכה־שבא איז געוועזען צו גאַסט!

עס איז, זעהט אויס, א הימעל־זאַך געוועזען! מען האָט דאָרט קיין שלום נישט געוואָלט, און די קאַרליקעס האָבען אָנגעהויבען גאָר אינגאַנצען מסופק צו זיין, צי איז ער טאַקע, דער שלמה, אַזא חכם! מאַלע וואָס א וועלט זאָגט!

די אַלטע קראָה פאַרשווייגט און פיקט זיך אין עק שטאַרק פאַרקלערט.

— און היינט, — פרעגען די יונגע — וועלען זיי פּועל'ען?

— ווער ווייסט? — דער היינטיגער שלמה איז עהרליך און גוט... דער באַריהמטער קינסטלער איז זיין איידעם. דבורה'ס מאַן מיט די שטערען־ליכטיגע אויגען זאָל ווערען משנה למלך...

זי פאַרטראַכט זיך ווייטער און פיקט זיך אין עק.

# דער קרבן.

אמאל איז געווען א גרויסער שר, וואס האט געהאט א פאַ־לאַץ צווישען גערטנער ביים ברעג פון ים.

דער שר איז אן אלמן געווען, און נאך אמאל חתונה האבען האט ער נישט געוואלט צוליעב די צוויי טעכטער. וואס ער האט געהאט, שרה און רבקה.

שטעהט אמאל דער שר אין פענסטער פון פאלאץ און וויל זעהן, וואס זיינע ארויסגעגאנגענע טעכטער טוען. זעהט ער, אז איי־נע, די עלטערע, מיט'ן נאמען שרה, זיצט אויף א גאַרטען־באנק און העפט. ווייסט ער, וואס זי העפט. זי העפט אויס, מיט גאלד און זילבער און גראַנאַטען אויף'ן פיינסטען סאמעט, א פרוכת אין שטאַדט אריין פאר דער שול. א יפת תאר, און א בריה נפלאה, די הענטלער פליהען ביים העפטען, און א פרומע נשמה דערצו.

און די צווייטע, מיט'ן נאמען רבקה, לויפט ארום צווישען די ביימען פון בלומען, און רייסט די שענסטע און די טייערסטע און פלעכט א קראנץ. ער וויים, פאר וועמען — פאר'ן ליעבען פאטער. א יפת תאר און א געשיקטע, און אזא הארציגע דערצו. און ער הויבט די אויגען אויף, ווייטער צו קוקען. שוועבען זיינע בליקען איבער'ן שטילען בלויען ים, און זיין הארץ וואונדערט זיך: פאר־וואס זעהט מען קיין שיפלעך מיט חתנים פאר זיינע טעכטער נישט? ווען וועט ער פון זיי נחת דערלעבען?

און ווי ער קוקט אזוי, דערזעהט ער: א שיפעל גענעהנט זיך צו צום ברעג. שטיל ריהרט עס צו. די רודערען הענגען פון די רייפען אין וואסער אראפ, און א האנט הענגט פון שיפעל ארויס, און איינע פון די הענט הענגט אזוי שטאַר אין וואסער אראפ. איז דער שיפער איינגעשלאפען פאר מידקייט, אדער א שלאג פון דער זון באקומען און פאר'חלש'ט געוואָרען?

אומרוהיג געווארען, לויפט דער שר אראפ, שרייט די דינער צוזאמען, איילט מיט זיי צום ברעג פון ים. די טעכטער האבען אויך דערהערט און זענען נאכגעקומען.

איידער מען האט אנגעבונדען א שיפעל, אנטקעגען צו שווי־מען און צו רעטען, האט דערווייל דאס בלאנדזשענדיגע שיפעל אליין זיך צוגעשלאגען צום ברעג.

אין שיפעל איז געלעגען א פאר׳חלש׳טער יונגערמאן.

— אוי, ווי שעהן! — האט אויסגעשריען רבקה. און שרה האט זיך שוין מיט׳ן קראנקען פארנומען, — מען האט פון פאלאץ א טראג־בעטעל געבראכט, מען האט דעם פאר׳חלש׳טען, וואס האט זיך נישט געלאזט דערמונטערען, אויפ׳ן בעט געלעגט און, אויף שרה׳ס באפעהל, צום פאלאץ געטראגען, אין א צימער אריינגע־טראגען...

— איך רייט אין שטאדט אריין נאך א דאקטאר! — האט דער שר געזאגט, און אויגענבליקליך האבען די דינער פאר איהם צוגעפיהרט א געזאטעלט פערד...

— איך וועל רייסען בלומען פאר׳ן שעהנעם קראנקען! — האט רבקה געזאגט. — אז ער וועט זיך אויפכאפען, די אויגען עפע־נען, זאל ער בלומען דערזעהן...

שרה איז ביים קראנקענס בעט געבליבען; צוקאפענס געזע־סען, און שטילערהייט פאר איהם תפלה געטאן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

עס איז געווארען פארנאכט. די זון געהט אונטער און שטילע שאטענס וועבען זיך צוזאמען אין קראנקענס צימער.

אין דער פארשאטענטער שטילקייט, מיט טיפע רויטע אפגלאנ־צען פון דער אונטערגעהענדיגער זון, עפענט זיך פלוצלונג די טיר פון קראנקען־צימער, און עס באווייזט זיך ווער, מיט שווארצע פלינעל, אין א שווארץ טוך פארהילט.

— ווער ביסטו, ווער? — פרעגט שרה דערשראקען, און קאן פון דער ערשיינונג קיין אויג נישט אפווענדען.

— דער מלאך־המות! — ענטפערט דער געקומענער. מען האט מיך נאך דעם יונגענמאנס נשמה געשיקט...

— אוי, — בעט זיך שרה, — לאז איהם געמאך! זעה, ווי יונג ער איז, זעה, ווי שעהן ער איז... ער שלאפט פאר׳חלש׳ט, און

א זיסער שמייכעל שפּילט אַרום די פּיינע ליפּען. אַ זים, ליעב לע־בען חלום׳ט זיך איהם... זעה דעם אַפּגלאַנץ פון גע׳חלום׳טען גליק אויף זיינע בלאַסע באַקען, אויף זיין זיסען שטערן...

— דו האַסט איהם ליעב באַקומען, מיידעל, — ענטפערט דער מלאך־המות — קויף איהם אוים אויף עטליכע מינוט!

— אויף עטליכע מינוט?... מיט וואַס?

ענטפערט ער אויף דער ערשטער פראַגע נישט. נאָר:

— שוואַרצע, — זאַגט ער, — לאַנגע צעפּ האַסטו, שענק מיר דיינע צעפּ!

— נעם! — שרייט שרה אוים.

און דער מלאך נעמט פון אונטער׳ן שוואַרצען מאַנטעל זיין שאַרף מעסער אַרוים. שניידט, שרה בלייבט גאָל. דער מלאך פאַר־שווינדט, אָבער נישט אויף לאַנג.

די זון האָט זיך עטוואַס טיפער געזעצט, אין דער שטילקייט הערט זיך רבקה׳ס געזאַנג ביים בלומען רייסען; אַ זים־האַרציג ליעד זינגט זי, די ווערטער הערען זיך נישט — און דער מלאך המות באַווייזט זיך צום צווייטען מאָל:

— די עטליכע מינוט זענען אַריבער!

— איך וויל נאָך עטליכע מינוט פאַר איהם קויפען, אפשר וועט ער דערווייל די אויגען עפענען...

— דו ווילסט זיינע אויגען זעהן? וואַס גיסטו דערפאַר?

— וואַס דו ווילסט, מלאך!

— פאַרבען דאַרף איך, — ענטפערט דער מלאך, — גיב מיר דעם אַלבאַסטער פון דיין לייב, דאַס פּורפּור פון דיינע ליפּען, דאַס בלויע פון דיינע אויגען...

— נעם! — ענטפערט שרה.

— אויף אַ פּאָר מינוט! — ענטפערט דער מלאך.

— אויף אַ פּאָר מינוט! — זאַגט שרה נאָך, שוין אַן אוים־געבלייכטע, מיט ליפּען בלויע, אויגען פאַרלאָשענע...

דער מלאך פאַרשווינדט. און רבקה׳ס געזאַנג קומט פון גאָר־טען אַלץ נעהנטער און נעהנטער. „זי וועט באַלד דאָ זיין!" טראַכט שרה, און ווייס נישט, צי דאָס פרעהט זי, צי עס מאַכט איהר שמערץ. נאָר איידער די שוועסטער איז געקומען, האָט זיך דער מלאך המות צום דריטען מאָל באַוויזען.

— אזוי געשווינד? — שטאמעלט שרה.

— ווילסט נאך צוויי מינוטען קויפען?

— איך וויל!

— שעהנע ציין האסטו?

— נעם זיי דיר!

ער נעמט. דער יונגערמאן עפענט די אויגען נישט אויף. אויף די טרעפ דערהערען זיך שוין רבקה'ס טריט. זי לויפט ארויף; אבער דער מלאך המות קומט פריהער.

— וואס נאך זאל איך דיר געבען? — פרעגט שרה פאר־צווייפעלט, — וואס פארמאג איך נאך?

א נשמה! — ענטפערט דער מלאך — לעבען פאר לעבען. גיב דיין לעבען פאר זיין לעבען!

— איך גיב!

— נישט דא! — ענטפערט דער מלאך, — דו מוזט אין דיין צימער אריין, אויף דיין בעט זיך לעגען, — אזוי איז דיר שטאר־בען באשערט.

— און ער?

— ער וועט לעבען! אויסלעבען זיינע יאהרען.

שרה וואקעלט זיך אפ אין איהר צימער אריין, דער מלאך המות — נעהט נאך.

אין דער זעלבער סעקונדע האט רבקה מיט געזאנג די טיר צום קראנקענס צימער געעפענט און האסטיג דעם קראנקען מיט בלו־מען באווארפען.

און ער, דער קראנקער, האט פלוצלונג די אויגען געעפענט, פון בעט אראפגעשפרונגען, און איז צו רבקה'ן, ווי פון א מאגנעט געצויגען, צוגעפאלען:

— א, ווי שעהן דו ביסט, כלה!

— א, ווי שעהן דו ביסט, חתן!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

# פרינצעסין קוניגונדא און פרינץ פראש.

(אן אמת'ע מעשה).

געשעהען איז די מעשה אין אלערלייבורג.

וואו אלערלייבורג ליגט, פרעגט א געאגראף; ווען די מעשה איז געשעהען, ווייס געוויס א היסטאריקער...

איך ווייס נאר די מעשה אליין, נאר פאר דאס פון דער ערשטער האנט.

און די מעשה הויבט זיך אן זעהר אינטערעסאנט: די קעניגין פון אלערלייבורג ריכט זיך אין בעט אריין.

געהן צו קינד איז נישט קיין קלייניגקייט; ביי אן ערשטלינג הענגט דאס לעבען אויף א האר; בפרט, אז עס געהט דאס ערשטע מאל צו קינד אן ערעלע, פאטעטישע קעניגין! — גאנץ אלערלייבורג איז פארנומען דערמיט. ווייבער זיפצען, מענער שאקלען מיט די קעפ און דער קעניג —

אויפ'ן קעניג, מוז איך זאגען, פלעגט מען אביסעל רעדען; שטילערהייט זאגט מען, אז ער האט א הארץ אזוי גרויס, אזוי ברייט, ווי דער קעניגליכער פאלאץ און אז אלע הויף־דאמען וואוינען גאנץ באקוועם אין ביידע.

אלע איז אייגענטליך איבערטריבען; נישט אלע הויפדאמען זענען יונג און שעהן; נאר די הויפטזאך איז, אז דער קעניג איז נאר א שעהנגייסט געוועזן; א בעלן אויף א חן־גריבעלע, א פעד־פערל, אויף עפעס גאנץ פיקאנטעס, אבער ווייטער נישט. א הויפ־דאמע, צ. ב., האט איהם געקאנט געפעלען מיט גאר א קלייניג־קייט: מיט א קליין, שקאצעריש־אויפגעריסען נעזעל; נו, פלעגט ער ליעב האבען אין דעם נעזעל אריינצושנעלען, און צו

צאהלען אין געלעכטער א טאַלער פאר א שנעל, נאַטירליך אויף א
האר־נאַדעל! א צווייטע האָט געהאט א וואונדערליך דין־דורכ־
זיכטיג־רויזיג אויערל, פלעגט דער קעניג ליעב האבען עפּעס דער־
רינען איינצוורימען; וואס? וויים איין גאָט, זיי האָבען שוין ביידע
פארגעסען; נאָר בשעת מעשה פלעגט די דאַמע רויט, און די קע־
ניגין בלאַס ווערען. ביי א דריטער, צ. ב., האָט ער באמערקט
אויגען, ווי בלויע בלימעלעך און ער איז געווען א ליעבהאבער פון
בלומען, פלעגט ער שטונדען־לאנג אין זיי אריינקוקען און דער־
ווייל פארהערען, וואס דער מיניסטער ראפּארטירט. ער פלעגט
מעכאניש נאַכזאגען דאס לעצטע וואָרט: הענגען — הענגען, קעפּען
— קעפּען! און דערנאָך זיך וואונדערען: א י ך האב געהייסען?
אזוי אויך פלעגט ער אמאל אונטער'ן טיש דערטאפּען א דין פיסעל,
און קיין איינציגע הויף־דאמע האט נישט געטאָרט האבען קיין
הינער־אויגען, זי זאל נישט אויפשרייען און באאומרוהיגען דעם
גאַנצען טיש... סיי ווי סיי, זעהט איהר, אז אין די הויף־דאמען זענען
איהם געפעלען נאר ק ל י י נ י נ ק י י ט ע ן; ווען מען לעגט
זיי צוזאמען, פארנעמען זיי א גארנישט; בשעת, ווען אין דער קע־
ניגין האט ער געהאט און פארגעטערט — ג א נ צ ע צ ע ה נ ד־
ל י נ ג ע ר מ י י ל ע ן גיטער און שלעסער מיט לעבעדיגען און
טויטען אינווענטאר!

עס איז דעריבער קיין וואונדער נישט, אז דער קעניג אליין
האט זיך אויך באאומרוהיגט און באשעפטיגט מיט'ן וויבטיגען צו־
פאל. און ווייל עס האט זיך דאמאלט אין הויף קיין נייע פּעפּערל
נישט באוויזען, קיין רעוואלוציע איז אין דער לופט נישט גע־
האנגען, נאר אייניגע סטודענטען — פון קריג־פיהרען איז אויך
קיין רעדע נישט געוועזען, האט דער קעניג זיך גענומען גאנץ ענער־
גיש צו דער זאך. ערשטענס, האט ער גערופען דעם הויף־שניי־
דער און געהייסען זיך פארבארייטען: 1) א גאַלא־מונדיר, אויב
די קעניגין וועט בשלום איבערקומען; 2) א טרויער־מונדיר אינ־
גאנצען מיט טרופּע באדעקט — אויב נישט; און דערנאך באפוי־
לען מען זאל צוזאמענרופען אלע מיניסטארען, סענאטארען און גע־
היים־ראטען, צו קלערען, וואס צו טון.

עס זענען געפאלען פארשידענע דעות, נאר דער קעניג האט
געהייסען יוצא זיין לכל הדעות. מען האט דעריבער באשטעלט

אלע באריהמטע אקושערען און באפוילען, יעדער פון זיי זאל גרייט האבען א גאלדענע צוואנג, טאמער וויל דער פרינץ נישט גערנ־וויליג ארוים אויף דער ליכטיגער שיין. אויך האט מען באשטעלט צום אויספרואווען אלע היימישע מיטעל. אויסער דעם האט מען גע־וואלטיג געקלונגען אין אלע קלויסטערס, בשעת ווען אין מעטשע־טען האט מען געשריען: אללאה! אללאה! אין אלערלייבירג איז א קליין מנין געצענדינער געוועזען, האבען זיי ארום פאלאץ הקפות געמאכט מיט די שטיינער און ביינער אין די הענט. אין אידען אפילו האט מען נישט פארגעסען, אלע מוזען גאט בעטען, און ווער עס איז נישט געלאפען אין שול אריין, דעם האט מען מיט בליי־ערנע רעמעטלעך אונטערגעשמיסען... א ציגיינער האט מען אויך באשטעלט, אפשר וויל גאט נישט העלפען, זאל ער ביים טייפעל פועל׳ן!

דער הויף־נאר (אהן וועלכען דער קעניג מאכט נישט קיין שרים, ער זאל נישט אריינפאלען אין מרה־שחורה) איז אויך דערביי געוועזען, הינטער דעם קעניגס טראן געשטאנען. ער האט אפילו אן אנדער עצה געגעבען. בשעת מעשה, — האט ער געראטען, — זאל עמיץ איינרוימען דער קעניגין אין אויער א ווארט אמת; דער פרינץ וועט דערהערען און ארויסשפרינגען פון דער הויט! ליידער אבער האט מען געזוכט אין אלע הייזער און לאדען א וואר ווארט פאר׳ן קעניג און נישט געפונען. טייל האבען קיינמאל די סחורה נישט געהאלטען, אנדערע האבען שוין לאנג ארויסגעווארפען דעם הבל אויפ׳ן מיסט. מאנכע האבען אפשר געהאט, נאר געלייקענט שטיין־און־ביין, טראכטענדיג: אדער מען מאכט חוזק, אדער מען וויל עפעס נעוואר ווערען!

פאר דאס האט מען באקומען שטרוי אין די מאסען, און אלע גאסען אויסגעלעגט, די קעניגין זאל רוהיג שלאפען און נישט הערען וואס אין דרויסען טוט זיך.

---

ענדליך איז די קעניגין איבערגעקומען!

ווער איינגענטליך עס האט געהאלפען, ווייס מען נישט ביז׳ן היינטיגען טאג; אפשר די מעריצין, אפשר איטיצער א גאט און אפשר דער ימח־שמו׳ניק...

געשווינדער דער ימח־שמו׳ניק — ווייל ווי אויף להכעיס איז געבוירען געוואָרען נישט קיין פּרינץ נאָר אַ פּרינצעסין! אַזאַ שפּאַס פּאַסט פאַר אַזאַ פּאַרשוין!

מען האָט זיך אין הויף געוואונשען, געזונגען, געשפּילט, גע־טרונקען און געטאַנצט, אפילו גאָט געלויבט; מען האָט דער פּרינ־צעסין אַ נאָמען געגעבען — קוניגונדאַ. נאָר צופרידען איז קיי־נער נישט געוועזען! די מעדיצינער, די גייסטליכע מיט׳ן ציגיינער האָבען זיך געקריגט, געשאָלטען און די האָר אויסגעריסען — יע־דערער האָט זיך צוגעשריבען דעם גאַנצען פאַרדינסט אין דער זאַך. דער קעניג האָט, נאַטירליך, געוואָלט אַ פּרינץ און גערע־כענט, אַז די קעניגין האָט עס איהם צו להכעיס געטאָן! ווי אַזוי? אַ קשיא אויף ווייבער! נאָר דער עיקר אומצופרידען איז געוועזען גאַנץ אַלערלייבורג. עס האָט אַזויפיעל געקאָסט — דער גאַנץ־יעהריגער שטייער פון זאַלץ — און צום סוף אַ פּרינצעסין! דער קעניג איז נאָך אפילו יונג, האָט אַפּעטיט, אויף׳ן פּנים — אַ מאַנס־פּאַרשוין, נאָר ווער ווייס! ער צוואַוואַרפט זיך אויף פעפערלעך און אַלערליי קליינינקייטען און וועט נישט צוזאַמעננעמען די כחות אויף אַ פּרינץ! און מאַכט ער חלילה צו אַן אויג, וועט רעגירען אַ נקבה — אַ שאַנד פאַר אַזאַ לאַנד! — אָדער די זעקס און דרייסיג קעניגליכע פעטער וועלען צורייסען אַלערלייבורג, ווי די וועלף!

מיט דער צייט איז דאָך שטיל געוואָרען. די נויט־העלפער זע־נען זיך צופאָהרען, דער קעניג האָט זיך געטרייסט מיט׳ן היינ־נאַר און אַ ניי פעפערל ביי אַ נייער הויף־דאַמע, אַלערלייבורג האָט באַ־קומען אַ וויכטיגער געשעפט צום זאָרגען: עס איז געוואָרען אַ פּגירה אויף שאָף, און אַלע האָבען אַן דער פּרינצעסין קוניגונדאַ פאַרגעסען!

געדענקט אַז איהר האָט די קעניגין אַליין.

ערשטענס: אַ מוטער בלייבט מוטער, און צווייטענס, די קע־ניגין אַליין איז אויך פאַרגעסען געוואָרען, און די פּרינצעסין איז געוואָרען איהר איינציגע טרייסט.

און זי האָט זיך מיט איהר גאַנץ ערנסט פאַרנומען, מיט׳ן גאַנצען האַרץ!

און דער קעניגין איז איינמאָל איינגעפאַלען, אַז מען דאַרף זעהן די פּרינצעסין קוניגונדאַ זאָל גליקליך זיין.

פון זיך אליין האט זי געוואוסט, אז א קרוין אויפ׳ן קאפ איז נאך גאר קיין גליק נישט פאר׳ן הארץ. גאנץ אפט האט ביי איהר איינגענעם מאן דאס איינפאכסטע הויף־פריילייַן מעהר גליק געהאט פאר איהר. אויך טרעפט זיך, אז אין נאס לאכט מען און מען פרעהט זיך פיעל מעהר, ווי אין פאלאץ. זי האט, דורכפאהרענדיג, געזעהן נאקעטע און בארוועסע לאכען. הונגער־דארע שמייכלען. בשעת ווען ז י האט געשנירט די ליפען מיט כח, זיי זאלען נישט ציטערען און אין די אויגען האבען איינגעהאלטענע טרערען, ווי פייער געברענט!

— גליק, — טראכט די קעניגין, — מוז זיין ביי גאט אין די הענט; פיליייכט דאס איינציגע, וואס ער האט זיין שטעלפארטרע־טער אויף דער ערד — דעם קעניג — נישט איבערגעגעבען! ווייל דער קעניג אליין איז אויך נישט גליקליך, טיילמאל שלאפט ער נישט! און זי האט ער קוים אכט צי צעהן טאג געקאנט גליקליך מאכען.

„גליק איז ביי גאט אין דער האנט!" און אויף דער קעני־גינס באפעהל האבען זיך נאך אמאל פארזאמעלט די אלע, וואס האבען, לויט זיי אליין אדער אנדערע זאגען, א דעה ביי גאט!

בענשען די פרינצעסין זענען געקומען דערווישען, גלחים און רבנים...

און זיי האבען איינער נאכ׳ן צווייטען זיך ביי דער וויג גע־שטעלט; אראפגעלאזט די פרומע אויגען צום פרישען פאמידארען קעפעל אין וויג, אויפגעהויבען זיי צום בלאנקען גאלד־קריסטאלען הענג־לייכטער אין דער הויך; געבלאנקעט זיך מיט׳ן בליק אויף אלע פארציטערטע פיער ווענט, אדער ארויסגעשיקט דעם בליק דורכ׳ן פענסטער און נאכגעיאגט א לייכטען נעבעל אין בלויען הי־מעל. דערביי האט מען געמורמעלט דעם שפרוך...

דערפאר האט זיי די קעניגין טייערע גארטלען געשענקט; גע־שטיקטע, — פאר די גלחים מיט בריליאנטען, פאר די דערווישען מיט פערעל און פאר די רבנים — מיט גאלדענע פעדים.

נאר די קעניגין איז נישט צופרידען געווען! זיי האבען גריי־כיש, לאטיין, טירקיש און העברעאיש געמורמעלט; אלץ אויף פרעמדע, אויף טויטע שפראכען. צי האבען זיי געבענשט צי גע־שאלטען? ווער ווייס?

זי האט קיין איינציג ווארט נישט פארשטאנען.

און די אם, — די שענסטע און געזונטסטע פויערטע פון גאנצען לאנד, — איז אויך נישט צופרידען פון גייסטליכען שפרוך. זי רעדט אוים איהר הארץ פאר דער קעניגין:

זי גלויבט אין גאט, זי גלויבט ש ט א ר ק אין גאט! אז גאט וויל, — זאגט זי, — קאן ער אלעס. נאר צי קאן ער אזוי פיעל ו ו ע ל ע ן? ער איז צו א גרויסער פריץ אין זיינע הויכע הימלען און האט צופיעל צו טאן. ווענען ער מוז אלץ שפייזען! פון שוואכסטען גרעזעל, וואס ציהט זיך קוים לעבענדיג פון א טראפען בלאטע ארוים, ביז דעם העכסטען בוים, וואס שפארט זיך מיט געוואלט אין הימעל אריין! ער מוז שפייזען די לייכטע פייגעל אין דער לופט, די פרעסיגע פיש אין וואסער, די חיות אין וואלד און אויסער דעם אלע, אלע מענשען! טייל דאס שענסטע און דאס בעסטע, אנדערע כאטש א שטיקעל דאר ברויט אויף א מעת־לעת! וויפיעל פויערען און פויערטעס, וויפיעל אידען און פריצים, וויפיעל גלחים און גרויסע לייט! ווען רוהט ער? ווען האט ער צייט צו באטראכטען?

זי וויים! טיילמאל איז ער זיך טועה פאר איילעניש, און שפריצט מיט רעגען, ווען מען דארף עס זאל טריקענען דאס היי, און דאס פיה נעבעך פגר'ט און פגר'ט! אז אנדערס מאל כאפט ער און שיט פייער פאר וואסער און פארברענט די תבואה אויפ'ן פעלד און מענשען עסען קלייען, קארטאפעל־שאלען און ליים, און פלאנצען, אדער שטארבען פאר הונגער! זי אליין האט זיך פריהער געהאלטען אן גאט! שטענדיג פאר איהם געוויינט און געבעטען זיך, נאר זעלטען האט עס איהר געהאלפען... גאר עפעס אנדערש איז זיין נעגנער, דער טייוועל, ימח שמו. (דער „ימח שמו“ איז אונזער, די פויערטע קריגט דאס פיבער ביי זיין נאמען.) ער איז שוין, זאגט זי, א זיכערער פאטראן! ער איז אויך גרוים, ער האט אויך א פאלאץ פון פייער אונטער דער ערד, נאר ער פיהרט קיין וועלט נישט; ער האט צייט! און דערצו איז ער א לעב־קינד, א פרעהליכע זאך און קיינמאל נישט שטאלץ ביי זיך. טיילמאל כאפט ער זיך אפילו אריין אין קרעטשמע און טאנצט מיט'ן ערשטען בעסטען פויערען־מיידעל, אז עס פליהען פונקען! גאנץ אפט פאר־שטעלט ער זיך איז אלערליי מענשען, חיות און עופות און בא־

ווייזט זיינע קונצען! א פרייער פויגעל איז ער, און דעריבער קאָן מען אמאָל ביי איהם מיט א גראָשענדיג ליכטעל מעהר פועל'ן, ווי ביי נאָט מיט וועקסענע ליכט און שטורקאַצען!

— על כן, ראט די אם, — זאָל די קעניגין ביי איהם בעטען גליק פאר דער פרינצעסין קוניגונדא! זאָלען זיך אויף איהר באַפעהל פארזאמלען אלע כשוף־מאכערינס פון גאנץ אלערלייבורג און ווינשען און בענשען דאָס קינד. און וועלכע עס וועט זאָגען דעם בעסטען וואונש, זאָל באקומען דאָס שענסטע און טייערסטע געשענק.

דער קעניגין איז אביסעל אומהיימליך געוואָרען, דאָך האָט זי אוים ליעבע צו דער פרינצעסין קוניגונדא איבערגעדייבערט די שרעק און געהייסען אויפזוכען אלע אלטע מכשפות.

דערביי, פאר דאנקבארקייט צו דער אם, האָט די קעניגין באַפוילען, מען זאָל אויסזוכען דאָס בעסטע ערדענע פייפערל און שיקען איהר קינד אין דאָרף אריין — א מתנה פון דער קעניגין.

די געשיכטע שווייגט, צי דאָס פייפערל איז אָנגעקומען גאנץ אין דאָרף אריין, נאָר דאָס איז זיכער, אז גאנצע זיבען אלטע, איינגעשרומפּענע מכשפות האָבען זיך אויפגעקליבען אין אלערלייבורג; אז זיי זענען אריינגעקומען, איז פינסטער געוואָרען אין צימער, און א שאָטען האָט זיך געלעגט אויף דער פרינצעסינס וויג. די קעניגין האָט געפיהלט, אז די שרעק פרעסט איהר צו דאָס הארץ, נאָר עס איז שוין צו שפּעט געוועזען זיך צוריקצוציהען; באליידיגען דעם טייוועל טאָר מען אודאי נישט! זי האָט זיך געמאכט א הארץ און האָט צו די כשוף־מאכערינס אזוי געזאָגט:

— אָט, דאָ אין דער גאָלדענער וויג, ליגט די פרינצעסין קוניגונדא! מען זעהט עס איהר דערווייל נישט אָן, נאָר אז זי וועט אויפוואקסען מיט גאָטעס הילף, און ערצויגען ווערען אונטער מיין אויג און אונטער דעם אויג פון אונזער הויף־צערעמאָניע־זינג־שפּיל־און טאַנץ־מייסטערין און וועט נאָך רעדען אביסעל פראַנצויזיש, וועט זי זיין פרינצעסין אין יעדען צאָל. ווער שמועסט, אז זי וועט אנטון א גאָלדען געשטיקט קלייד, גארנירט מיט טייערע שטיינער און ארויפלעגען א קרוין אויפ'ן קאָפּ — וועט עס א בלינדער זעהן! נאָר דאָס, אייגענטליך, ווייסט איהר אליין! — — אצינד הערט:

מיט אלעם גוטען — רייכטום, עהרע, א פרינץ, און פילייכט א פארטיגען קעניג. פאר א מאן, וועלען מיר, דאס הייסט דער קעניג און איך, די פרינצעסין שוין פארזארגען! נאר פון מעהר האבען טוט דער קאפ נישט וועה — ווינשט מעהר, ווינשט וואס איהר קענט, און איך וועל אייך רייך באלוינען.

— גוט, — האבען געענטפערט די זיבען אלטע שווארצע ווייבער אין נעצויגענע קניפלעך אין וואס פאר ארדנונג זיי זאלען צוגעהן צו דער וויג.

און די ערשטע כשוף־מאכערין האט געזאגט:

— גליקליך קינד! א פרינצעסין ביסט דו שוין געבוירען! גיטער און שלעסער און א געקרוינטען מאן, וועלען דיר דער קעניג מיט דער קעניגין מן הסתם געבען! די קעניגין אליין זאגט עס! איך פון מ י י ן זייט ווינש דיר  ג ע ז ו נ ט!

די קעניגין האט זיך דערפרעהט. איהר קינד וועט נישט מאזלען, נישט פאקען, נישט ליידען אויף ציינדלעך! עס וועט זיך איהם אפילו פון אויערל נישט גיסען! עפעס א שפרענקעלע איז געשטאנען אויף דעם נעזעל ביי דער פרינצעסין, איז עס אויך ביים שפרוך פארשוואונדען געווארען!

— און לאנג זאלסט דו לעבען! — איז דערווייל צוגעגאנגען און געזאגט די צווייטע.

— אויך א גוטע זאך, — טראכט די קעניגין, — אלטע ווייבער האט אפילו די וועלט נישט ליעב, נאר אלטע פרינצעסינען מוז מען שוין ליידען; איהר וועט מען אייביג קושען די האנט!

די דריטע האט געוואונשען: און שעהן זאלסט דו זיין, ווי די וועלט!

די קעניגין האט זיך נאך מעהר דערפרעהט! אין דערזעלבער סעקונדע איז די קליינע רויטליכע פרינצעסין געווארען ווייס, ווי אן אלבאסטער, באשיינפערליך האבען איהר אנגעהויבען זיידענע הערלעך צו שפראצען! אך, פון אלע עקען אין דער וועלט וועלען פרינצען און קעניגע קומען און קניען און בעטען איהר האנט!

— און קלוג, — האט די פיערטע געזאגט, — זאלסט דו זיין, ווי די וועלט!

— וואויל! — רופט אויס די קעניגין. זי וועט זיי רעכט־

נישען שטעלען, קלוגע, טיפע רעטענישען, און ווער עס וועט טרעפען, וועט זיין איהר מאן!

די פינפטע האט געוואונשען: ליעבע צום מאן. די נעקסטע: ליעבע פון מאן צו איהר. ענדליך איז צוגעגאנגען די זיבענטע און געזאגט:

— דו האסט שוין אלעס, פרינצעסין, אצינד ווינש איך דיר, זאלסט קיינמאל נישט פארלאנגען נישט־דיינס, נישט ווערען, וואס פרעמדס איז.

— וואס? — האט אויסגעשריען די קעניגין פארוואונדערט, נאר די אם האט אנגעהויבען ארומצוטאנצען אין שטוב פאר פרייד און גערופען:

— א! א! גוט און פרום וועט זי זיין, מיין פרינצעסין וועט שוין גוט און פרום זיין!

מיט אן אם טאר מען שוין נישט שפארען, און די קעניגין האט געמוזט דער זיבענטער כשוף־מאכערין אויסער אלע מתנות נאך צוגעבען א פאר גאלדענע פאנטעפעלעך, אין וועלכע זי האט געטאנצט צו די תנאים...

---

און עס איז געשעהען אזוינס, וואס זייט די וועלט שטעהט איז נאך נישט געשעהען. אלע זיבען ווייבער האבען אמת גע־זאגט. שוין אין וויג האט די פרינצעסין געבליהט, ווי א רויז, און האט זיך אזוי קלוג געוויזען, אז מען האט זי פאררעכענט אין סע־נאט אריין! נאר באלד דערנאך האט זיך אויסגעוויזען, אז נישט אלץ איז גאלד, וואס עס גלאנצט און אז א כשוף־מאכערין טאר מען פארט נישט טרויען.

איינמאל, שטעלט אייך פאר, זעצט זיך אויף די פרינצעסין אין וויג און זאגט:

— וויגט מיך נישט, פארדרעהט מיר נישט דעם קאפ!...

מען האט איהר צוליעב געטאן.

דערנאך האט זי באפוילען:

— וויקעלט מיך נישט! וואס בינדט איהר מיך? לאזט מיך פריי!

עס איז אפילו א מנהג פון קדמונים, נאר מען האט איהר דאס אויך נאכגעגעבען.

ערגער איז געווען, אז די פרינצעסין האט זיך איינמאל אויפגעזעצט און געפרעגט די קעניגליכע מוטער, פארוואס איהרע בריסטען האבען קיין מילך נישט. פייער־רויט איז די ארעמע קעניגין געווארען און איז ארויס פון שטוב. די אם ענטפערט כמעט מיט כעס:

— א קעניגין איז נישט קיין געוועהנליכע פרוי, זי זאל ארומגעהן, ווי א קוה מיט מילך...

— און די הויף־דאמען? — פרעגט ווייטער די פרינצעסין.

— דאס זענען דאך מאמזעלען! — שרייט ארויס די אם, פארגעסענדיג, אז זי רעדט מיט א קינד, דאס זענען דאך מאמזעלען, זיי פאסט נארנישט צו האבען א קינד, און מילך באשערט גאט נאר דער מוטער פאר איהר אייגען קינד!

— בין איך ד י י ן קינד? — פרעגט די פרינצעסין שארף. היים און קאלט איז דער אם געווארען.

— מיין קינד, — ענטפערט זי, און פלוצלונג האט איהר א קוואל טרערען געשפריצט פון די אויגען, — מיין קינד איז אין דארף געבליבען, פייכט ברויט זויגט עס... איך בין אהער געקומען דיך, פרינצעסין, צו דערנעהרען! א גרויסער כבוד, א גרויס גליק האט מיך געטראפען!

— און פארוואס וויינסט דו?

— פאר פרייד! — שרייט אוים פארצווייפעלט די אם. נאר עס האט נישט געהאלפען!

— וואס נישט מיין איז, וויל איך נישט! — זאגט די פרינצעסין און האלט זיך דערביי שטאל און אייזען; מען האט זי געמוזט אנטוועהנען.

נאר דאס איז נאך ווייניג. שפעטער ווערט זי נעוויאר, אז זי טראגט, וואס פרעמדע האבען אויסגעארבייט, וואוינט אין א פאלאץ, וואס פרעמדע האבען געבויט, און עסט, וואס פרעמדע האבען פארזייט, געשניטען, געמאלען און געבאקען.

דאס וויל זי נישט!

— וואס דען ווילסט דו, פרינצעסין?

אל־זמן זי קאן אליין נישט ארבייטען, ווי זי אין וואלד אריין,

אונטער גאַטס הימעל וואוינען, פּרוכטען פון פרייען בוים עסען און קליידען זיך, ווי די מוטער חוה מיט בלעטער.

— איז דיר אונזערם פרעמד? — פרעגען דער קעניג מיט דער קעניגין.

— עס איז נישט אייערס! — ענטפערט די פּרינצעסין און טופּעט מיט׳ן פוס.

נאַטירליך איז זי גיך און באַלד פאַרשוואונדען געוואָרען.

אין געהיים האָט אַלערלייבורג געטרויערט, נאָר אַזוי האָט קיי־נער אפילו נישט דעם מוט געהאַט צו פרעגען, וואו זי איז אהינ־געקומען, איז זי אנטלאָפען אָדער פאַרשיקט, אויף דער צי אויף יענער וועלט? ביינאַכט, ביי זיך אין דער פינסטער אויף׳ן בעט האָט נישט איינער געזיפצט. נאָר אַזוי — שאַ!

פון דער כשוף־מאַכערינס ברכה איז אַ קללה גע־וואָרען!

---

נאָר די פּרינצעסין איז נישט אנטלאָפען, אויך האָט מען זי נישט אומגעבראַכט.

אויף׳ן קעניגס פּאַלאַץ שטעהט אַ הויכער טורעם, מען זאָל איהם אין הימעל דערקענען. אין טורעם איז דאָ אַ קליין אייזערנע שטיבעלע, מיט אַ פּיצעלע פענסטערל, דורך וועלכען עס זעהט זיך ארויס אַ קליין פּיצעלע ערד, נאָר אַסך הימעל.

דאָרט אין שטיבעלע, אונטער ריגעל און שלאָס, זיצט די פּרינ־צעסין.

ביינאַכט באַטראַכט זי די שטערען אין הימעל און וואונדערט זיך, וואָס זיי זענען אַזוי קאַלט; אַזוי ליכטיג און דאָך נישט וואַ־רעם; בייטאָג האָט זי עפּעס אנדערש צו טון. נישט ווייט פון פּאַ־לאַץ איז געשטאַנען דעם קעניגס שמידערייַ, וואו עס האָט געאַר־בייט אַן אַלטער שמיד מיט אַ מיטעליעהריגען געהילף און אַ לערענ־יונגג, נאָך כמעט אַ קינד.

ערשטענס, האָט זי ליעב געהאַט צו באַטראַכטען די פונקען.

— אַ מערכה פאַר׳ן פּאַלאַץ, טראַכט די פּרינצעסין, וואָס זיי

צופליהען זיך אזוי לייכטזיניג און ווערען באלד פארלאשען. אניט וואלט שוין לאנג פון פאלאץ קיין שטיין אויף א שטיין נישט גע־בליבען.

— א שאד, — זיפצט ווייטער די קלוגע פרינצעסין, — אזוי פיעל פייער און אהן א שום נוצען!

שפעטער האט זי זיך גענומען צו באטראכטען די ארבייטער אין דער שמידעריי.

— אויפהאקען מיינע שלעסער, טראכט זי, וואלטען נאר ז י י געקאנט! נאר ז י י קאנען מיך באפרייען!

— ליידער, טראכט זי ווייטער, איז דער אלטער שמיד צו אלט! צווישען אייבינגען האמערען און קלאפען, איז ער טויבליך, מען זעהט עס אין די תנועות זיינע, און ווען איך רוף זיין הילף, וואלט ער מיך נישט געהערט! זעהן וועט ער מיך אויך נישט! ער קוקט קיינמאל נישט העכער פאר זיין אייגענעם האמער!

זיין געהילף (פיהרען זי ווייטער די געדאנקען) איז אינגער. שטילערהייט ווארפט ער א בליק אין דער הויך, עס איז מעגליך, ער זאל מיך דערזעהן. ווען די ארבייט שטעהט, קאן ער מיך הע־רען! נאר רעטען — וועט ער מיך נישט! ער האט צופיעל שרעק אין אויג, ער בויגט זיך צופיעל און צו טיף, אז עמיץ געהט דורך פון הויף. ער וועט די העזה קיינמאל נישט האבען!

— מיין גאנצע האפנונג, שמייכעלט זי צו זיך אליין, איז דער יונג ביים באלג... איך דערקען אין זיינע פייערדיגע אויגען, אז ער וועט עס וואגען! איך דערקען אין זיין פייפען ביי דער אר־בייט, אז ער האט ווייניג, גאר ווייניג דרך ארץ! טיילמאל גיט ער א מאך מיט דער האנט, גלייך ער וואלט דעם באלג מיט'ן אמבאס צוזאמען איבערגעקערט... אז איך וועל אויפוואקסען און ארויס־שטעקען דעם קאפ דורכ'ן פענסטער, וועט ער מיך דערזעהן, אז איך וועל מיט א קרעפטיגערער שטימע רופען, וועט ער מיך הערען!

און דאמאלט (שמייכעלט זי ווייטער צו זיך אליין און ווערט רויט פאר פארגעניגען) דאמאלט וועט ער זיך פארליעבען אין מיר. מיך באפרייען און איך וועל איהם גליקליך מאכען.

אזוי טרייסט זיך די פרינצעסין קונינגונדא.

אין א צייט ארום (יאָהרען רעכען איך נישט) איז אין אלער־לייבורג ווייטער נייעס געשעהען.

אלערלייבורג איז איבערראשט געוואָרען. עס וועט שוין נישט צוריסען און פארטיילט ווערען צווישען זעקס און דרייסיג קעניג־ליכע פעטער! א נייער פרינץ פון דער נאָדעל איז געבוירען גע־וואָרען! — דער קעניג אליין האָט עס נישט געגלויבט!

הערענדיג, אז די קעניגין פיהלט זיך אנדערש ווי אלע מאָל, האָט ער, דער קעניג, מיט די פלייצעס געקוועטשט און גרויסע אויגען געמאכט; ווען די קעניגין איז באשיינפערליך דיקער גע־וואָרען, האָט ער, דער קעניג, זיך דערמאָנט, אז איינמאָל האָט די קעניגין געטרונקען אין וואלד וואסער פון קוואלען, און האָט גע־ווים איינגעשלונגען א פראָש, און ער וואקסט איהר אין בויך!

אז מען האָט שפעטער פארגעשלאָגען דעם קעניג, מען זאָל רופען די אקושערין מיט גאָלדענע צוואנגען, איז ער בייז געוואָרען און געהייסען רופען א מאגען־דאָקטאָר, ער זאָל ארויסטרייבען דעם פראָש!

און אז דער קעניג האָט געזאָגט פראָש, האָבען אלע נאָכגע־זאָגט: פראָש!

און אז דער פראָש איז דערנאָך ארוים מיט הענט און פיס און אויגען, ווי א מענש, האָט ער, דער קעניג, א געשריי געטאָן: צו וועמען איז ער עהנליך? נאָר גיך און באלד האָט ער אין דער פראָגע פארגעסען. אויפ'ן ערשטען באל האָט ער געפונען נאָר א ניי, פריש, וואונדערליך פעפערל און האָט אינ'ם פרינץ פראָש גאָר אינגאנצען פארגעסען.

צו וועמען דער פרינץ פראָש איז עהנליך, ווייס מען נאָך נישט, נאָר נערוועז איז ער און קרענקליך... און דער הויף־דאָק־טאָר צווייפעלט, צי פון איהם וועט נאָך אמאָל ארוים באדיי א פרינץ־פליג אָדער פרינץ־פלוי.

נאָר דער עיקר מעשה איז, אז בשעת דער קעניג האָט געעפענט דעם גרויסען באל מיט'ן נייעם פעפערל, בשעת ווען טראָמפייטען און פאנפארען האָבען געשמעטערט און גאנץ אלערלייבורג האָט געשריען „הורא!“ האָט דער באלג־יונג, וואָס איז דערווייל אויפ־

געוואקסען. אויפגעריסען די שלעסער און באפרייט די פרינצעסין קוניגונדרא.

זיי זענען דערוויילע ערגעץ באהאלטען, נאר מיט דער צייט, רעכענט מען אויף זיכער, וועלען זיי גליקליך ארוים אויף דער ליכטיגער שיין. — און דאמאלט וועלען אלע זיבען וויבער האבען אמת געזאגט.

# קליינע מעשה׳לעך פאר גרויסע קינדער

## 1.

## אין געמויזעכטס.

— אמאל איז זיך געווען א געמויזעכטס. —

עס איז זיך געשטאנען גאנץ אפארט: אפגעטיילט פון דער רעשט לאנקע (וואו בהמות האבן זיך געפאשעט און יונגע פאס־טיכער מיט שטיינער געווארפען), מיט הויכען שאווער און שארף־שפיציגע דערנער, און אפגעזונדערט פון דער לופט — מיט א פעט־בלישטשענדיג־גרין הייטעל, וואס דער ווינט צורייסט אמאל אין א יאהר. — געלעבט אין געמויזעכטס האבען (ווי דער סדר־עולם איז) גאנץ קליינע ווערעם, וואס האבען געגעסען — נאך קלע־נערע.

דאס געמויזעכטס איז — נישט לאנג, נישט ברייט און אפילו נישט טיף. די ווערעמלעך האבען עס נאר דעם פעטען שליים, די וואסער־געוויקסען און די פוילע צווייגלעך צו פארדאנקען, אויב זיי קאנען דאס געמויזעכטס נישט דערגרינדען, נישט צושווימען צו א ברעג.

די געמויזעכטס־געאגראפיע שלאפט דעריבער נאך אין וויג. פאר דאס האט די געמויזעכטס־גאוה שוין לאנג אפענע אויי־

גען: די פאנטאזיע איז אונטער'ן פינסטערען הייטעל ביי דער גאנ־צער ממשלה אוןביידע צוזאמען שפינען און וועבען.

און מיט דער צייט האבען זיי אויסגעשפונען א מטורה פון קדמונים, אן אמת ווערמיגע טראדיציע.

„דאס געמויזעכטס איז דער ים־הגדול!

„אין איהם גיסען זיך אריין אלע פיער טייכען פון גן־עדן... דער חדקל ברענגט מיט מיט זיך דאס גאלד — — דאס איז דער שליים, אין וועלכען עס שטעקט זייער פרנסה — און די רעשט דריי טייכען ברענגען בלומען — דאס זענען די וואסער־געוויקסען, צווי־שען וועלכע זיי שפילען זיך אין באהעלטעניש אין א יומא־דפגרא — פערעל — אלע זשאבע־שיסעלער. און קרעלען — די פארפויל־טע צווייגלער...

„דאס גרינע הייטעל, די פארפעצטע יארמולקע איבער'ן גע־מויזעכטס, איז דער הימעל איבער'ן ים־הגדול! אן עקסטרא באזונדער הימעל פאר זייער וועלט!"

שטיקלעך אייער־שאלען, וואס האבען זיך דארט פארבלאנ־דזשעט, שפילען די ראלע פון שטערען און מיט א פארפוילטער דיניע האט מען יוצא געוועזן פאר דער זון...

די שטיינער, וואס פלעגען אמאל אריינפאלען דורך די פאס־טיכער, זענען — גאנץ נאטירליך — געוועזן אבני־אלגביש־שטיי־נער, וואס דער הימעלווארפט זינדיגע לייט אין קאפ אריין, און, אז דער הימעל האט זיך געשפאלטען, און עטליכע שטראלען פון דער אמת'ער זון האבען אפגע'שרפ'עט א ווערמיגען מח, האט מען געפיהלט און געגלויבט אין גיהנום!

נאר — וואויל האט זיך געלעבט אין געמויזעכטס, וואו יע־דער איז געווען פון זיך און מיט אלע צופרידען! ווער עס וואוינט אין ים־הגדול איז שוין בטבע א פיש! איין ווערימעל פלעגט דאס צווייטע רופען: שלייען, העכט! אויף מצבות פלעגט מען קריי־צען: קראקאדיל און לויתן! „פלאטקע" איז געוועזן די גרעסטע באליידיגונג, פאר „קעלבקים" האט מען זיך יום־כפור נישט מוחל געוועזן! דערביי האבען געבליהט: אסטראנאמיע, פאעזיע און פילאזאפיע, ווי די רויזען!

די שטיקלעך אייער־שאָלען האָט מען געצעהלט ביז מען איז דערגאַנגען, אַז מען קאָן זיי נ י ש ט איבערצעהלען...

ראַמאַנטיקער האָבען די „פמליא של מעלה“ אויף טויזענטער אופנים באַזונגען; דערביי פלעגט מען פאַטריאַטען פאַרגלייכען צו שטערען, שטערען צו דאַמען־אויגען און די דאַמען אליין צום הי־מעל, אויב נישט גאָר צום גיהנום. די פילאָזאָפיע האָט באַזעצט די פרומע געשטאָרבענע נשמות אין דער פוילע דיניע אריין...

קורץ — עס האָט גאָרנישט געפעהלט! דאָס לעבען האָט גע־האָט אַלע פאַרבען פון רעגען־בויגען. מיט דער צייט האָט מען צו־געמאַכט אַ קאָדעקס מיט הונדערטער פירושים, עס האָבען זיך איינ־געפיהרט טויזענטער מנהגים. און אַז אַ ווערימעל האָט זיך פאַר־גלוסט עפּעס אַ שנוי, איז גענוג געווען, עס זאָל זיך דערמאָנען, וואָס די „וועלט“ וועט זאָגען דערויף — עס זאָל רויט ווערען, חרטה קריגען און תשובה טון!

נאָר... איינמאָל איז אַ חורבן געשעהען!

עס איז דורך אַ סטאַדע חזירים!

שרעקליכע פיס האָבען צוטרעטען דעם הימעל, צוקנעטען דעם שליים, צוריבען די קרעלען, צומאַרשטען די בלומען... און פון דער גאַנצער אָפּגעזונדערטער „וועלט“ אַ תהו ובהו געמאַכט!

טייל ווערים זענען טיף אונטער׳ן שליים געשלאָפען (און ווע־רים שלאָפען לאַנג), זענען זיי טאַקע נצול געוואָרען... אַז זיי זענען צוריק אַרויף, איז שוין דער הימעל צוריק צוזאַמען־געשוואָומען, זיך צוריק צונויפגעקלעפּט... נאָר — גאַנצע הויפען דערדריקטע, דער־שטיקטע און צוטרעטענע ווערים זענען געלעגען אָהן קבורה, און טויטערהייט עדות געזאָגט אויפ׳ן חורבן!

וואָס איז דאָ געשעהען? — פרעגען די פּעפער דערשראָקען, און זוכען אַ לעבעדיגע בריאה, וואָס זאָל זיי קאָנען דערקלערען די סבה פון דער שרעקליכער מגפה. נאָר נישט לייכט איז איבערצו־לעבען אַ הימעל! ווער עס איז נישט צוטרעטען געוואָרען, איז גע־שטאָרבען פאַר שרעק; ווער עס איז נישט געשטאָרבען פאַר שרעק, איז געשטאָרבען פאַר וועהטאָג; די רעשט האָבען זיך אַליין דאָס לעבען גענומען... אָהן הימעל, איז אָהן לעבען!

איינער איז אפילו יאָ געבליבען לעבען. נאָר, קוים האָט ער זיי דערצעהלט, אַז דער הימעל, וואָס זיי זעהען אַצינד, איז נאָר אַ

נייער פון דער נאַרעל, אַז יענעם הימעל האָבען חיות צוטרעטען ; אַז ער האָט זיי געזאָגט, אַז אַ ווערמינגער הימעל לעבט נישט אייביג... אַז אייביג, קאָן זיין, לעבט נאָר דער אַלגעמיינער הימעל, — האָט מען באַלד דערקענט, אַז ער איז אַראָפּ פון זינען.

מען האָט איהם מיט גרויס רחמנות געקאָוועט און אין דול־הויז אַריין געשיקט.

3.

# א קעלבענער קל וחומר.

— דער דין איז: הכל שוחטין — זאָג איך אַ קאַלב — על־פּי דין מעגען אַלע שעכטען; מען דאַרף קיין סמיכה נישט פון גאונים, קיין בריף פון רבנים, מען דאַרף גאָרנישט, — ווער עס וויל, מעג שעכטען.

— שקר, — ענטפערט מיר דאָס קאַלב — מען דאַרף זיין דערצו אַ איד אַ למדן, מען דאַרף גוט קענען הלכות שחיטה, מען דאַרף קאָנען פּרואווען דעם חלף אויף דער צונג... אויך מוז מען זיין פרום, אויסגעווייקט אין מקוה, דערצו ערנסט מאַכען די ברכה און פאַרגלייכטען די אויגען.

— האָסט אַ טעות, קאַלב, עס איז אַ בפירוש'ע משנה: הכל־שוחטין —

— ניין, — האַלט זיך דאָס קאַלב שטאָל און אייזען ביי זייַנעם, — נאָר אַן אמת'ער שוחט און — דוקא נאָר אין שעכט־הויז!

עס איז קיין וואונדער נישט, וואָס ער זאָגט: ער האָט עס פון דער מוטער גע'ירש'נט, מיט דער מילך געזויגט. איך האָב זיין מוטער, די צנועה, געקענט; אַ חנ'עוודיגע בריאה, און אַ פרומע; זי האָט שטאַרק געגלויבט אין השגחה פּרטית... איך האָב געזעהן, ווי זי איז, געהענדיג אין גאַס, גלייך אויף אַ דישעל אַרויפגעקראָכען, ווי דער דישעל האָט איהר די געדערעם דורך דער פּלייצע אַרויסגעזעצט; איך האָב געזעהן, ווי זי האָט גע'גוסס'ט, הענגענדיג אויפ'ן דישעל, און געהערט, ווי זי האָט ביי יציאת־נשמה געזאָגט: —

— אַרעמער דראַנג! צי ווייסט דו נישט, אַז מען טאָר נישט שלאָגען?!

נאָר איהר קלוג קאַלב זאָגט נאָך, אַז עס איז אַ קל־וחומר, און

ראָס ווייס איך שוין נישט, ביי וועמען ער האָט גענומען; און ער מיינט עס ערנסט מיט'ן קל־וחומר:

— מה־דאָך, — זאָגט ער — מה־דאָך אַ הונט, וואָס מען קאָן נישט קוילען אויף כשר, וואָס איבער זיין פלייש מאַכט מען נישט קיין ברכה, וואָס פון זיינע ביינער מאַכט מען נישט קיין גאָלדענע יויך, וואָס פון זיין פעטס מאַכט מען נישט קיין קוגעל, וואָס פון זיין פעל מאַכט מען נישט קיין יריעות צו אַ ספר־תורה, בפרט קיין תפילין מעור־אחד... מה־דאָך — זאָגט ער — אַ הונט, וואָס טויג אינגאַנצען נאָר אויף ריצען־אויל, טאָר איהם קיינער נישט אַנריה־רען, נאָר א י י ן היצעל, און דוקא פאַרטאָג, ווען דער עולם שלאָפט נאָך, איך — על אחת כמה־וכמה ? !

3.

## העכט.

לכבוד יום־טוב האט מען לעבעדיגע פיש געקויפט. אין א גרויסער, גרין גלעזערנער שיסעל, אנגעפילט מיט וואסער. ליגען צוויי גרויסע העכט און אביסעל ווייטער, אין א שווארצער ערדענער שיסעל ליגען א פאר קליינע קארפען.

דער עולם קומט נ י ש ט פון ים ארויס, נאר דאך פון א גערויםיגען טייך, און עס איז זיי ענג אין שיסעל.

די ארעמע קליינע קארפען אין דער שווארצער ערדענער שי־סעל האבען שוין לאנג פון איהר געוואוסט. זיי ליגען שוין א גוטע שעה אויפ'ן זייגער און קלערען, וואס דאס קאן זיין פאר א תפיסה, און זיי האבען צייט צו קלערען! איידער די קעכין וועט צוריק קו־מען פון נאס מים כל־טוב אויף יו"ט, קאן נאך לאנג דויערען. עס קאן נאך א קארפ'צום שכל קומען!

נאר די העכט אין דער ג ל ע ז ע ר נ ע ר שיסעל באמערקען נישט איהרע ווענט, זיי צולאזען זיך אלעמאל מיט א כח און טרע־פען מיט די קעפ אין הארטען גלאז. העכט האבען אייזערנע קעפ, נאר שטומפיגע מחות! עס האט יעדערער פון די צוויי געפאנגענע גבורים צו הונדערט קלעפ געקריגען אויף יעדען פונקט פון שיסעל, איידער עס איז זיי איינגעפאלען צו קלערען, אז זיי זענען פאר־מאכט פון אלע זייטען.

זיי פיהלען שוין די וואנט, נאר די שוואכע העכטיגע אויגען זעהען זי נאך נישט... דאס גלאז איז גרין, עס איז גאנץ ענהליך צו קליין טייך־וואסער... און דאך קאן מען נישט ארויס!

— עס איז א כשוף! — מאכט איין העכט צום צווייטען.

— א כשוף! — איז דער צווייטער מודה. — מארגען איז א ליציטאציע אויף פלאטקעס, האבען אונז די קאנקורענטען פאר'־כשופ'ט...

דאס האט אודאי א ראק א ד ע ר א פ ר א ש ג ע־ט א ן!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

עס איז נישט לאנג, אז די נעץ האט זיי פון וואסער ארויס־געצויגען... און זיי זענען ארויף אויף דער לופט, זענען זיי פלוצלינג חלשות געבליבען. זיי זענען צו זיך געקומען שוין אין א פארהא־מערטען פאס.

— ווי פריה היינט איז נאכט געווארען! — האבען דאמאלט ביידע צוזאמען באמערקט. אין פאס איז ענג געוועזען, קוים זיך אויסצודרעהען. עס האט קוים וואסער פאר אטעם געניגט. פון דעם פריהערדיגען חלשות און שפעטערען שלעכטען אטעמען זענען זיי ביידע פארדרימעלט געווארען. עס האט זיך זיי פון אלץ, אפילו פון יריד, טעאטער און באלעט גע'חלום'ט, נאר קיין פאס האט זיי דער מלאך פון שלאף נ י ש ט געוויזען...

זיי האבען נישט געהערט — נישט דאס פאס עפענען, נישט דאס גערויש אין מארק! זיי האבען נישט געמערקט דאס ציטערען פון דער וואג, אויף וועלכער זיי האבען זיך געוואקעלט, בשעת ווען די פישערין האט זיך מיט דער קעכין געדונגען... נישט געהערט, ווי דאס שארפע צינגעל האט זיי פארזאגט די ודוי!

טיפער נאך זענען זיי איינגעשלאפען ביי דער קעכין אין קויי־בער. זיי האבען זיך אויפגעכאפט ערשט אין שיסעל, אונטער דעם שטראם פריש קאלט וואסער. א גוטע שטונדע האבען זיי נישט־ווילענדיג געשלאגען קאפ אין וואנט. אצינד ערשט רעכנען זיי אויף כשוף...

— וואס טוט מען? — פרעגט איינער דעם צווייטען.

די קארפען ווייסען, אז זיי זיצען תפוס... זיי ווייסען אויך, אז עס איז עפעס געוועזען א לאנגע נאכט און זיי האבען זיך אויפגע־כאפט אין שיסעל. מן־הסתם — טראכטען זיי — האט מען אונז פאלשע באנקאצעטעל אונטערגעווארפען. עס וועט זיך אויסווייי־זען — קלערען זיי — מען דארף נאר מיט עמיצען א קלוג ערנסט ווארט רעדען!

זיי גיבען זיך א קליינעם ווארף אין דער חויך, דערזעהען די חעכט און — פאלען צוריק נישט טויט, נישט לעבעדיג.

— זיי וועלען אונז אויפפרעסען! ציטערען זיי. זיי האבען

זיך אביסעל בארוהיגט, ערשט דאמאלט, ווען זיי איז איינגעפאלען, אז די העכט מוזען אויך זיין אין תפיסה...

— דאס האבען ז י י אודאי — מאכט איינער צום צוויי־טען — מיט פאלשע באנקאצעטעל געהאנדעלט!

— יא, — ענטפערט דער צווייטער, — נאר פון זיי קאן פארט די ישועה קומען! זיי וועלען נישט שווייגען... און מען וועט אונז צוזאמען ארויסלאזען מיט גאטס הילף.

— און זיי וועלען אונז באמערקען — און... אויך (מיט גאטס הילף) איינשלינגען! זיי האבען זיך מיט די זייטען פ ע ס ט ע ר צ ו ג ע ד ר י ק ט צו דער דנא פון שיסעל.

אויף דער פארלאגע איז געשטאנען א קויבער מיט ציבעלעס.

— ווען מיר נעמען דעם פאדראד און רייניגען אויס די פלאט־קעס, וואלטען מיר אזוינע גאלדענע ארדער געקריגען, — מיינט א העכט.

— מיר וועלען נאך, אי״ה, קריגען, — ענטפערט דער צוויי־טער, — עס איז טאקע א כשוף, נאר...

— וואס נאר?

— עס איז דא אן עצה!

— זאג...

— עס איז אפילו א בושה... נאר... איך מוז דיר זאגען... מען דארף — ד א ו ו נ ע ן... — שטאמעלט ער ארויס — דאס איז די בעסטע רפואה געגען כשוף!

— דאוונען? ! אפשר!

און ביידע העכט דערמאנען זיך, אז זיי האבען שוין יאהרען לאנג נישט געדאוונט... זיי געדענקען נישט א ווארט.

— אשרי... — הויבט איינער אן.

— אשרי... — זאגט דער צווייטער נאך, און שטעה! מעהר נישט א ווארט.

— אוי, ווילט זיך מיר דאוונען — קרעכצט הויך דער ערשטער.

— מיר אויך, — איז מודה דער צווייטער, — דען סוף כל סוף זענען מיר דאך אויך נאר פיש!...

*   *
*

עס עפענט זיך א טירעל אין וואנט און צוויי קעפ ווייזען זיך אינ'ם חלל. איינער א פארטרונקענער מענער־קאפּ און דער צווייטער א פרויען־קאפּ אין פאפּילאטען.

— א! — פרעהט זיך דער מענער־קאפּ, — עס וועט זיין א פרעהליכער יום־טוב! העכט... קארפּ... אל־דאס גוטס...

— ווי דען! איך האב נאך נאך פלייש געשיקט!

— מיין קלוג ווייבעל! — שמייכעלט דער מענער־קאפּ.

— נא! נא! נאר אהן דעם...

און די קעפּ פארשווינדען.

---

— הערסט, — מאכט איין העכט — עס זענען דא קארפּען אויך!

— זיי איז בעסער פאר אונז!

— מיט וואס?

— ערשטענס, האבען זיי דא קיין פּאדראדען נישט, און זענען פרייע פייגעל; צווייטענס — קאנען זיי זיך ווארפען... ווען זיי ניבען זיך א גוטען ווארף, וואלטען זיי אהיים אין טייך צוריק!

— אמת!

— און עס וואלט אפשר פון דארט אונז אויך א טובה ארויסגעקומען. ווארט, מיר וועלען פּרואווען!

— קארפּען! — רופט אויס דער העכט. ביידע קארפּען זענען פלוצלונג ארויפגעשווימען און האבען ארויסגעשטעקט די קעפּ איבער די שיסעל.

— דער העכט האט זיך ארויסגערוקט אקעגען —

— שלעכט, ברידער! — מאכט ער.

— שלעכט! — ענטפערען די קארפען.

— ביטער?

— ביטער!

— וועניג וואסער?

— אוי, וועניג!

— און פארשטונקען?

— עפּוש!

— נישט מעגליך דא צו לעבען?

— נישט מעגליך!

— מען דארף צוריק אהיים, אין טייך אריין!

— מען... דארף!

— מען האט גאר אין טייך פארגעסען!

— פארגעסען!

— א זינד!

— א רציחה!

— לאמיר זיך קלאפען על־חטא!

די העכט גלעטען די בייכער אויפ׳ן ראנד פון שיסעל; די קאר־פען שלאגען זיך ערנסט קאפּ אן וואנט, אז סע הילכט!

— מען דארף אהיים שפרינגען — מאכט ווייטער דער העכט.

— שפרינגען!

— נו!

דער העכט קאמאנדירט און די קארפען זענען ארויס פון שיסעל אויף דער פּאדלאגע... און זיי ליגען נישט טויט, נישט לעבעדיג.

— איך האב גארנישט געוואוסט, — מאכט דער צווייטער העכט, אז דו ביסט אזא בעל־דברן, עס רינט דאך דיר האניג פון מויל! —

די קארפען דערווייל קרעכצען —

— רוקט אייך! — קאמאנדירט ווייטער דער ערשטער העכט.

די קארפען גיבען נאך א קליינעם שפרונג.

— אוי, — קרעכצען זיי, — מען זעהט נאך נישט קיין טייך, און די ביינער ברעכען, און אטעם פעהלט...

— רוקט אייך, נעמט צוזאמען די רעשט כחות! עס איז שוין נישט ווייט, גיט נאך א שפרונג!

נאר די קארפען הערען שוין נישט.

---

די קארפען גוסס'ן אויף דער פאדלאגע, און די העכט שפא־רען זיך; ביידע זענען מודה, אז ביי א רעכטען שפרונג קאן מען קומען צוריק אין טייך אריין; נאר א י י נ ע ר זאגט, אז מען דארף דערצו אנדערע פיש, נישט קיין פאדלע קארפען, וואס קאנען נאר שפרינגען אין וואסער. וואס קאנען נישט אויסהאלטען א פאר־שעה אהן אטעם און עסען, אז מען דארף דערצו — עלעקטרישע פיש!...

און דער צ ו ו י י ט ע ר מיינט, אז דוקא נאר קארפען! נאר מען דארף אסך, אסך קארפען! און אויב הונדערט טויזענט וועלען שפרינגען, וועט איינער טרעפען, און אז איינער וועט טרע־פען, הא! הא!

## 4.

# לאמפען־מוסר.

עס איז א ידוע לכל, אז קאנאניקעס, הבדלות, ליכט, לאמ־טערען און לאמפען פיהרען זיך אמעריקאניש. וואכען, ווען ביי אונז איז נאכט, און שלאפען, ווען ביי אונז איז טאג. — נאר צי וועט איהר קאנען מודה זיין, אז קאנאניקעס, ליכט, לאמטערען און לאמ־פען האבען א לשון און (אויף זייער אופן) א ריכטיגען באגריף פון טוב ורע? און דאך פרואווט, דערמאנט אייך נאר, ווי עהנליך זיי זענען צו אונז! די כלי, פון וואס זי איז, שפּילט די ראלע פון א גוף; דערביי, פונקט ווי ביי אונז, זענען טייל גופים נאקעט, טייל מיט בלומען, גירלאנדען אדער פארשידענע פיגורען פארציערט, מיט גאלד און זילבער באשיינט. דער בוימאויל, אויל, חלב, נאפט זע־נען א מין בלוט. דאס בלוט איז ביי זיי אויך פארשידען: טייל פון גרעסערען, טייל פון קלענערען יחוס; טייל גאר פון עקסטען פאס! חלב קומט ארוסי פון א מ א ו ס ' ע ן ארט, בוימאויל און אויל קאנען זיין כ ש ר און ט ר פ ה; וואקס איז גלאט כשר, נאפט איז ריין און א ו מ ר י י ן, טיילמאל נאך מיט א שלעכטען ריח! און ווי עהנליך איז די ראכט — די פלאם צו אונזער נשמה!

שלמה המלך זאגט טאקע: „נר אלהים נשמת אדם!“
און ווי עהנליך זייער לעבען איז צו אונזער לעבען!

דער קאנאניק — א שריד ופליט פון אלטע פרומע דורות — שווימט טאקע ארום אויף כשר'ן בוימאויל; ער ברענט טונקעל, ציכטיג און שטיל; פלאקערט נישט אויף מיט טייוולאנישער גאוה, רעדט זיך נישט איין, אז ער וועט באלייכטען און באשיינען די וועלט... נישט זיין וועלט, ער דארף זי נישט פארזארגען!

זיין אייגען ווינקעלע איז פאר איהם גענוג, פ א ר ד א ס מאכט ער קיין שרפות נישט אן! איהר וועט ביי איהם נישט גע־פינען קיין צייכען פון אנארכישע אידעען!

דערצו ברענט ער טרויעריג, ווייל קורץ איז דאס לעבען, קיר־צער, ווי „א שאטען פון א פויגעל, וואס פליהט נאר אדורך!“ ער איז פול מיט „מרה שחורה“!

„מה אנו מה חיינו“? א קנייטעל מיט א „טפה־סרוחה“ — בוימאויל, און מען שטארבט יעדע מינוט! ער גערענקט שטענדיג אינ'ם טויט און דעריבער האבען מיר עס טאקע פאר טויטע באהאלטען.

הבדלות, חנוכה־ליכט זענען „דברים שבקדושה“ כמעט אהן גופים! טייל זענען כפול־שמונה, נאר אלע פארדרעהט און פארפלאכטען... און דערביי געל — ווי הייליגע דארפען אויסצוזעהן! און ברענען מיט קאפעמש, אויך ווי הייליגע טוען; עס שטעקט דערינען מעהר אמונה, ווי חכמה, מעהר התלהבות, ווי ליכט, מעהר „לשם מצוה“ ווי לתשמיש...

ליכט, לאמטערען און לאמפען זענען וועלט־לייט! לאמטערען און לאמפען ווייסען שוין גארנישט פון קיין אידישקייט! ליכט ווערען אפילו גענוצט אלס נשמה־ און בענש־ליכט, נאר גלויבען טאר מען זיי נישט...

דאס זענען איין איין וועגס קארטען־שפילער און דינען נאך צו אלעם ביין, פון וועלכען עס איז בעסער, אז מען רעדט נישט... ליכט; בפרט סטעארין ליכט, כשר'ע נישט אויסגענומען, זענען אהין און אהער!

לאמפען און לאמטערען: ראטשילדס און באסע־קאמאנדע! די ערשטע וואוינען אין שטיבער, סאלאנען, טיילמאל — צווישען כל־טוב; די צווייטע — אין הויז, אין גאס צווישען ווינט און שניי...

פון איין מין, ברידער פון איין טאטע־מאמע, גופים פון איין גלאז, איין בלוט — נאפט, איין נשמה — איינערליי דאכט, און — בשעת, ווען דעם לאמפס לעבען שיינט רוהיג און שטיל, אדער פלאמט מיט אלע קאלירען פון רעגענבויגען דורך פארשידען־פארביגע גלעזער...

בשעת, ווען לאמפען טאנצען אויף אלע חתונות און בעלער, שטעהען אויבען אן ביי יעדער פאמיליען־פארזאמלונג, באגלייטען חתן־כלה ביז דער לעצטער מינוט, — שטעהט דער לאמטערען אין הויז פון א זאיאזד. דער צוג פון געגען־איבער אפענע טויערען פארכאפט איהם דעם אטעם.

דער גוף איז צובראכען. די זייטען געשפאלטען און באלעגט מיט ברודינע פלאסטער, און ער ברענט און צאנקט, און גוסס'ט צווישען א שרעקליכען ריח...

און אויף וואס פאר א ווינטען, שטורמען, רעגען, שנייען, איז אויסגעשטעלט זיין חבר אין גאס! יעדער רגע ציטערט ער פאר זיין לעבען. עס ווייזט זיך עמיץ אין גאס, — עס קאן זיין א שכור, וואס וועט איהם מיט א שטיין אויף פיץ־פיצלעך צוברעכען.

— נאך וואס לייכט ער ביינאכט, אפילו ווען לבנה און שטער־רען שלאפען?

איז דאס אנדערש, ווי אונזער לעבען? און פארוואס זאלען זיי קיין שפראך, קיין ידיעה נישט האבען?

זיי מוזען האבען! איך בין שטענדיג געווען דאפיר, אז אלץ לעבט, אלץ פיהלט, אלץ ווייסט, וואס גוט און פרום איז, און איינמאל האב איך אליין געהערט, ווי מיין גרויסער הענגעל־לאמפ האט מוסר געזאגט א קליין טיש־לעמפעל, וואס איז גראד געשטאנען נישט ווייט פון איהם.

—„אינגעל, — מאכט ער, — פיהר דיך בדרך־הישר! ברען גלייך, ווי א ליניע, ברען, ווי אויפ'ן מזבח! ברען גלייך צום הימעל ארויף און פאראייניג דיך מיט יענע גרויסע ליכט, וואס לעבען אייביג! לאז דיך פון א ליאדע ווינט נישט פארפיהרען אין א זייט ארייז! — געדענק, אז דיין זיידע (זכרונו לברכה) איז א הייליגער קאנאניק געוועזען! דיין פעטער איז אן הבדלה! און חנוכה־ליכט, נשמה־ליכט, און שבת־ליכט זענען דיינע נאהנטע קרובים!"

„האלט דיך פעסט אין דיין דרך, פיהר דיך נישט, ווי די באסע־קאמאנדע אין גאסט־הייזער און אין אלע גאסען! ארויף דעם קאפ! ווייס, פאר וועמען דו שטעהסט! וועמען דו דארפסט אפגעבען דין־וחשבון! געדענק, אז יעדען פריה־מארגען פליהט דיין ראכט אין הימעל ארייז צו פארשרייבען אלע דיינע תנועות!"

„פארגעס נישט — אז אויב דו וועסט דיך פיהרען אין גליי־כען וועג, וועסט דו זוכה זיין צו אלעם גוטען!"

— „אמן"! — האט געענטפערט דאס קליינע טיש־לעמפעל.—

5.

# די פרומע קאץ.

דריי זינג־פייגעלעך זענען געוועזען אין איין שטוב און אלע דריי, איינס נאכ'ן צווייטען — האט די קאץ צורעכט געמאכט...

עס איז קיין איינפאכע קאץ נישט געוועזען, נאר אן אמת, אמת פרומע נשמה, וואס האט נישט אומזיסט געטראגען די ווייסע גוט־אידישע יופע און געהאט אויגעלעך, אין וועלכע דער הימעל האט זיך געשפיגעלט...

עס איז א פרומע קאץ, א טבילה־קאץ געווען! צעהן מאל אין טאג האט זי זיך געוואשען... און געגעסען האט זי שטיל, ערגעץ אין א זייט, אין א ווינקעלע...

א גאנצען טאג האט זי געכאפט וואס עס איז מילכדיגס, און ערשט, אז די נאכט איז צוגעפאלען, האט זי געגעסען פלייש, כשר מויזען־פלייש...

און נישט געאיילט זיך צו דער אכילה, ווי א גראבע זאך. נישט געכאפט און געשלונגען, ווי פרעסער טוען; נאר בנעימות, שפילענדיג... זאל דאס מייזעל לעבען נאך א רגע, נאך א רגע... זאל עס אביסעל ארומטאנצען, אפציטערען, ודוי זאגען — א פרומע קאץ כאפט נישט...

אז מען האט אין שטוב אריין דעם ערשטען זינג־פויגעל געבראכט, האט זי אויפ'ן באלד רחמנות באקומען; עס האט זי ביים הארץ אנגעכאפט.

— אזא שעהנס, — זיפצט זי, — אזא קליינס, אזא מחיה'דיג פויגעלע זאל קיין עולם הבא נישט האבען!

— און עס קאן קיין עולם הבא נישט האבען! — איז זיכער די קאץ —

ערשטענס, וואשט זיך עס דייטשעריש, מיט'ן גאנצען לייב אין שיסעלע וואסער...

צווייטענס, אז מען האט עס איינגעזעצט אין שטייג, איז עס

שווין א חיה־רעה, כאטש א יונג, זיס און פיין זינג־פויגעלע... האלט עס שווין מעהר פון דינאמיט. ווי פון שלחן־ערוך!

היינט דאס זינגען אליין! דאס אויסגעלאסענע זינגען, דאס צופייפען און דאס קוקען גלייך אהן א שום דרך־ארץ אין הימעל אריין! דאס רייסען זיך ארויס פון שטייג צו דער זינדיגער וועלט, צו דער פרייער לופט, צום אפענעם פענסטער....

צי איז נאך אמאל א קאץ אין א שטייג געזעסען? צי האט נאך אמאל א פרומע קאץ אזוי געפיפען, אזוי זמרי־בן־סלוא'דיג געפיפען?

— און א שאד! — וויינט דאס פרישע הארץ אין דער פרו־מער קאץ, — עס איז דאך א לעבעדיגע זאך, א טייערע נשמה, א פונק פון דער הויך!

דער קאץ קומען טרערען אין די אויגען:

— אין דאס גאנצע אומגליק איז, וואס דער זינדיגער גוף איז אזוי שעהן, דער עולם־הזה דעריבער — אזוי לוסטיג, דער יצר־הרע אזוי שטארק...

ווי קען אזא קליין זיס פויגעלע זיך אקעגען שטעלען דעם שרעק־ליכען גרויסען יצר־הרע?

און וואס מעהר עס לעבט, מעהר זינדיגט עס, גרעסער וועט זיין די שטראף...

הא!

און א הייליג פייער האט זיך אנגעצונדען אין דער קאץ, דאס פייער פון פנחס בן אלעזר בן אהרן הכהן... און זי איז ארויפגע־שפרונגען אויפ'ן טיש, וואו די שטייג מיט'ן זינג־פויגעלע איז גע־שטאנען, און —

עס פליהען שוין פעדערען אין צימער...

---

מען האט די קאץ געשלאגען... די שלעג נעמט זי אן פאר ליעב... זי האט פרום אפגעקרעכצט, אפגעמיאוטשעט א יאמערליכען על־חטא...

מעהר וועט זי שוין נישט זינדיגען...

די קלוגע קאַץ פאַרשטעהט, פאַרוואָס מען האָט זי געשלאַ־
גען... מעהר וועט זי אויף קיין שלעג נישט פאַרדינען...

— מען האָט זי געשלאָגען — פאַרשטעהט די קאַץ, — דער־
פאַר, ווייל זי האָט פאַרפּעדערט די שטוב; ווייל אויפ'ן ווייסען גע־
שטיקטען טישטוך זענען געבליבען פלעקען פון בלוט...

אַזאַ פּסק מוז מען מקיים זיין גוט, שטיל און פרום, עס זאָל
קיין פעדער נישט פליהען, קיין טראָפּען בלוט נישט פאַלען...

און — אַז מען האָט דעם צווייטען זינג־פויגעל געקויפט און
אין שטוב געלאָזט, האָט זי איהם שוין שטיל און פיין דערוואָרגען
און מיט די פעדערען צוזאַמען איינגעשלונגען...

---

מען האָט די קאַץ געשמיסען...

אַצינד האָט ערשט די קאַץ פאַרשטאַנען, אַז נישט וועגען פע־
דערען געהט עס, נישט וועגען פלעקען פון בלוט אויפ'ן טישטוך...

דער סוד איז, אַז מען טאָר נישט טויטען! אַז מען דאַרף
ליעב האָבען, מוחל זיין... אַז נישט מיט ארבע מיתות בית־דין פאַר־
בעסערט מען די זינדיגע וועלט!

מען דאַרף מחזיר למוטב זיין, מנסר זאָגען, צום האַרץ רעדען!

אַ קאַנאַרעק, אַ בעל־תשובה, קאָן קומען צו אַזאַ מדרגה, צו
וועלכער די פרימסטע קאַץ וועט נישט דערגרייכען!

און די קאַץ דערפיהלט, ווי עס וואַקסט אין איהר דאָס האַרץ
פאַר פרייד! אוים אַלטע, שלעכטע און האַרטע צייטען! אוים בלוט
פאַרגיסען!

רחמנות, רחמנות, און נאָך אַמאָל רחמנות...

און מיט רחמנות איז זי צוגעגאַנגען צום דריטען קאַנאַרעק!

— שרעק דיך נישט, — מאַכט זי, מיט דער ווייכסטער שטי־
מע, וואָס איז אַמאָל אַרויס פון אַ קאַציגען האַלז, — זינדיג ביסט
דו, נאָר איך וועל דיר קיין שלעכטס נישט טון, ווייל איך האָב
רחמנות אויף דיר!

איך וועל דיר אפילו די שטייג נישט עפענען, איך וועל דיך
אפילו נישט אָנריהרען!

דו שווייגסט? — זעהר גוט! איידער פרעכע ליעדער צו זינ־
גען, איז גלייכער שווייגען!

דו צאפעלסט — נאך בעסער! צאפעל, צאפעל, מיין קינד, נאר
נישט פאר מיר, פאר׳ן בורא עולם צאפעל, פאר זיין ליעבען נאמען!

הלואי זאלסט דו שוין אזוי בלייבען — שטיל, ריין און צא־
פעלדיג...

איך וועל דיר העלפען צאפלען! פון מיין פרומער נשמה וועל
איך הייכען אויף דיר שטילקיים, זיסקייט און פרומקייט... מיט מיין
הויך זאל אריין אמונה אין דיין לייב, יראת שמים אין דיינע ביינ־
דעלער, תשובה און חרטה אין דיין הערצעלע!

און די קאץ פיהלט ערשט, ווי גוט עס איז מוחל צו זיין, ווי
א פרייד עס איז יענעם אריינצובלאזען מיט׳ן הויך פרומקייט און
עהרליכקייט.

און עס וואקסט דאס פרימסטע הארץ אין דער פרימסטער
ווייסער קאץ —

נאר דער קאנארעק קאן אין דער קאצען־לופט נישט אטעמען—
עס האט איהם דערשטיקט!

6.

# דער דין־תורה.

חנינא בעל־עגלה האָט געהאַט א דין־תורה מיט דער שקאַפּע; זי האָט גע'טענ'עט: גיב האָבער, וועל איך געהן, ער — געה, וועסט דו קריגען האָבער. די בייטש האָט זיך אריינגעמישט, איינמאָל און דאָס צווייטע מאָל, ביז די קלאַטשע האָט פארשוויגען און אויסגעצויגען די פיס...

חנינא האָט קוים אהיים געשלעפּט דאָס וועגעלע, פאַר־תכל'עוועט א שינדער די הויט, און ער זוכט זיך שוין א ניי פערד...

קיין גרויס עגמת־נפש האָט ער נישט דערפון; ער איז שוין געוועהנט מיט אַזוינע זאכען — ער פלעגט קויפען נ א ר אַזעל־כע פערד, מיט וועלכע ער פלעגט האָבען סאַמע דין־תורה'ס, פלעגט ש ט ע נ ד י ג רופען די בייטש פאר א בורר. און נאָך דער בייטש איז דער שינדער, מעשים בכל יום.

דער קרוג טראָגט אבער אַזוי לאַנג וואַסער, ביז ער בלייבט אהן אויערען. און קוים האָט חנינא ארויסגעשיקט דעם שינדער נאָך דער פעל, פארגלייסט ער די אויגען, פאַלט ארונטער מיט'ן קאָפּ, פון מויל שפּריצט פּיאַנע — ער האָט דעם „שלאַג" געקריגען!

דאָס ווייב מיט די קינדער ראַטעווען; ער מאכט אַוועק מיט דער האַנט. ער פיהלט, אז עס איז זיין עק...

פאַר דער גסיסה איז ער אביסעל צו זיך געקומען און געזאָגט, אז די שקאַפּע רופט איהם צום בית־דין של מעלה. —

---

קיין גרויסע מורא דערפאַר האָט ער נ י ש ט.

חנינא איז געוועזען א שטיקעל בקי אין משפּטים! —

דורכפאַהרענדיג לעבען א סטויג היי צי א פעלד מיט קאָניצינע,

פלעגט ער שטענדיג, מכלומרשט, איינדרימלען, דאס הונגעריגע פערד זאל באלד אראפ אין א זייט און אונטערלעהנען זיך מיט פרעמ־דער פראצע. דאס דרימלען זיך בשעת הכושר האט איהם נישט איינמאל געפיהרט אין סאנד אריין, נאר ער האט זיך שטענדיג אויסגעדרעהט.

זיין צושפרונג צו דער פרנסה איז געוועזען מעקלעריי ביי אד־וואקאטען. נו, אביסעל האט ער געגאשט און אביסעל איז ער גע־וואר געווארען, אז די ג א נ צ ע מעשה איז חוזק; פאר׳ן ערנס־טען פאל, האט ער געוואוסט, איז פאראן א פשרה!

דערווייל האט ער מיטגענומען פארשוינען !...

אז דעם סאנד איז שוין נמאס געווארען דאס דרימלען בשעת הכושר, און דער צד שכנגדו האט פארלאנגט שרפ״ט פאר דער פשרה, איז ער באמת אפגעזעסען א צייט, האט ער זיך באמת אויס־גערוהט די ביינער, האט זיין זוהן ג ע מ ו ז ט זיך צוגעוועהנען צו דער מלאכה! טאקע א שאד בטול תורה (זיין זוהן האט געלע־רענט אין א חדר). נאר סיי ווי סיי — געוועהנט איז ער געווארען מיט משפטים; קיין מורא האט ער נ י ש ט געהאט! מיט׳ן ווייב וויל ער דערפון נישט רעדען, וואס ווייסט א אידענע? נאר דעם נושאים־מאן זאגט ער: איך הער זי, ווי די קאץ, איך וועל מאכען א בעסערען אטוואד פאר פלוידערמאן פיאניצע! נאר א שאד, וואס איך קאן אהין נישט מיטנעמען קיין פארשוינען...

גיט מיר (מאכט ער שפעטער) באטש מיט די בייטש, אהן איהר וועל איך נאר זיין, ווי אהן א האנט...

פאר׳ן בית־דין של מעלה.

אונזער חנינא איז טאקע באלד ארויס מיט אן אטוואד; פאר א שקאפע — זאגט ער — איז גענוג א גמינע סאנד.

— זעהסט, חנינא, — זאגט דער פרעזעס, — זאלסט געוועזען שבת וועניגער שלאפען און הערען בעסער די סדרה אין שולבעל, וואלסט דו געוואוסט, אז א שור הנסקל געהער אויך צום סנהדרין!

— עט, — האקט איבער חנינא — אין שולכעל האט מען נישט די סדרה, נאך אלשיך, געלערענט! קיין מוסר בין איך נישט געקומען הערען, און דעם אטוואד — בין איך מודה — האב איך געמאכט נאר פאר ש ע ה נ ק י י ט וועגען. איך זאג מיך פונ׳ם אפ!

דער בית־דין גיט דער שקאפע דאס ווארט.

עס הערט זיך א יאמערליך געוויין:

— ער האט מיך דער׳הרג׳עט, מיט דער בייטש דאס לעצטע ביסעל כח פון לייב ארויסגעיאגט. —

נאר חנינא לאזט נישט רעדען. — „די שקאפע — שרייט ער — איז דאך מ י י ן! איך האב זי פון שינדער דאך מציל געווען; מען האט זי לעבעדיגערהייט געוואלט פטור ווערען! א שינדער האט צוויי רובל געגעבען און איך האב א צעהנערל מוסיף געווען... און געיאגט האב איך זי אויך נאר פאר איהר טובה וועגען... אין דערהיים וואלט איך איהר א היי געוויזען, נישט פון סדור׳ל...“ — וויצעלט ער.

— נאר כח, וואו נעמט מען כח? — צוגיסט זיך די שקאפע.

— איך פארשטעה נישט — בייזערט זיך חנינא — ווער דען האט כח? איך האב כח? איך האב נאר צו שאפען! און אהן א בייטש וואלסט דו געגאנגען? און א טריט געמאכט וואלסט דו יא? ווי קאן זיין א בעל־עגלה אהן א בייטש?

---

דאס בית־דין של מעלה קלערט א ווייל און גיט ארויס א פסק:

—„אזוי ווי דאס בית־דין קאן נישט משנה זיין סדרי בראשית... און לויט סדרי בראשית מאכט קיין פערד קיין טריט נישט כמעט אהן א בעל־עגלה, מוז בשעת הדחק דעריבער זיין א „בייטש“; נאר פון צווייטען צד — ווייל כל־זמן, אז פערד זענען פערד, איז פארט א יושר גדול, אז עס זאל זיין מעהר רחמנות צוויי־שען די „צדדים“, על כן —

„זאלעןביידע צוריק מגולגל ווערען אויף יענער וועלט.

„חנינא זאל אריין אין א שקאפע א ; די שקאפע זאל ווערען א בעל־עגלה!“

מיט דער צייט, הייסט עס, וועלען זיי זיך אויסגלייכען און, צייט צו ווארטען פעהלט נישט דעם בית־דין של מעלה.

7.

# פון קבר.

אז א מענש שטארבט, לעגט מען איהם שערבלעך אויף די אוי־גען און מען פארשיט איהם מיט ערד... מיר — כאטש מיין ווייב פלעגט זאגען, אז איך בין גאר קיין מענש נישט, און כאטש איך האב קיין קינדער נישט געהאט — האט מען דאס איינענע געטאן.

איך האב אליץ געפיהלט, נאר עס האט מיר ממש נישט וועה געטאן. איך האב פראסט קיין צייט נישט געהאט צו דעם וועהטאג! ערשטענס, האב איך געהאטביים גאנצען רחמנות א שטיקעל נקמה אויף מיין ווייב, וואס איז נעגאנגען נאך דער מטה, און מיט איהר איינען מויל געשריגען: אזא מענש! אזא מענש!

צווייטענס, האב איך מיר גע'חזר'ט מיין פסוק!

און איך האב גלייך געטאן. דער מלאך דומה איז געקומען טאקע, ווי א לייב, נאר, — אז איך האב איהם געזאגט: אדם כבהמות... און ווי ווייטער שטעהט, וואס מיין פסוק איז, איז ער אוועקגעגאנגען כאחד האדם, טאקע ווי א לעמעלע.

אויך בין איך צופרידען געוועזען פונ'ם קבר, וואס מען האט מיר אויסגעקליבען... ממה־נפשך, לעבט מען אין קבר, דארף מען דארט אויך האבען גוטע שכנים; הערען און זאגען א גלייך־ווער־טעל! און דא הער איך — וועל איך האבען רעכטס ר' מנחם זא־סעש און לינקס — ר' יוסל דוואשעס! אויף בעסערע שכנים האב איך מיר נישט געקאנט ריכטען!...

קוים מען האט אפגעזאגט קדיש, מען קלאפט פון דער רעכטער זייט:

— ר' מנחם? — פרעג איך.

— יא. און´איהר ווער זענט?

איך זאג איהם.

— געלויבט איז גאָט, — מאַכט ער — טאַקע — ברוך דין אמת! איך האָב פון יענער זייט (נישט פאַר קיין איך געדאַכט) אַ רופא, זאָל גאָט שומר ומציל זיין! ערשטענס, שמייסט מען איהם יעדע נאַכט, ווייל ער געדענקט נישט דעם נאָמען, איז ממש קיין אויג נישט צוצומאַכען, און צווייטענס, רעדט ער אַ גאַנצען טאָג עזות'קייטען. ער מוז האָבען היץ, צי וועלכע שוואַרצע יאָהר, נאָר אזא טרפה מויל! אצינד — כאָטש היימישע מענשען.

— איהר האָט לינקס — מאַכט ער ווייטער — ר' יוסלען. דורך אַ לעדיגען קבר קאָן מען נישט רעדען; דאָס קול ווערט פאַר־לוירען. אצינד פרואווט איהם נאָר וועקען, אפשר איז ער נאָך נישט אינגאַנצען פאַרפוילט.

איך קלאַפּ אָן — ר' יוסל האַלט זיך נאָך, און מיר האָבען שוין, ב"ה, „מזומן" צו אַ רעכט וואָרט... ביידע פרעגען, וואָס עס הערט זיך אויף יענער וועלט, און איך האָב זיי דערצעהלט דאָס לעצטע נייעס, הן פון דערהיים, הן פון בית־המדרש, הן פון פּאָלי־טיק און דערנאָך געפרעגט פון מיין צד, וואָס עס הערט זיך אויפ'ן עולם־אמת.

— גאַרנישט. — זאָגען זיי — שמיל! דער מלאך דומה הייסט נאָר געשווינדער פוילען; טוט ער נישט קיין שלעכטס! מען דאַרף נאָר וויסען ווי מען הייסט. דען אז נישט, קאָן ער נישט פאַרשריי־בען אין מתים־פּנקס, איז מען, ווי דאָרטען אויף יענער וועלט, אָהן אַ פּאַספּאָרט; בייזערט ער זיך און שמייסט!

— און מכּת גיהנום? — פרעג איך.

— אל תפתח פה לשטן — וואונדערען זיי זיך — פאַרוואָס?

זיי פרעגען גאָר: פאַרוואָס? ! מילא, פון מ י י נ ע חטאים וויל איך נישט רעדען; דען טאַקע, אַ פּראָסטער מענש, איז קיין חידוש נישט. נאָר אויף ר' יוסלען האָט מען געמורמעלט, אז ער שינדט די הויט ביי הלואות, און, אז עס לאָזט זיך, איז ער זיך נאָך טועה אין חשבון אויך... עפּעס אן אלמנה האָט געזאָלט דורך איהם שטאַרבען, באשר־בכן, ער האָט איהר עפּעס אַ פּקדון באַ־האַלטען... איך וויל נישט מיין מויל אין קבר צו קיין בייזען ברענ־גען, נאָר געמורמעלט האָט מען; וועד שמועסט — ר' מנחם! אויף איהם זאָגט מען אפילו, אז ער האָט אויפ'ן לעטשנער יריד אַ סוחר, פּשוטו כּמשמעו, בייגאַכט די קעשענעס אויסגעשניטען און

דערנאָך אין טלית און תפילין אָפּגעלייקענט שטיין און ביין... זיי זענען דערביי אפילו געוועזען גאַנץ אָרענטליכע מענשען, בני־תורה, מיט שיחת חולין קיין מעשה נישט, אָבער „אל תפתח פה לשטן". עס פאַלט זיי גאָרנישט איין, גאָרנישט!

מילא, טראַכט איך, זאָל זיין אַזוי.

— און מכח גן־עדן? — פרעג איך ווייטער.

— גן־עדן, — קרעכצט מנחם פון איין זייט און יוסל פון דער צווייטער זייט, — גן־עדן... צו גן־עדן, ברידער, מוז מען שוין זיין רעכט טויט, דורך און דורך גוט פאַרפוילט! עס איז אַ סברא, אַז כל־זמן עס איז דאָ אַ לעק מח, איז נישט דאָ אויף וואָס צו האָפען! און טאַקע נישט אומזיסט שרייט דער מלאך דומה: פוילט, ברי־דערלעך, פוילט, לאָמיך אייער פּטור ווערען! נאָר, בטחון אין גאָט! די ווערים רוקען זיך ווייטער און ווייטער, פון האַרץ בין איך שוין כמעט פּטור...

און יוסל זאָגט:

— דאָס האַרץ, זעהסט דו, האָט מיר אפילו נישט וועה געטאָן...

— צו מיינעם, — זאָגט מנחם, — האָט פריהער קיין וואָרעם נישט געוואָלט שמעקען! דער מלאך־דומה האָט מיר נאָך פריהער געיאָגט, אַז דאָס ערגסטע איז דאָס ה אַ ר ץ ביי צדיקים! ק י י ן וואָרעם וויל זיך נישט צוריהרען דערצו!... נאָר יענעם חדש האָט מיר אַ גליק געטראָפען, עס איז גראָד קיין פרישע מתים נישט געוועזען, האָב איך מיינס פאַרצוקערט!...

---

עס הויבט מיך אָן קיצלען אונטער די אָרעם; איך פרעג מיינע שכנים, וואָס דאָס באַטייט.

— געלויבט איז גאָט, — ענטפערען זיי — אַ סימן פון אַ צדיק, אַז די ווערעם קיצלען און טוען נישט וועה! די רשעים, זעהסט דו, שפּרינגען באַלד פון דער הויט!

— סמן טוב ומזל טוב! — זאָגען זיי ווייטער — נאָר פאַר דאָס. ווערסט דו אויך לאַנג ליגען אין קבר... וועסט דיך אפשר גלייך מיט אונז זיך אויף תחית המתים דערוואַרטען. נאָר רשעים האָבען

קיין געדולד נישט! באַדיי אין גיהנום אריין — שרייען זיי — אבי נישט צווישען ווערעם!

וואָס קומט מיר אָבער אַרויס פון אַלע נחמות, איך בין פאַרט קיין צדיק נישט, איך פיהל פאַרט, אז די ווערעם זענען שוין ביי מיר אין אַלע אברים; עס קיצעלט שוין נישט! איך פיהל שוין, אז דאָס האַרץ ברעכט, די לעבער פוילט, און דער מח — אַ! דער מח קנאַקט און קנאַקט!

זאָל איך אויך אפשר רעדען עזות׳קייט?

8.

# הינערשע חלומות.

אמאל איז געוועזן א הון, א גרויסע הון און א מיוחסת, דעם גרויסען קוקוריקוס א קעבס־ווייב און א חכמה דערצו. און די גרויסע הון, די מיוחסת, זיצט (פארשטעהט זיך, נישט, חס־ושלום, אין תפיסה, נאר אויף דער „שארלע״) אודאי אויף פיערציג אייער.

אז מען רייבט זיך נישט אַן דער וואנט און מען האט נישט אין זין קיין פאליטיק — העלפט גאט.

און די אייער זענען דעריבער גרויסע און, מן הסתם, פולע; פון די אייער וועט ארויס — —

נאר וועגען דעם חלומ׳ט טאקע די הון.

---

זי זיצט מיט פארמאכטע אויגען און דאך זעהט זי, ווי פון די אייער טרעטען ארויס א שטיק פיערציג הענער —

הענער, קיין איינציגע הון! און איינס אויף איינס חענער פון הענער־לאנד, גרויס־געוואקסענע, שטארק געבויטע, אויף קר־פערנע פיס, מיט שארפע קרעלען; פליגעל, ווי ביי אַן אדלער, און רויטע: װ ו א ס רויטע? — פלאמענדיגע קאמען!...

מען זאל זיי נאר קיין עין־הרע נישט געבען!

און גלייך פון די אייער טרעט ארויס די מחנה גבורים און לאזט זיך געהן אויפ׳ן הויף... זי געהט נאך, און דאס הארץ אין איהר וואקסט און וואקסט, עס וואקסט, ווי אויף הייוועו. ארויס־שפרינגען וויל עס, זאל עס שפרינגען!

— קוקוריקו! — שרייט דער עולם — אזא קול האט נאך די וועלט נישט געהערט!

— קוקוריקו! דאס בערגעל מיסט אין דער זייט ביי דער קיך שאקעלט זיך און פאלט. אינגאנצען הויז ציטערען די שויבען.

— קוקוריקו!

און, אלע, אלע ארום בלייבען שטעהן, ווי פארשטיינערט! ווער זענען די גבורים?!

דער אלטער קודלאטער הונט קריכט ארויס פון זיין שטיבעל, און בלייבט אויך שטעהן פארגאפט — ער האט די צונג אין מויל פארגעסען, ער בילט נישט!

די חברה קעץ האבען זיך אויסגעזעצט אויפ'ן פלויט, וואס צוימט ארום דעם הויף, און קוקען זיך די אויגען אויס...

מויל־ווערף קריכען פון אונטער דער ערד אפיר; האזען האבען באוויזען זיך אין עק וואלד — פארגאפט, כאטש כאפ זיי מיט דער האנט!

און ער, וואס וועט ער זאגען? ער, דער גרויסער זאמד־גריבלער, דער גרויסער קארן־שלינגער, איהר מאן?! צי וועט ער נאך קוקען אויסער איהר אויף א הון?!

ניין!

און דאמאלט, דאמאלט וועט זי שוין זיין אויפ'ן שפיץ פון איהר גליק, אז ער וועט וויסען און זעהן, וואס זי קאן, אז די וועלט וועט געוואר ווערען, וואס זי האט איהם געגעבען, דאמאלט — וועט זי שוין מעגען שטארבען! דאמאלט וועט זי אליין צוגעהן צו דער ברייטער קעכין, און אויסשטרעקען דעם האלז.

— נעם, וועט זי זאגען, און קאך וויעטשערע!

עס פיקט אונטער דער הון, נאר זי הערט נישט. טרויעריגע געדאנקען זאמלען זיך אין קעפעל —

„נעם און קאך וויעטשערע!“

— נאר — פארוואס? פארוואס מוז זיך אלץ ענדיגען מיט'ן מעסער? פארוואס זאלען מענשען עסען איהר פלייש, דער הונט— די ביינער און פון די פעדערען זאל מען מאכען בעטגעוואנט?

צי איז אויף דער וועלט קיין רחמנות נישטא, קיין יושר? פארוואס זאל מען נישט וויסען אויף דער וועלט אן אונטערשיד פון א הון ביז א הון, פון א לויפערקע, א מויל־מאכערין, אן אינטריגאנטקע אדער אזוי א שלים־מזל א הון ביז א הון א מיוחסת, א

הוז, וואס שטעלט צו דער וועלט אזוינע הענער, אזוינע חעלדעז, אזוינע העלדעז, ווי איהרע וועלען זיין?!

— פיק! פיק! פיק!

נאר זי הערט נישט.

האלב פארשלאפעז ציהט זי ווייטער איהרע טרויעריגע חלומות.

— און נאכ׳ן מעסער? צי איז שוין אן עק פון אלעם? צי אויף יענער זייט צוים איז שוין ג א ר נישט דא?

נאכ׳ן צוים איז באלד דער וואלד, און דערנאך, נאכ׳ן וואלד וואס איז?

צי זאמלען זיך נישט דארט די נשמות פון פרומע הינער און פיקען האבער, גערשטען און ווייץ פראנק און פריי און אהן א שרעק פאר׳ן מעסער?

— פיק, פיק, פיק!

זי הערט נישט...

זי איז א מאמע, און א מאמע מוז אן זיך אליין פארגעסען! נישט אין איהר לעבען געהט עס, נאר אין זייער לעבען!

געזונט און פריש מוז זי זיי ארויסגעבען דער וועלט!

כאטש אין א צייט ארום וועלען זיי די אייגענע מוטער נישט דערקענען! די אייגענע מוטער אוועקטרייבען פון א פעטען בערגעל מיסט.

נאר זי וועט איהרם טון...

פיק־פיק־פיק! פיק־פיק־פיק!

זי דערהערט!

נאר אזוי געשווינד אויפהויבען וועט זי זיך נישט!

זי ווייסט, אז אין דרויסען איז א ווינט, א שטורעם־ווינט און די גבורים איהרע וועלען זיך נאך יונגערהייט פארקיהלען!

— וואס פיקט איהר? צי איז אייך נישט גוט אונטער דער מוטערס שוים? נישט ווארעם, נישט זיכער אונטער איהרע פליגעל?

ווארט, קינדערלעך, ווארט!

נישט אייביג וועלען בלאזען שלעכטע ווינטען, נישט אייביג וועלען זיין די וואלקען אין הימעל...

גאט וועט זיך דערבארעמען, גאט וועט זיינע הענער נישט

פארגעסען! רייניגען וועט זיך דער הימעל, שיינען וועט די זון,
און עס וועט זיין א וועטער, א וועטער!

---

עטליכע הינער, וואס האבען שוין לאנג ארויסגעפיהרט זייער
יונגוואַרג אויפ׳ן הויף, קומען צו דער פארשפעטיגטער יולדת.

— מזל־טוב, מזל־טוב! — ווערט א געפיקעריי.

נאר זי ענטפערט נישט, זי וועט מיט זיי נישט פּיקען... זי
בויגט איין דאס קעפעל און באהאלט עס צווישען די פעדערען אויף
דער ברוסט...

די הינער אנטלויפען פארשעמט און זי הויבט צוריק אויף
דאס קעפעל מיט חכמה און גאוה צוזאמען...

זי דאנקט גאט, וואס מען האט זי אליין געלאזט, אליין מיט
איהרע געדאנקען, מיט איהרע גבורים...

און דאס הארץ צוגעהט אין איהר אין נחת; וואס פאר א פיי־
נע קינדער זי האט! זיי זענען אודאי גרעסער, ווי אנדערע קאפ־
הענער! נאר, אז די מאמע הייסט, ליגען זיי שטיל, ווארטען זיי.
קיין איינציגער פּיקט שוין נישט!

קלוגע קינדער, זיין גבורה און איהר עדעלקייט,
איהר גוטסקייט!

---

און גאט ווייסט, ווי לאנג די קלוגע הון וואלט געזעסען אויף
איהרע גבורים, ווען נישט די קעכין, וואס האט זיך אן איהר דער־
מאנט און איז אריין, ווי א בליץ זי אראפּצויאגען פון דער שאַ־
דאלע!...

און אז מען האט די „מוטער" אראפּגעיאגט פון דער שאדאלע,
האבען זיך באוויזען קליינע, שוין לאנג דערשטיקטע, איינפאכע
הינדלעך...

## 9.

# מיסט-חלומות.

פון אלטע שטיוועל און קאמאשען מאכט מען פאנטאפעל, און די אויסגעשניטענע פשישוועס און די אפצאסען פארקויפט מען א שוסטער אויף לאטקעלער!

אין פארמעגליכערע הייזער, וואו פאר דריי גראשען איז נישט כדאי צו רעדען מיט א שוסטער, ווארפט מען זיי ארוים אויפ'ן מיסט. איז זיי אייגענטליך בעסער. דען, אז זיי קומען צוריק אין שוסטערשע הענט, ווערען די שטיקער פשישוועס נאך אויף קלענערע שטיקלעך צושניטען און פון די אבצאסען צוגלידערט; פון יענע ווערט לאטקעס צי פשישוועס און כאליוועס, און האבען מיט אל און דראטווע צו טון; און פון די אפצאסען ווערט לאטקעס צו פאדעשוועס און זיי באגעגענען זיך נאך אמאל מיט אל, שטיפט און האמער. און אזוי ווערען ביידע געשטאכען, געלאטעט און דערנאך ווייטער געטרעטען... נאר דאס טרעטען און שטעכען איז נאך גאלד געגען דעם מאראלישען אומגליק! יעדער אפצאס, שוין יאהרען לאנג פון כמעט גלייכע שטיקלעך צוזאמען-געשלאגען, און בפרט א פשישווע „מעור אחד“, האבען זיך שטענדיג געפיהלט גוט צוזאמען, אצינד ווערען זיי צוטיילט און צודראבעלט און זיי צופאלען זיך אין פרעמדע שטיוועל אריין! אויפ'ן מיסט האבען זיי כאטש מנוחה... אמת, זיי פוילען, נאר ערשטענס — פוילט זיך יעדערער איננאנצען, נישט געבענקט, אהן א צוריסען הארץ; און צווייטענס, איז לעדער אזוי הארט און הארטנעקיג, און זיי פוילען אזוי לאנגזאם, אז זיי פיהלען עס נישט כמעט! און, אז עס טרעפט יא, אז איינער דערפיהלט, טראכט ער דאך: עט! איידער עס וועט מיך איננאנצען דורכנעמען, קאן נאך א מלחמה ווערען... משיח וועט קומען!

און דערווייל איז כאטש ווארעם! קיינער טרעט נישט, ווייל קיינער וויל קיין שטיוועל אין מיסט אריין נישט שטעקן... עס טרעפט זיך, עס פאלט אמאל ארויף א שכור, שלאפט ער זיך אויס — ואיננו! מען ציטערט נאר פאר די שמאטשארקעס!... דאס איז אמאל א לוסטיג פאלק געוועזן, גאנצע שיך אוועקגעווארפן, היינט קלייבן זיי שטיקלעך און טראגן זיי צום שוסטער! אט, דעריבער טאקע באגראבן זיי זיך טיף און טיפער אינ׳ם בערגעל מיסט... און טיף אין מיסט איז ווארעם און דושנע... די אלטע אפצאסן און שטיקער פשישווע קריגן אביסעלע היץ און פלוידערן פון וועג, און אז מען ספלאוויעט דאס מיסט אין קאנאל אריין, חלומ׳ט זיך זיי — גלגול מחילות... און זיי וואלטן אזוי גליקליך חלומ׳דיג דערפוילט זייערע יאהרען, ווען נישט דער שטן — דאס מחלוקת... זיי האבען קיין אחדות נישט אין מיסט: פשישווע מיט קנאפעל ווילען זיך נישט קענען, צוויי אפצאסן פון איין שטיוועל בלאזען זיך אודאי — דער רעכטער שרייט, אז ער איז דער רעכ־טער, און דער לינקער — אז ווען פיס זאלען תפילין לעגען, וואלט ער געהאט בלויע צייכען פון דער רצועה! פון פארשידענע שטיוועל איז פונקט איינער א שפיציגער פראנצויז און דער צווייטער א פלאך־שטייפער ענגלענדער; און, טרעפען זיך שוין צוויי פראנצוי־זען אדער צוויי ענגלענדער, באקוקט מען זיך א האלבע שעה פון אלע זייטען, און אז איינער דערזעהט, אז דער צווייטער איז מעהר אפגעשליפען, מאכט ער פליטה פון קבצן. און דעריבער פוילען זיי אין דער מאסע מיט מיסט, און דאך איינזאם און טרויעריג. יעדער פוילט, און יעדען חלומ׳ט זיך באזונדער... און אזוי שווימען זיי אפ זייער באשערטען גלגול מחילות...

נאר יעדען פרייטאג־צונאכטס, ווען דער חזן זאגט „לכה דודי“ און זינגט: התנערי, מעפר קומי! דערפיהלען זיי א ציטער־ניש אין די ביינער און ווילען זיך אויפהויבען! נאר יעדעס שטיק באזונדער איז פארפוילט און אהן כח, און זיך צוזאמענעמען איז נישט מעגליך...

און אזוי פוילען זיי ווייטער משבת לשבת.

# אבער דאַוונען מוז מען דאָך.

בערל שניידער האָט קוים דערלעבט זיין זוהן, דער דאָקטאָר, זאָל צוריק אהיים קומען. אין דער היים וועט ער האָבען פּראַקטיקע, מען וועט שוין קרענקען!

געקומען איז דער זוהן פרייטאָג, און שבת וויל איהם דער פאָטער מיטנעמען דאַוונען.

— איך וועל נישט געהן, טאַטע! — מאַכט דער דאָקטאָר...

— וואָס, שעמסט דיך מיט מיר צו געהן?

— גאָט באהיט, טאַטע, וואָס פעלט דיר איין...

— אָבער, אז מען איז א דאָקטאָר, מיינסט דו, דאַרף מען שוין נישט גאָט בעטען, גאָט לויבען?...

— נישט דאָס, טאַטע...

— וואָס דען? זאָג! ביסט אפשר מיר, חס ושלום, נישט געזונט.

— ניין, טאַטע! נאָר געהן וויל איך נישט.

— איך בין א בעל׳ן צו וויסען פאַרוואָס.

— נו, אדרבא, זעץ דיך, טאַטע, איך וועל דיר זאָגען פאַרוואָס.

דער אַלטער לעגט אוועק דעם טלית און זעצט זיך.

— נו, זאָג אדרבא, לאָמיך אויך פאַרשטעהן א זאַך!

— גוט... שטעל דיר פאָר, טאַטע, אז דו ביסט רייך, אזוי רייך, אז עטליכע רובל מאַכען ביי דיר גאָרנישט אויס...

דער פאָטער זיפצט אָפּ. כדי פון זוהן א דאָקטאָר צו מאַכען, האָט ער זיך איבער׳ן קאָפּ פאַרזעצט. א הייזעל האָט ער געהאַט — אויס הייזעל, קאַמאַרינע זיצט ער, די מאַשינען אויך פאַרקויפט.

— נו, — מאַכט ער, און זיפצט שווער אָפּ.

— אַלזאָ, די ביסט רייך, און קענענאיבער דיר וואוינט אַ

אלמנה, א שוואכע, א קראנקע אלמנה, לאז נאך זיין מיט קינדער און מען דארף זי שטיצן.

— וואלט איך אודאי געשטיצט!

— גאר, צי וואלסטו געווארט, ביז די אלמנה זאל דיך קומען בעטן, חלש'ען פאר דיר, אויסגיסען ביכען טרערען?

— חס־ושלום? נאך וואס? אז איך וויים...

— און גאט — וואס איז ער, בעסער אדער ערגער פאר דיר?

— וואס רעדסט דו, א שאלה דאס איז!

— נו, טריאומפירט דער זוהן דער דאקטאר, אז גאט איז בעסער, וויים ער אליין, וואס אן ארעמער, שוואכער און קרענק־ליכער מענש באדארף, און וועט נישט ווארטען, מען זאל איהם בעטען...

— אבער...

— גאט לויבען, מיינסט דו?

— זאל זיין...

— נו, טאטע, ווי וואלט דיר געפעלען, עס זאל זיך דיר עמיץ אנטקעגען שטעלען און לויבען אין די אויגען אריין: א וואוילער שניידער, א גוטער שניידער, אן עהרליכער שניידער, אבער וואס הייסט א שניידער! גאר אן אמת'ער שניידער! אן איינאיינציגער שניידער!

— אך, — מאכט אומגעדולדיג דער אלטער, — די גרינע גאל געהט זיך אן!

— און ווייסט דו פארוואס? ווייל דו ביסט קיין נאר נישט, זאלסט הנאה האבען פון נארישען לויבען. און דו ביסט א מענש, א שוואכער מענש, וואס שענדען קאן דיר שאטען, און לויבען העלפען...

— אבער...

— קיין אבער! טאטע, קיין אבער! גאט איז קליגער פאר אונז, און ער, מיינסט דו, דארף אונזער לויב! ער דארף מען זאל זיך דריי מאל אין טאג אנידערשטעלען: א גוטער שניידער, א וואוי־לער שניידער —

— וואס רעדסט דו...

— נו, זאָל זיין: א גוטער גאָט, א וואוילער גאָט, הימעל און ערד באשאפען... צי ווייס ער נישט בעסער?

דער אלטער פארטראכט זיך א רגע און כאפט זיך אינמיטען אויף:

— אלץ ריכטיג, — זאגט ער, — אבער **דאַווענען** מוז מען דאך!

# דער גולם.

גרויסע לייט פלעגען אמאל באווייזען גרויסע נסים... אז מען איז אין פראג אמאל באפאלען די געטא און מען האט געוואלט מטמא זיין די ווייבער, אפבראטען די קינדער און אויסקוילען די רעשט; אז עס איז שוין געווען „כלו כל הקצין", האט דער מהר"ל אוועקגעלעגט די גמרא, ארויסגעגאנגען אין גאס, צוגעגאנגען צום ערשטען בעסטען בערגעל ליים פאר א מלמד'ס טיר, און האט אויסגעקנעטען א ליימיגען גוף. — דעם גולם האט ער אריינגעבלאזען אין דער נאז — און דער האט זיך אנגעהויבען ריהרען; דערנאך האט ער איהם איינגערוימט אין אויער אריין א שם, און אונזער גולם איז ארויס פון געטא. — דער מהר"ל איז צוריקגעגאנגען אין בית־המדרש אריין לערנען, און דער גולם איז באפאלען אונזערע שונאים, וואס האבען די געטא באלאגערט, און האט געדראשען, ווי מיט צעפעס... מענשען זענען געפאלען, ווי די פליגען!

פראג ווערט פול מיט הרוגים... אזוי האט עס — דערצעהלט מען — געדויערט מיטוואך, דאנערשטאג; עס איז שוין פרייטאג, עס שלאגט שוין צוועלף דער זייגער, און דער גולם טוט אלץ וויי־טער דאס זייניגע.

— רבי! — האט זיך קהל געבעטען, — דער גולם הרג'עט אויס גאנץ פראג! עס וועט נישט בלייבען, ווער עס זאל שבת די אויוועז הייצען, די לייכטער אראפנעמען!

דער מהר"ל האט ווייטער מפסיק געווען פון לערנען, געשטעלט זיך צום עמוד און אנגעהויבען „מזמור שיר ליום השבת"!

דער גולם האט אויפגעהערט צו טון זיין מלאכה. ער איז צוריקגעקומען און געטא, אין ביהמ"ד אריין, און איז צוגעגאנגען צום מהר"ל. דער מהר"ל האט איהם ווייטער עפעס איינגערוימט אין אויער; עס האבען זיך דעם גולם די אויגען צוריק פארמאכט.

די נשמה איז פון איהם ארויס און ער איז צוריק לייםינגער גולם געווארען...

דער גולם ליגט עד היום באהאלטען אין פראגער שול אין דער הויך, בארעקט מיט'ן שפינגוועבס, וואס וועבט ארוים פון אלע פיער ווענט, און פארשפרייט איבער דער גאנצער ארקארע, עס זאל איהם, דעם גולם, קיין אויג נישט זעהן, בפרט טראגענדיגע ווייבער פון עזרת־נשים! דעריבער טאקע טאר מען דאס שפינגוועבס נישט ריה־רען, און ווער עס ריהרט דאס אן — — שטארבט... די עלטסטע מענשען געדענקען שוין נישט דעם גולם, נאר דער חכם צבי, דעם מהרל"ם אייניקעל קלערט נאך: צי מען מעג אזא גולם מצרף זיין צום מנין אדער צו מזומן...

דעם גולם, זעהט איהר — האט מען דאך נישט פארגעסען... ער איז דא! נאר דער שם, ווי אזוי מען זאל בשעת הרחק דעם גולם לעבעדי׳ג מאכען, דער שם איז ווי אין א וואסער אריין! און דאס שפינגוועבס וואקסט און וואקסט און מען טאר עס נישט ריה־רען. — טו עפעס!

# ביי די פרעש צו גאסט.

קליין איז דאס געמויזעכטס, קלענער פאר מאנטע־קארלא, עט־ליכע מנינים פרעש אינגאנצען, און איך האב עס ליעב. דאכט זיך, וואס? קווא און קווא? און קווא איז וואסער, דערצו נאך — אומ־ריין וואסער. עס דאכט זיך אבער נאר אזוי. הערט אייך גוט איין צום קווא, וועט איהר געוואר ווערען שאטירונגען, מאדולירונגען, הונדערטער קווא־ווארעאנטען; עס צושפרייט זיך, ווי פונקען פון אונטער'ן האמער, אויף טויזענטער באדייטונגען.

פאראן קווא — פלעביסצים! דער גאנצער זומפ, אהן אונטער־שיד פון גלויבען, נאציאן, געשלעכט און אפילו אלטער. ווערען קלוג געבוירען די פרעש! פאראן קווא—מארסעליעזע: פרעש גע־העז אויף א באסטיליע, פאלען ווי די פליגען... פאראן א תשעה־באב'ער און א יום־כפור'דיגער קווא... און א שווערער קווא, נאך ציבעלעס, קאשע, קוגעל, פלייש, עס גרעבצט: „רבקה, קום, רבקה..." און א קווא פראנק, פראנק, לייכטזיניג־קנאקענדיג: „מארגאריטא, פארוואס האסטו מיך נישט ליעב?" הייסט עס. — און א קווא צום הימעל ארויף, צום בורא עולם, א שבח און א דאנק פאר'ן היימיש־ליעב־ווארעם פאטערלאנד. לעבען זאל עס! עס איז רען צום אויסרעכענען...

און דאס קליינע פאטערלאנד פון פרעש, מיט דער אפיציע־לער קווא־שפראך און קווא־מוזיק, ציהט מיך גאנץ אפט צו זיך. דערהויפט זומער פארנאכט. אין שטאדט ווערט מען דערשטיקט. דערשלאגען פון גאסען־גערוך, מיט שוויים און שלעכטע פערמוכע־געמישט: דער בלענד פון שילדען. שויי־פענסטער און ברענענדיגע, זינד־ און הונגער־ברענענדיגע אויגען. פארטויבט פון רעדער און שפיל־קאסטען — —

איהר ווייסט, וואס שפיל־קאסטען זענען? איהר מעגט נגיסען,

און זאָגען וועל איך אייך: שאַרמאַנקעס, קאַטערינקעס, אָדער ווי מען רופט זיי... נגונים זענען אַריינגעכשופ'ט אין זיי: פון „מאַר־גאַריטאַ, פאַרוואָס ווילסטו מיך נישט קושען“, ביז „לא אבדה תקותנו“!... און אַ שפּאַלט האָט דער קאַסטען, פון אַ קופּערנעם צעהנער די גרויס, וואַרפסט אַריין און — וואָס דו ווילסט!...

אנטלויף איך, קוים לאָכענדיג, צום געמויזעכטס...

זעץ מיך אויף דעם ראַנד פון קליינעם פאַטערלאַנד...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

שעהן זענען די פרעש. סאַמעטען, גלאַט־גרין־גלאַנצענדיג די הויט. דער עיקר אָבער זענען די דריי מעלות, וואָס עס האָבען די פרעש:

1) זיי ווערען אין הייבעלער געבוירען; שוין אַזאַ מזל.

2) טוישען אַלע פיער וואָכען די הויט; ברויכען קיין ווייסע וועש, און — גאָטס גנאַד!

3) די באַוועגליכקייט פון דער אונטערשטער ברעם ביי פרעש!

נעשיהט אַן עולה אין זומפּ — אין פאַטערלאַנד, אַ ציה אַרויף די אונטערשטע ברעם; בעסער ווי אַ שלאָף־מיץ איבער די אויערען; נ י ש ט געזעהן, ג אָ ר נישט!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און אַ באַקאַנטע האָב איך אין זומפּ, זעהר אַן אינטערעסאַנטע. שעהן — ווי נאָר אַ פראַש קאָן זיין און דערצו — קלוג! אחיתופל אַמאָל, ביסמאַרק ערשט נישט לאַנג — סטאָליפּין הייגט, קיין פאַר־גלייך.

— אַלץ — זאָגט זי — איז זומפּ.

קהלת האָט געזאָגט: אַלץ איז נאַריש; זי — אַלץ איז בלאָטע. אַלע לעבען אין בלאָטע. ציהען חיונה פון בלאָטע — געמויזעכטס...

— און די פיש! — פרעג איך אַמאָל.

— טריב וואַסער! — מעהר אָדער ווייניגער קוים...

— זי האָט — זאָגט זי — דאָרט אויך מחותנים.

— און פייגעל?

זי האָט אפילו קיין ישוב נישט; גלייך דער שכל ליגט איהר באַלד אויפ'ן שפּיץ צונג:

— לעבען אין דער לופט? און וואָס איז לופט? נים אין

מרחץ וואַסער אויף די שטיינער, ווערט פּאַרע — לופט... שטעל זומער אַ שיסעל וואַסער אויפ׳ן פענסטער, ווערט לופט...

געלערענט פיזיק!

— און די סאַלאַמאַנדרע?

פאַרגלייסט זי שוין די אויגעלעך:

— ערשטענס, — זאָגט זי — איז אפשר איהר נאַטור אַזוי, צווייטענס — זיך צוגעוועהנט, און דריטענס — איז עס אינגאַנצען אַ לעגענדע...

און טרילערט צו: קוואַ—קוואַ—קוואַ! וואָס האָט געהייסען אויף אונזער לשון:

בלאָטע, בלאָטע, בלאָטע!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— מאַדאַם פּראָש — זאָג איך איהר אַמאָל — איך וויל דיר דערצעהלען אַ מעשה׳לע!

— דערצעהל!

און אַ געטליך־פאַר׳כשופ׳טער שמייכעל צולעגט זיך איבער׳ן גרין־גלאַנצענדיג־סאַמעטען פּנים׳ל.

— און אויב — גיט זי צו — עס וועט נישט זיין צו נעבעלדיג־מאָדערן, וועל איך עס איבערדערצעהלען צום דרוקען דעם הויפּט־רעדאַקטאָר פון זומפ־הויפּישען מאָניטאָר.

— איך ווייס נישט... עס וועט, דאַכט זיך, שמעקען מיט קבלה...

זי פאַרקרימט זיך, ווי נאָך אַ לעק ציטרין און מאַכט רע־זיגנירט:

— נו...

— אַ מעשה מיט אַ מיידעל אַ קאַליקע...

נאָך אַ פאַרקרים.

— אָבער אַ זעלטענע קאַליקע. זי קאָן די אונטערשטע ברעם נישט אַראָפּלאָזען. פאַרשטעלט איהר אַ האַלב אויג...

— נו?

— זעהט זי נישט, וואָס עס טוט זיך נידעריגער פאַר׳ן אויג. קאָן, אויף קיין פאַל, נישט קוקען אַראָפּ. די אויגען זענען שטענדיג, פון געבוירענהייט אָן, באַווענדט אַרויף, נאָר אין דער הויך אַרויף...

— אָ — פּע! — כאַפּט זיך די דאַמע אַרויס, — אַזוינע

מוז דאך האלטען אין איין פאלען... זעהט דאך נישט, וואס אונטער די פיס טוט זיך.

— עבען... און עס איז זי זעהר שווער געווען אויסצולערנען געהן... וואקעלט זיך, פאלט, ווי איהר זאגט. ערגער איז אבער געווען דערמיט, וואס זי האט מיט דער צייט אויפגעהערט צו זעהן און צו דערקענען איהר יונג הויז־געזינד, שוועסטערלעך און ברידער־לעך...

— אסך געווען?

— נישט געצעהלט... שפעטער, אז זי וואקסט אויף, זעהט זי שוין נישט די עלטערע, אפילו ניט פאטער און מוטער...

— ע! — רופט אויס די דאמע און אינ׳ם „קווא" — קלינגט עטוואס שרעק, עטוואס באדויערען און דראהען...

— און די עלטערען, און אלע קרובים ארום זענען בייז: „האלט זיך גרויס און פארשייט", זאגען זיי, „זי וויל אונז נישט זעהן!"

— האט מען זי ביינאכט, אין דער שטיל — דערוואָרגען?

— ניין, מען האט געפרואווט זי שיקען אין שול אריין. דעם לעהרער ווערט זי דאך זעהן! א הויכער, זיצט אויף א קאטעדרע!

— און זי האט׳ן געזעהן?

— א קורצע צייט. דערנאך — נישט א האר; גראד גאל־קעפיג געווען אויך... האט ער איהר געגעבען איבער די הענט. האט זי געשריען, האט ער זי ארויסגעטריבען, איז זי אנטלאפען — —

— אהיים?

— זי האט מורא געהאט, מען זאל זי, ביינאכט, אין דער שטיל, נישט ווערגען. — אין דער וועלט אריין!

הינטער דער שטאדט האט זי אין דער לופט פייגעלעך דער־זעהן... א מאסע...

— פייגעלעך, פייגעלעך, נעמט מיך מיט!

זיי האבען קיין צייט נישט, און קאנען אפילו נישט ענט־פערען. פליהען צו די נעסטען, צו די קינפעטאָרינס אין די נעס־טען, פול ווערעמלעך אין מויל... פליהען זיי אוועק שטילשוויינגע־דיג... קומט אן צו פליהען אן אדלער...

— אזוי?

אן אדלער מאכט שטענדיג אן איינדרוק, א לופטיגער רינאל־דא־רינאלדיני...

— אדלער, אדלער, נעם מיך מיט!

— אויך קיין צייט נישט געהאט? אויך צו דער נעסט?

— ניין, דער אדלער איז אויך עפּעס עלענד געווען... איינער אליין אויף א הויכען, מיט א וואלקען ארומגעגארטעלטען פעלז האט ער געוואוינט...

— פון יענער הויך — זאגט ער איהר — זעהען אויס, די אלע, וואס געהען דא, אויף פיער צי אויף צוויי, ווי מילבען...

— איך האב פיינט מילבען — זאגט דער אדלער, און ער טוט עס...

— און ס'איז געווארען א לעבען! און איינס פון צווייטען פארהעלט נישט, באהאלט נישט, האט קיין סודות נישט — א זיס לעבען?

— נישט שטענדיג...

כל־זמן דער אדלער פליהט און רעדעלט איבער איהר קאפ, זעהט זי איהם... ליעבט זי איהם... דארף ער פרנסה —

— לאזט ער זיך אראפ? א ו י ב ע ן נישט פאראן?

— עבען... פארלירט זי איהם פון די אויגען — —

א שטאדט־זייגער שלאגט פלוצלונג: אכט.

— פארדאן, — בעט מיך איבער די דאמע אין מיט מעשה'לע. זי האט א קאנצערט אויף ארעמע לייט אין זומפּ, שטעהט ביי די אפישען און „ציור“ — זי איז שוין דערינען...

און איך לאז מיך צוריק, מיד, פארדראסען און זויער, אין שטאדט, אין שטוב אריין, ווארף מיך אויפ'ן בעט. עס שלאפט זיך יא, עס שלאפט זיך נישט. און בילדער, אהן מיין ווילען, אהן מיין ווימען כמעט, שלאגען, יאגען זיך, רייסען זיך, — ווייסט איין גאט, ווי אזוי... שוויים, פערפומעס, זינד־ און הונגער־אויגען, געמוי־זעכטס, שפּיל־קאסטען... און ס'ווילט זיך אזוי אנטלויפען פון דעם אלעם —

# פען דע סיעקל*).

א בלוי זיידען פרוכת, וואס מיר רופען „הימעל“, טיילט אפ א י י ן וועלט פון דער צ ו ו י י ט ע ר.

א י ב ע ר ׳ ן פרוכת איז סאמע „רוחניות“ — הוילע גייס־טער; קיין „גוף“ און קיין „כח בגוף“, קיין שטויב פאר א מיליאן!

א ו נ ט ע ר ׳ ן פרוכת איז פארקערט — סאמע עפר ואפר, סאמע זומפ, סאמע ערד. צי עס האט זי דער האמער, וואס שמידט אויס די וועלטען, צוזאמענגעשלאגען אויף פעסטע, מאסי־ווע, איינגעשפארטע, פינסטערע שטיקער, צי ער האט זי מיט א זעץ צושטויבט און צושפריצט, און זיי פליהען ארום פראנק און פריי אין די לופטען אין דער הויך — בלאטע בלייבט בלאטע!

„פון חזיר־האר קאן מען קיין שטריימעל נישט מאכען“ און אויפ׳ן פארשימעלטען זומפ וואקסען תאוות, ווי די הונטס־שוואמען.

און דאס בלוי־זיידענע פרוכת איז די גרענעץ צווישען ביידע וועלטען, און די זון, די לבנה מיט אלע שטערען — סיי די גאלדענע, סיי די זילבערנע — זענען די יעגער, וואס היטען די גרענעץ, וואס לאזען נישט ארויף קיין שטויב פון דער בלאטיגער ערד.

און וואס געשיחט, אז עס הויבט זיך טיילמאל אויף א שטויב צו הויך און וויל דוקא אין הימעל אריין?...

טייל זאגען, אז דער „עזות־מחוצף־פנים“ ווערט פארברענט,

---

*) פען־דע־סיעקל — דער סוף פון יאהר־הונדערט (היינט—פון ניינצעהנטער), און ווייל דער געבילדעטער ניינצעהנטער יאהר־הונדערט האט זיך גאר צום סוף איבערגעדרעהט און איז פרום־אנטיסעמיטיש גע־ווארען, דעריבער, וואו מען זעהט א אפגעלאזטקייט, א מידקייט, א שגעון, א נארישקייט, א ווילדקייט, א וואס עס איז נישט געוועהנליך — זאגט מען: „פען־דע־סיעקל“, דאס ברענגט אלץ דער „סוף פון יאהר־הונדערט“.

און אנדערע, אז ער ווערט אין פייער גערייניגט און — ארויפגע־לאזט...

איבער׳ן פרוכת איז — ווי געזאגט — סאמע רוחניות.

רוחניות איז דער הימעל — גאטס פאלאץ.

רוחניות — די מלאכים, זיינע לאקעען, די זאנפט־ליכטיגע — ווי די היים ברענענדיגע...

גייסטיג איז אויך אלץ אינ׳ם פאלאץ פון כסא הכבוד, וואס פארבלענדט מיט טויזענטער זונען, ביז׳ן פארשעמטען טעלערל, וואס שטעהט אינ׳ם טונקעלסטען ווינקעלע...

גייסטיג זענען אויך אלע טויזענטער קליינינקייטען, וואס זע־נען צוגעווארפען ביים „זעיר אנפין" אויפ׳ן טיש.

און — איך וויל אייך אויסזאגען א סוד — פון א קורצע צייט קומען אט די קליינינקייטען אונזערע נשמות ארויס.

איהר פרעגט, וואו עס איז אהינגעקומען דער אוצר הנשמות?

ער איז דא!

דאס איז א מאגאזין מיט טויזענטער, טויזענטער מינים סחורה — געמיינע, בעסערע, גוטע, גאר גוטע, סופער־פען, נעק־פליוס־אולטרא און גאר דאס אויבערשטע פון דער סמעטענע.

איי, איי, וואס פאר א טייערע נשמות עס זענען דארט פא־ראנען!

*למשל*: נשמות עליונות!

אז אזוינס כאפט זיך אראפ אויף דער וועלט, פליהט עס ארום אין גאטס ווייגארטען, ווי — להבדיל — א ביהן, און זויגט אויס דעם האניג פון אלע בלומען, אדער (ווי די געלעהרטע זאגען) „די לאגיק פון די פאקטען!": אין אלץ וואס עס געשיהט, דערזעהט עס נישט נאר א שכל, טיילמאל אפילו א יושר. און עס איז בטבע אזא גוטע בריאה, אז, קוים דערטאפט עס דעם יושר, פאטשט עס בראווא, און ארום שטעהט אן עולם מיט אפענע מיילער און פאטשט נאך!

געניאלע נשמות, אדער — ווי די לשון־קודש שרייבער זאגען: „גאונים" — דאס זענען אזוינע לייט, וואס געהען פאר׳ן פינסטערען פאלק ביינאכט, ווי א פייערדיגע זייל, פאר דאס זענען זיי רויכיג און וואלקענדיג ביי־טאג. נאר סיי ווי סיי האבען זיי די זכיה — צו פיהרען די דורות איבער דעם מדבר; ווי אמאל דאס פעבעל

נישט געהן, הונגעריג און מיד פון שווערען זאמר, כאפט עס א גע־ניאלע נשמה אן ביי די האר און שלעפט.

עס טרעפט זיך אויך פארקערט: דאס פעבעל ווערט בייז און כאפט אן די געניאלע נשמה ביי די האר און ווארפט זי אין א לייבענגרוב, אין א קאלד־אייוועו, אדער אזוי אין א בלאטע אריין; נאר דאס מאכט נישט אויס, אזוי איז דער גאנג איבער דעם מדבר!

אט די ערדעלע נשמות — דאס זענען אזוינע גאלדענע נאר קליינע פליגעלעך; זיי לייכטען נישט, זיי ווארעמען נישט, נאר שעהן זענען זיי און אין דער פינסטער צולאזען זיי זיך, ווי פונקען איבער׳ן דאך פון א שמידעריי...

אין טייל נעכט איז מען יוצא מיט זיי פאר שטערען, בעלי־בתים זעהען זיי און לעגען זיך אויס אויפ׳ן גראז, מאכען צו די אויגען און זעהען די שענסטע חלומות.

דאמאלט ווערט זיי לייכט און ווייך אויפ׳ן הארץ, זיי וואלטען די גאנצע וועלט געהאלזט און געקושט, א י י ן העלפט אודאי.

אינטערעסאנטער נאך זענען די אריגינעלע.

אזא בריאה האט א געוועהנליכע הויט, אן איינפאכע נאז, פראסטע אויערען, אלץ, ווי גאט האט פאר אלע באשאפען, נאר אינעווייניג — אביסעל פארקנוידערטע נערוועו.

אזא נשמה זעהט דעם קול פון טראמפייט, הערט דעם טעם פון האניג, פיהלט דעם ריח פון לבנה־שטראלען און קאן אנטאפען דעם שאטען פון א לאנג געשטארבענעם מפיל־קינד!

תמוז בארעקט זיי גאנץ אפט א גענזענע הויט פאר קעלט, און אינמיטען ווינטער שוויצען זיי פאר היץ, און א גאנץ יאהר עסען זיי ווערמוט פאר האניג שטאק.

דער פראסטער עולם זאגט: משוגע! נאר מענשען, וואס פאר־שטעהען, זאגען: הע! הע! וואו נעמט מען אסך אזוינע!

עס זענען נאך פאראנען האר־שפאלטענדיגע, שארף־נאדעל־שפיציגע נשמות.

זיי גנב׳ענען ארויס ביי דער שטיפמוטערישער נאטור אלע סודות, מאכען זיך אויף זיי פאטענטען און פיהרען זיי ארויס צו פארקויפען אויפ׳ן וועלט־מארק...

היינט — נשמות ראקעטען!

דאס זענען אזוינע נשמות, וואס בליצען אויף, פליהען פ־יי־

פענדיג דורך אין דער לופט און ווערען פארברענט, אפילו מיט ווע־ניג נוצען, נאר פאר דאס מיט גרויסער פראכט! און — וואס פאר בראוואַ זיי קריגען!

איהר זעהט, אז איך ליקען נישט אין אוצר הנשמות: פאר־קערט — איך בין מודה, אז ווער עס קריגט אזא נשמה, גלייך פון אוצר ארויס, נישט קיין גלגול, וואס האט זיך שוין ארומגעוואל־גערט אין אן אקס, א טכויר, און גאט ווייסט וואס נאך פאר א חיה — אז דער, וואס קריגט אזא נשמה דירעקט, איז א מענש; א מענש, וואס, ווי עס איז, אנטלויפט ער נישט פאר זיך אליין, שעמט זיך נישט מיט'ן אייגענעם פנים און באהאלט עס נישט אין בלאטע, שעצט זיין קורץ לעבען און פארשפילט עס נישט אין דריידעל, צי אין קארטען!...

יאַ, עס זענען אמאל געווען בעסערע צייטען!

דער אוצר הנשמות איז געשטאנען אפען, פראנק און פריי! אויפ'ן טיש איז געלעגען דאס גרויסע בוך פון הוצאה והכנסה, און דער מאגאזינער, — דאמאלט נאך א יונגער מלאך, מילך און בלוט, — האט געשריבען און געשריבען: נשמות אריין, נשמות ארויס.

רעכטס פלעגען ארויספליהען פרישע ווייסע טייבלעך מיט פע־דערלעך, ווי שניי, און לינקס פלעגען אנקומען אביסעל אונטער־געברודיגטע, מיט מאטע אויגעלעך, איינגעבויגענע קעפלעך און אביסעל אויסגעציפטע פליגעלעך. און דורך א רעהר האבען זיך גע־הערט די באפעהלען פון זיבענטען הימעל, איין באפעהל נאכ'ן צווייטען: א נשמה — לק"ק רייוועץ, דריי — לכרך טישוויץ, זעקס — קיין האציפלאץ, א האלב שאק — קיין טייוועלסקויט, אמאל א נשמה קיין ווארשוי אויך... און נאכט אויף נאכט פלעגט ארויס א טראנספארט נשמות...

היינט איז די ראסע א פיזישע זאך; די פייכקייט אין דער לופט, ווייסט מען, זעצט זיך אפ אין געשטאלט פון טראפען, אויף די אפגעקיהלטע בלעטער און גראזען, און דאס איז דער טוי.—

דאמאלט איז עס טרערען געווען, טרערען פון די פרישע נשמות, וואס האבען אינ'ם פליהען די פינסטערע ערד דערזעהען, און האבען זי פאר שרעק מיט די טרויעריגע פערעל פארזייהט...

און אלע האבען דאמאלט געקריגען נשמות און אמת'ע נשמות, פונ'ם רב ביז'ן בעדער. נאך איידער א מלמד'ס פוס האט אנגע־

ריהרט די קאלטע פארלאגע, האט זיך שוין א מלאך, מיט א נשמה־לע אונטער'ן ארעם, אויסגעגלייכט די ווייסע פליגעל, געמאכט זיך גרייט אין וועג אריין...

ליידער, — אמאל איז געוועזען!

היינט איז דער אוצר פארהאמערט, די וועגען אריין און ארויס באוואקסען מיט גראז...

איננווענדיג זיצט דער אייגענער מאגאזינער, נאר ער האט שוין אן אנדער פנים. א קיילעכדיגע לבנה אויפ'ן קאפ, אן נאכגעלאזטע אונטערשטע ליפ און א ציטעריג שיטער גרוי בערדעל... מיט מע־שענע ברילען, פארדוקט אויפ'ן פארמעטענעם שטערן, זיצט ער און דרימעלט; נעמט ער אמאל די פעדער אין דער האנט, רייניגט ער אויס מיט איהר די שאקעלדיגע ציין...

פון צייט צו צייט הויבט אן א נשמה ערגעץ אין א ווינקעלע צו גענעצען, עס טוט נאך א צווייטע, א דריטע, עס גענעצט דער מאגאזין — דער מאגאזינער כאפט זיך אויף, מאכט א שטרענג פנים, עפענט דאס מויל אנצושרייען און — גענעצט מיט...

איך וויים נישט, ווי אזוי עס געהער זיך אן ד י וועלט מיט י ע נ ע ר וועלט... צי איז י ע נ ע וועלט דער איידעלער אפגלאנץ פון ד ע ר, אדער ד י איז נאר א פארגרעבטע י ע נ ע — נאר „אוי־בען איז אויך פען־דע־סיעקל".

דאס פרוכת פון יענער צייט זעהט אויס, ווי א כמארע פאר א וואלקען־בראד, אנגעזאפט מיט שוועבעל... די שטערען זענען ענהליך צו די געלע מעשענע געגעלעך אין אן אלט־מאדישער קאנאפע... די לבנה זעהט אויס, ווי א צינערנער פורים־טעלער אויף מחצית השקל... איין זון, וואס האט נאך א לייטיש פנים, כאר ווער זעהט זי?

פען־דע־סיעקל שלאפט נאך מארפינע בייטאג און שלענדערט זיך ארום דערנערווירט ביינאכט אין אלע גאסען...

פען־דע־סיעקל אין הימעל!

פויל־גרין אדער וואקסען־געל — זענען דארט די איינציגע מא־דערנע קאלירען... פויל אוועקמאכען מיט דער האנט, ווי אפצובוי־גען א פאדעם שפינוועבס פון פנים, איז די איינציגע באוועגונג! ריהרען זיך אמאל א פאר בלאנעבלויע ליפען, איז „עט!" דאס איינציגע ווארט, וואס ווערט פויל קוים אויסגעאטעמט...

טיילמאַל הויבען זיך שווערליך אויף א פּאָר שיטערע ברעמען, עס באַווייזען זיך א פּאָר מילכעדיגע לבנה'דיג־תמ'עוואַטע אויגען און קוקען זיך אום, נישט פאַרוואונדערט, נישט אינטערעסירט, איין גאָט ווייסט נאָך וואָס, און זיי פאַלען באַלד צוריק...

„נאָך וואָס לוינט צו עפענען דעם אוצר הנשמות!"

„און אז מיליאַרדען פונקען וועלען אַריין אין דעם זומפּ, וועט עמיץ ביי זייער גלאַנץ א י י ן סעקונדע גליק דערזעהן?"

„און וואָס העלפט עס, אז מען שיקט פון צייט צו צייט אַראָפּ גנניען? זיי קומען צוריק ריינע פורים־שפּילער, באַהאַנגען מיט פּאַפּירענע מעדאַלען און נאָכשלעפּענדיג מיט א גדלות די האַלצערנע שווערטען!"...

„און אז איינער פאַרגעסט גישט זיין ראָלע און קאָפּעט אַוועק די פינסטערע וועלט פון אַרט, — שלענגדערט זי זיך צום ערשטען בעסטען שטיין אויפ'ן וועג און פאַרזינקט נאָך טיפער אין דער בלאָטע"...

„און שיקט מען זיי ליכטיגע נשמות, נשמות מיט אידעען, פאַרטרייטשען זיי די אידעען אויף איבערצייגונגען, אויף פריהער־פונקטען, וואו דער מח ווערט געפרוירען און פאַרגלעזערט אויף אייביג און קאָן שוין קיין אַנדערע געשטאַלט נישט באַקומען"...

„פון די איבערצייגונגען ווערען נייע שטיינער אויפ'ן וועג"...

אזוי טראַכט דער פּען־דע־סיעקל אין הימעל. —

און אז דער מלאך הממונה על ההריון קלאַפּט אָן נאָך א נשמה פאַר'ן גרעסטען גביר'ס בן־יחיד ווענען, לאָזט כביכול אַראָפּ פאַרשעמט די הייליגע אויגען; ער פויקט ווייטער אין דער שויבען־טיר, „זעיר אנפּין" ווערט אומגעדולדיג און וואַרפט איהם אַרויס, וואָס עס איז פון שטוב... וואָס עס איז... וואָס עס קומט איהם אונטער דער האַנט, אונטער'ן פוס, קליינינקייטען, וואָס עס לאָזט זיך לייכטער אָנכאַפּען און אַרויסשליידערען דורך טיר און פענסטער... און פון די קליינינקייטען קומען אַרויס קליינע, דראָבנע נשמה'לעך! זיי זענען אָפּט גאַנץ שעהן, טיילמאָל אויך נוצליך, אפילו געלעהרט, נאָר דראָבנע... זיי זענען אזוי קליין, אז די גרויסע וועלט קאָן אין די קליינע מחות נישט אַריין... מען מוז זי קינסטליך שפּאַלטען אויף פעלקער, מדינות, פּראָווינצען, אפילו דערפער און שטעדט...

און יעדע שטאָדט און יעדעס דאָרף טיילט זיך ערשט אויף קלאַסען...

„דער זאַטער איז דעם הונגעריגען קיין חבר נישט!“

„ווייסע הענט און שווארצע הענט קאָנען נישט צוזאַמען כהנים דוכענען!“...

און יעדעס קליינע וועלטעל האָט זייע קליינע נביאים, דראַבנע פּאַטריאָטען, פּיצלער פּאָליטיקער... ווייל דאָס איז אַלץ קליינינקייטען פון טיש אראָפּ...

אָט — פון א פּרעספּאַפּירל ווערט א קליין בעל־בתי'ש טירענדעל איבער ווייב און קינד; ער קאָן נישט אנדערש!

פון א שנייץ פון א סטעריד־ליכט ווערט א מלמד, א לעהרער, א „פון דאַנען ביז דאַנען“, וואָס רויכערט און קאָן קיינעם נישט ליכטיג מאַכען אין מח...

פון א האַנט־שערעל ווערט א רעדאַקטאָר, א ליטעראַט צי אַן אויסשניידער, פון א טיש־גלעקעל — א פּאָרזיצענדער פון א קליינער צדקה־חברה, מיט גרויסע וועטשערעס...

פאַלט אמאל ארויס א צאָן־בערשטעל, ווערט פון יעדען האָר א דענטיסטקע.

איינמאל (פאַרצעהלט מען אויף זיכער) איז אין הימעל א זייגער שטעהן געבליבען און דער אומרוה איז ארויס דורכ'ן פענסטער; ער האָט זיך צושפּריצט אויף טויזענטער קהל'ס לייט, שתדלנים, מליצי־יושר, רעדעל־פיהרער, קליינע משיח'לעך... עס רוישט און קלינגט: טיק־טאַק, טיק־טאַק, טיק־טאַק... עס דוכט זיך, מען טוט, מען געהט און מען ריהרט זיך נישט פון אָרט...

אַפילו די געלעהרטע זענען אזוינע דראָבנע, פּיצלעך נשמה'לעך, ווי די שפּילקע־קעפּלעך... יעדע זיצט זיך אין איהר ספּעציאַליטעט... קעניגט אין איהרע אָפּגעמאָסטענע פיער שפּאַן!

א, דאָרט קען זי אַלץ! יעדע שפּאָרע, יעדעס שפּעלטעל! דאָרט ווערט יעדער שטויב געמאָסטען און געוואויגען, באַשמעקט און באַטאַפּט, און פאַרזוכט! און אַלץ ווערט פאַרשריבען לזכרון— דער טעם און דער ריח און אפילו דער שאָטען, וואָס איין שטויב וואַרפט אויפ'ן צווייטען...

נאָך די פיער שפּאַן, איז זי אין א פרעמדער מלוכה אָהן א „בעדעקער“ און אָהן א פּאַספּאָרט.

דאָרט איז זי בלינד און פלאַטערט, און שלאָגט מיט די פליי־געלעך, ווי אַ פלעדער־מייזל אינמיטען שעהנעם העלען טאָג!

דאָרט איז שוין אַ פרעמדע וועלט. דאָרט זיצט שוין אַן אַנדער שפּילקע־קעפעל און גריבעלט, און טאַפּט, און שמעקט, און מעסט אויס יעדען שאָטען פון יעדען שטויב...

פון די קליינע פונקען קאָן קיין פייער נישט אַרויס, זיי קומען זיך קיינמאָל נישט צוזאַמען און דעריבער איז אַזוי קאַלט, אַזוי נאַס, אַזוי גרוי און קויטיג די גאַס, דער מת, דאָס האַרץ...

נאָר פּראַקטישע מענשען זאָגען, אַז אַזוי ד אַ ר ף זיין! אַז קויטיג גרוי און בלאָטיג איז — דאָס לעבען, דער אמת, דער פאַקט! אַז וואָס עס גלאַנצט (און עס איז דערביי קיין גאָלד נישט), נאַרט אָפּ, וואָס עס האָט קאָלירען, איז קינדער־שפּיל, זייפען־בלעז־לער, חלומות וויסטע...

און יעדער פּראַקטישער טאַטע, איידער ער פאַרמאַכט אויף אייביג די קלוגע, כאַטש שוין האַלב־פאַרשטאַרטע אויגען, כאַפּט אַן מיט דער ביינעריגער האַנט דעם איינציגען זוהן און באַשווערט איהם: הויב דעם קאָפּ פון דער בלאָטע נישט אויף! וועסט דיך נאָר, חס־ושלום, פאַרקיהלען און דעם קאַטער קריגען!

און דעריבער פאַלט די האַרצגעטרייע מאַמע אויפ'ן האַלז פון דער באַדעקטער טאָכטער, און נעצט איהר דורך דעם שלייער מיט הייסע טרערען, און בעט זיך ביי איהר, און חלש'ט: טאָכטערשי! זאָל זיך דיר אין לעבען נישט חלומ'ען!

און דעריבער לעגט דער שטרענגער פּראָפעסאָר דעם דאַרען פינגער אויף דער שאַרפשפּיציגער נאָז און וואָרענט די שילער:

— קינדער, היט אייך פאַר פאַרבען!

און דער סטרוזש פון הויז בלייבט פון צייט צו צייט שטעהן אינמיטען הויף, אַנגעשפּאַרט מיט דער גאָמבע אויפ'ן בעזעם, און קוקט צו די לאַקאַטאַרען אין די פענסטער אריין, צי גלאַנצט נישט, חלילה, ערגעץ אַ שויב...

און די אַלע פּראַקטישע, קלוגע מענשען, אויב זיי געהען אַרויס אין מאַרק און טרעפען אַ מענש מיט שטראַלענדיגע אויגען, לויפען זיי זיך צוזאַמען אַ רעדעל און קאַפּען הינטערוויילעכטס אַוועק מיט די פּיס...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אט — איך ליג אזוי און קלער און דא שפאלט זיך דער הי־מעל און איך זעה, וואס עס טוט זיך אין פאלאץ ביים זעיר־אנפין...

א מלאך פויקט ווייטער אין פענסטער אריין; ע ר  ווערט, כביכול, בייז, כאפט אראפ די קרוין פון קאפ און ווארפט זי איהם פון פענסטער ארויס...

און איך זעה, ווי כביכול, דער זעיר־אנפין, איז געבליבען זי־צען אהן דער קרוין, מיט א רויטען פאס אויפ'ן געטליכען שטערן, — דאס האט איהם געמאכט דעם שארפען ראנד פון דער קרוין, — און א הייליגער טראפען שווים איז אראפגערונען פון אונטער'ן רויטען פאס...

און ע ר, כביכול, האט אפגעאטעמט פריי און א הייליגער, דערבארמהארציג־גוטער שמייכעל האט זיך באוויזען אויף זיין געט־ליכען פנים!

און דערווייל האט די קרוין אויפ'ן הארטען קאפ פון מלאך געפלאצט... זי האט געפלאצט און איז צושפריצט געווארען... און טויזענטער, טויזענטער שפריצען פון בריליאנטען און רובינען, פון סאפיר און אפאל זענען זיך צופלויגען פון דער געטליכער קרוין.

און עס זענען אראפ אויף דער וועלט טויזענטער, טויזענטער נשמות פון די שפריצען פון דער געטליכער קרוין! און זיי זענען זיך צופלויגען אין שטעדט און אין דערפער, אין פאלאצען, הייזער. צעלטען און היילען! און וואו עס איז אריין א שפריץ פון דער געט־ליכער קרוין, דארט האבען זיך געעפענט א פאר געטליכע אויגען.

און דערפון זענען אויפגעוואקסען גאר אנדערע, אנדערע מענשען...

מיט קלענערע מאגענס נאר פאר דאס מיט גרעסערע הערצער און מחות, און אין יעדען מח האט זיך אפגעשלאגען די גאנצע וועלט נישט קיין דראבנער חלק פון איהר... און די הערצער האבען גע־שלאגען פאר אלע, פאר אלע פון דער געטליכע קרוין נישט נאר פאר היימישע, פאר אייגענע...

און איינער האט דעם אנדערען און נאך בעסער זיך אליין פארשטאנען... און קיינער האט זיך פאר קיינעם נישט געהיט, פאר קיינעם נישט אנטלאפען און קיינעם נישט געיאגט...

און עס איז ליכטיג און העל געווארען אויף ־ער וועלט, און איינער האט אינ'ם צווייטען דעם ברודער דערזעהן און דערקענט—

און א פאליציימאן איז ארויסגעגאנגען אין אלע גאסען מיט א פויק און האט גערופען: לערענט אייך, לערענט אייך! וואס איהר וועט דערקענען, דאס וועט איהר ליעב באקומען!

ליידער איז עס דערווייל נאר א חלום געוועזען!

# חוזק.

— איהר קענט חוזק'ן ?

— אודאי !

— וואו געפינט מען איהם ?

— וואו נישט ? אין גאס, און הייזער, אין שול, אין בית־המדרש, אפט זיצט ער תפוס !

— א שעהנער פארשוין !

— ער וועט דען שטארבען אויף זיין בעט ?

— ווי זעהט ער אוים ?

— ווי חוזק ! הויט און ביין ; א הויט פון פארמעט מיט לאַכענדיג־וויינענדיגע ווארצעל, האפטען און שראמען. אויגען האט ער אויך משונה'נע ; זיינם א בליק קאן קיין בעל־בית'ישער מענש נישט אויסהאלטען. ליפען האט ער פארברענטע, דינע, צוזאמען־געפרעסטע. עס דאכט זיך, ער עפענט זיי נישט און דאך שיטען זיך איהם נאדלען פון מויל, אז עס שטעכט יעדען אין אלע אברים.

— ווי אזוי קליידט ער זיך ?

— קרוע־בלוא : וואס קלערט איהר ! א טוץ בגדים, נאר סאמע לעכער און חוזק שטארט פון אומעטום ארויס...

— פון וואנען לעבט ער ?

— פון צרות, בוידך צייןך לעכער־ און הארץ־וועהטאג ! פון וואנען זאל ער לעבען ? אז א מענש איז א לא יוצלח ! ער איז אפילו בקי אין די קליינע אותיות, נאר טויגען — טויג ער צו גארנישט. איידער מען האט איהם דערקענט, האט מען אויף איהם רחמנות געהאט, טאקע, א תלמיד־חכם, פארוואס נישט ! האט מען איהם געמאכט פאר א מגיד. העלפט נאט — שטארבט א ראש־הקהל, א איד א גביר, א רעדעל־פיהרער, מאכט ער אזא הספד, אז דער גאנ־צער עולם איז שיער נישט צוקגאקט געווארען פאר געלעכטער ; די

ווייבערשע שול האט געלאכט, איהר פארשטעהט ? ! אז אזוי, אויס מגידות ! מען מאכט איהם פאר א בדחן ; מאכט זיך ווייטער א גביר'ישע חתונה, שי"ן אלף רו"כ נדן... איז ער אזוי משמח חתן כלה, אז מען ווערט צוגאסען פאר געוויין ! און דער הספד איז דוקא ווײנענדיג, דאס ברחנות לאכענדיג, נאר דאס פנים, די גרימאסען ברעננען ארויס פון די כלים. אז מען שמועסט א לא יוצלח ! א פארשאלטענער מענש !

— פארשאלטען ?

— אמת פארשאלטען. וואו ער ווייזט זיך, קומט אריין די קללה ! ווײן אין קעלער ווערט זויער, מילך אין שטוב — גערונען, שעהנע מיידלעך און חנ'עוודיגע ווייבלעך ווערען נמאס ומאוס ; פון בעלי־צדקות — שווינדלער, גישטען — פון די גרעסטע בעלי־בתים ! פון גבאי'טעם — ר"ל, וואס עס ווערט ! למשל—מען מאכט א חשבון פון צדקה־געלט, מתן בסתר, מאיר בעל־נס, אזוי א חברה, עס דארף זיין עודף ! די פושקע האט א שלאס, די גבאים קאן מען פאר פיינע לייט, הוצאות זענען קליינע, הכנסות — די והותר. חוזק קומט אריין — פעהלט שוין דריי פיערטעל געלט ! עס ווערט אונטער די הענט פארשוואונדען ! וויל ער, ווייזט ער נאך זיינע שווארצע קונצען און געפינט דאס געלט ביים רב אדער ביים גבאי אין שטיוועל ! אז ער איז דא, נעהמט אפילו אומגעצעהלט געלט לאבוד ! וואו ער שטעקט אריין די נאז, איז אויס אמונה, אויס בטחון, אויס קרעדיט !

— ווי לאזט מען אזוינס אריין אין א אידיש הויז ?

— מען לאזט טאקע נישט, ער גנב'עט זיך דאך אומעטום אריין... וואס קלערט איהר, מען היט זיך פאר איהם, ווי פאר פייער. דער רב אנטלויפט כמטחוי קשת, דינים חלש'ן, בעלי־בתים'ס בייכער טרייסלען זיך, ווי אין א פיבער, די גרעסטע משכילים פארגעסען די צונג אין מויל, בעלי־צדקה לאזען די אויגען אראפ ווי די גרעסטע גנבים, און נשים — רחמנא־לצלן — זענען מפיל פאר שרעק ! אפילו בתולות...

— פון וואנען קומט איהר צו דער סחורה ?

— ווייסט איין כודא עולם ! וואו מען זייהט איהם נישט, קומט ער ארויס ! דא פון אונטער דער ערד, דא פאלט ער אראפ

פון הימעל, דא יאגט איהם אן דער טייוועל ערגעץ פון א זייט... ער אליין ווייסט נישט, פון וואנען ער נעמט זיך.

— און איינער אליין?

— עלענד, ווי א שטיין! קיין קרוב, קיין גואל... און עס איז קיין וואונדער נישט: קיינער וויל זיך צו איהם נישט דערקענען, און ער אליין וואלט זיין אייגענעם טאטען נישט דערקענט...

— א כשוף?

— א כשוף!

# בוימער.

איז א ברייטע אלעע שטעהען ווי־זא־ווי צוויי בוימער. עס קומט דער פריהלינג מיט גאטס זעגען, מיט פריש לעבען, מיט בלו־מען, טוי און געזאנג... עס קומט דער פריהלינג און די טרויעריג־געבויגענע בוימער גלייכען זיך אויס. עס ווערט אלץ ווארעמער און ווארעמער; די שרעקענדיגע ווינטלעך בלאזען לייכטער, לוס־טיגער און פרעהליכער; די זון ווערט מילד און פארשווענדעריש; גאנצע בונטען ליכט פליהען אין דער לופטען, די צווייגען ווערען גריז און גרינער, זיי צוזאמען זיך אין אלע זייטען און ווערען מיט בליטען און בלעטער באדעקט.

און די רייכע גליקליכע בוימער בויגען זיך צו איינס צום צוויי־טען; עס מישען זיך אוים די צווייגען, עס האלזען זיך די בלעטער, עס קושען זיך די בליטען! פון ביידע דערוויימערטע שטאמען ביז דער קרוין טרייבט זיך ארויף די שפע פון לעבען און ליעבע, וואס האט זיי אצינד צוזאמענגעפארט!

גליקליכע בוימער! גליקליכע ליעבע! דער בלויער הימעל איז איבער זיי די חופה, די געפליגעלטע קאפעלע שלעפערט זיי איין מיט זיסע טרעלען, זיי חלום'ט זיך אייביג גליק און פארגעסען זיך איינס אינ'ם צווייטענס ארעם...

---

עס בלאזט א קאלטער ווינט... עס פאלען אראפ די בליטען, און די נאקעטע בלעטער טוליען זיך דערשראקען איינס צום צוויי־טען... עס בלאזט נאך קעלטער... די פייגעל געזעגענען זיך טרויעריג און פליהען אוועק... זיי קאנען אהן ווארעמקייט און ליכט נישט

זינגען, נישט לעבען... עס בלייבען נאָר קראַנקע, וואָס דער שניי וועט באַגראָבען...

דער הימעל באַדעקט זיך מיט אַ גרויען וואָלקען. עס הויבען אָן פאַלען די בלעטער; גאָלע, טרויעריגע צווייגען כאַפּען זיך אויף פון זיסען שלאָף, עס פאַרשווינדען די זיסע חלומות... זיי ציהען זיך איין, זיי ווערען קירצער און קירצער...

עס פאַלט דער ערשטער קאַלטער שניי, — די בוימער האָבען זיך צוריקגעצויגען איינער פון צווייטען, זיי שטעהען שוין צוריק אָפּגערוקט ווייט מיט די שטאַמען צוגלייך... זיי האָבען שוין איינס דאָס אַנדערע פאַרגעסען... אָט, שטעהען זיי שוין פרעמד, קאַלט, קוקען אויף זיך מיט בייזע אויגען... און אונטען געהט אַ מערדע־רישע מלחמה צווישען די וואָרצלען איבער אַ טראָפּען זאַפט...

ציִ וועט נאָך צוריק זומער ווערען?

— איך וועל איהם שוין נישט דערלעבען! — צאַפּעלט און גוסס'ט אַן איבערגעלאָזטע שוואַלב אין שניי.

— קראַ—קראַ—קראַ! — רופט לוסטיג די שוואַרצע גנב'טע, די קראָ, עס וועט שוין קיינמאָל קיין זומער נישט זיין — און לאָזט זיך אַראָפּ מיט'ן שאַרפען שנאָבעל צו דער פאַרפרוירענער ערד.

— פּהי! אויס זומער! בלאָזט דער קאַלטער ווינט...

# אויף דער גרענעץ.

ביי דער גרענעץ, צווישען יא און ניין, זיין און נישט זיין, האט זיך באגעגענט דער אוועקגעהענדיגער זומער מיט'ן קומענדיגען ווינטער.

— וואס זעהסט דו עס אזוי שלעכט אויס? — קריגט דער ווינטער רחמנות אויף זיין געגנער, וואס שטעהט פאר איהם מיט געבויגענע פיס, מאטע, האלב־פארלאשענע אויגען און א פארמע־טען פנים.

— דו וועסט אויך נישט בעסער אויסזעהן! — ענטפערט דער זומער מיט א זיפץ.

— אלץ האט זיין ענדע, — פילאזאפירט דער ווינטער.

— דאס רעדעל דרעהט זיך, — שטימט דער זומער צו.

זיי שווייגען א ווייל'ע, דערנאך פרעגט דער ווינטער:

— און דארט וואס הערט זיך?

— נישט רוהיג, — ענטפערט דער זומער, — נישט רוהיג...

— די ביימער?

— זיי אויך! דער שווארץ יאהר ווייסט זיי, וואס זיי סור'ען זיך! טאג און נאכט נאר געשאקעלט זיך, געשושקעט. דאס פלאַ־טערען פון די לייכטזיניגע בלעטער געפעלט מיר אויך נישט; נאר, די ווערען אויך געפעהרליך, יד אחת, אפנים! אויך אין איין רו־דערען זיך...

— פוילען זאלען זיי! — רופט דער ווינטער.

און עס הויבט זיך אויף א ווינט און יאגט איבער דער וועלט... פון זיין אטעם ווערען די בלעטער טרוקען, פויל, און פאלען מיד אראפ פון די צווייגען... אויך דינע צווייגלעך פאלען. עס קנאקט, א שוואכער צווייג רייסט זיך אפ פון בוים, פאלט ארונטער און וואל־גערט זיך ארום אויף דער ערד מיט די פוילע בלעטער צוזאמען.

— און די טייכען? — פרעגט דער ווינטער.

— האלטען מיט! רוישען און מורמלען... זיי איז אויך ענג אויף דער וועלט... איין פאליע שטופט אונטער די צווייטע, איין וואל ברומט צו צום צווייטען: ריהרט אייך, ריהרט אייך! ארויס אויפ'ן זאמד. אויפ'ן פרייען זאמד, צום פרישען גרינעם גראז... ווער גרע־נעץ, וואס גרענעץ!

משוגעים... א פאליע וויל גאר ארויף אין דער הויך! מען שטופט זי אונטער, מען הויבט זי אויף די אקסעל... זעה, וואס דארט איז און דערצעהל...

טיילמאל זידט עס און קאכט, ווי א גיהנום...

— קייטען! — גיט דער ווינטער א באפעהל... און געשמידט ווערען די פרייע טייכען... פריהער ציהט זיך איבער זיי א דינע, קאלטע הויט, נאר זי וואקסט, די הויט ווערט דיקער און הארטער, דריקט אלץ צו, דערשטיקט אלץ... שטיל ווערט ארום... מען הערט שוין קיין רוישען, קיין מורמלען...

רוהיג, שטייף, טויט...

פיינעל פליהען אוועק פאר שרעק, עס ווערט נאך שטילער, טרויעריגער...

— און די אלטע מכשפה וואס מאכט? די ערד?

— זי לעבט... פוצט זיך... מאכט חנ'דלעך, רייסט אפ מענשען־אויגען פון הימעל, זיי זאלען בעסער קוקען אויף איהר שעהנהייט, אויף איהר חן...

— תכריכים! — באפעהלט דער ווינטער, און די ערד ווערט פארדעקט מיט ווייסע, ווייסע תכריכים און שטארבט אין זיי.

זי שטארבט אפ — אויף א צייט.

# חַאלט ס׳מויל.

דער הימעל איז בארעקט מיט א בלייערען־בלויען וואלקען. דער ווינט בלאזט און שאקעלט מיט די בלויזע בוימער. איבער דער ערד איז שוין דורכגעגאנגען די שארפע קאסע און איבערגעלאזט נאר עטליכע דערנער. די ערד איז גאל און וויסט... דער קאלטער ווינטער געהט!

ערשט דאמאלט האט זיך מיישב געוועזען א ר ו י ז, און האט אנגעהויבען ארויסשפראצען איינע אליין אויף א קרזשאק, אויפ׳ן פרייען פעלד!

און שארלאך־רויט איז זי געוועזען, געציטערט און געצאפעלט שוין פאר קעלט. זי האט מיט אלע כחות אויסגעצויגען איהרע לאנגע, שוואכע בלעטלער צו כאפען נאך א ווארעמען, נאך א ליכ־טיגען שטראל.

— אומזיסט! צו שפעט!

ערגעץ אנדערש איז אצינד זומער! ערגעץ אנדערש ערוואכט ערשט דאס נייע לעבען; נייע האפנונגען, נייע פרייד, נייע לוסט! ערגעץ אנדערש בליהען נייע, פרישע רויזען — אבער דא, דא מוז אלץ שטארבען...

דער ווינטער, דער מלאך־המות געהט! זיין אטעם איז פראסט, זיין הויך איז שניי...

—„אך, גאט! — וויינט די רויז — האב רחמנות אויף מיר! איך בין אזוי יונג, איך וויל אזוי לעבען! פארוואס באהאלט זיך פאר מיר די זון? פארוואס זאל מיך פאר דער צייט אונטערשניי־דען דער פראסט, פארשיטען דער שניי? וואס בין א י ך שול־דיג, אז איך בין צו שפעט געבוירען, צו שפעט געקומען? פארוואס זאל זיך שטארבען נאר אומגעלעבט? פארוואס זאל איך אוועק־

געהן פון דיין וועלט אהן א שטראל פון דער זון, אהן א ווארעמע, גוטע רגע?"

—„האלט ס'מויל!" — האט א פייף געגעבען דער בייזער ווינט, און האט פארשיט די וויינענדיגע בלום מיט שטויב און פוילע בלעטער...

לעבעדיגערהייט האט ער זי באגראבען! —

## ציריק־ציריק!

**(אַן איבערזעצונג פון שוואַלבען־לשון).**

עס איז געווען ענדע זומער, באַלד נאָכ'ן שפּינוועבס, און צוויי־שען — שוואַלבען, ערגעץ אין אַ וואַלד...

אין אַ וואַלד, וואָס האָט אויפגעצויגען אַזויפיעל בייז און קריי־כענדיגס לעבען, אָבער אַביסעל הויך און געפליגעלט לעבען אויך...

און צווישען דעם אומרוהיגען שוואַלבען־פאָלק, וואָס האָט גע־וואָלט אַמאָל דעם בית־המקדש רעטען, מיט'ן אייגענעם בלוט דאָס פייער פאַרלעשען, און האָט נישט געקאָנט, און איז דעריבער פון דער געשיכטע אַרויס, ווייל זי רעדט נאָר פון ג ל י ק ל י כ ע פעלקער און ג ע ר אָ ט ע נ ע זאַכען...

און דער זומער, וואָס האַלט איצט צו ענדע, איז אַן אומרו־היגער זומער געווען: מאַסען שוואַלבען־נעסטען האָבען שלאַגס־רע־גען פאַרפּלייצט: אונטער מאַסען נעסטען האָט זיך דער לעבענס־צווייג געבראָכען; זיי זענען אַראָפּגעפאַלען, און דאָס יונגוואַרג איז צושמעטערט געוואָרען...

גאַנץ אָפט איז דער זיסער שוואַלב־שלאָף ביינאַכט געוואַלטיג איבערגעריסען געוואָרען. עס האָבען זיך יעגער באַוויזען, עס האָט געקנאַלט... און אין שליטען פריה־מאָרגען האָבען זיך אויף צווייגען בלוטיגע פלעקען באַוויזען, איבער וועלכע עס האָבען, מיט איין עק צונעקלעפּט, פעדערלעך געפלאַטערט... כאָטש מען האָט די שוואַלבען נישט געמיינט.

און דאָס מאָרגען־לויב, דער געפליגעלטער ליכט־געזאַנג פון שוואַלבען־מחנות אונטער'ן בלויען הימעל, איז אויך גאַנץ אָפט פאַרשטומט געוואָרען... קנאַל־קנאַל! עטליכע פון זיין ליעבען נאָ־מענס זינגערלעך זענען אין דער לופט פאַרציטערט געוואָרען און אַראָפּגעפאַלען, צווישען גראָז אַראָפּגעפאַלען, יאַגד־הינט האָבען זיי

אויפגעזוכט, און וואו מען דארף אפגעטראגען, גוסס׳ענדיגע צוויי־שען די ציין... און די יענער האבען זיי נישט אנגענומען... נישט די שוואלבען האט מען געמיינט, מען האט זיך שיסען געלערענט, די הינט אויסגעפרואווט...

און דאס אזכרת נשמות געבעט פון שוואלבען־פאלק איז אי־בער׳ן זומער געוואקסען און געוואקסען...

איין קרעכץ נאר פאר א טויטע שוואלב; פון די קרעכצען אבער איז איבער׳ן זומער א קלאג־ליעד געווארען! א קלאג־ליעד, ווי דער גלות לאנג...

דערפאר האבען זיך אויך די נסים געמעהרט; זעהר פיעל שוואלבען האבען נסים געהאט... מן־הסתם זכות אבות:

אראפגעפאלענע האבען נאר די פיסלעך צובראכען, א גליד נאר אויסגעלענקט... טייל האט מען נישט ריכטיג געטראפען און נאר די פליגעל אונטערגעשאסען; פארוואונדעטע האבען נאר די קראפט און די ליעבע צו לעבען פארלוירען, אבער נישט דאס לעבען אליין...

און די צאהל פון על־הנסים׳ניקעס איז איבער׳ן זומער גע־וואקסען, און מיט זיי צוזאמען — די צאהל פון גם־זו׳ס אויך!

— אבי מיר לעבען! פארלאזען מיר נישט די צווייגען; זיצען מיר איבעראנאנד... און מאי כולו האי? מיר האבען פארלוירען די הויך, שפרינגען מיר נאר צווישען גראז... לעבען מיר, ווי די פעלד־מייז... ווי די קליינינקע פעלד־מייזלעך; אויך נאטס באשעפעניש...

— דאס זענען פרומע! — האבען די שוואלבען אויף זיי גע־זאגט. מאנכע האבען געענטפערט: הייליגע! און מען האט זיי גע־שפייזט אויף קהל׳שען חשבון...

---

נאר אט איז ענדע זומער!...

דער „ציריק־ציריק" הערט זיך טרויעריג און באנג.

דאס הייסט אויף אונזער לשון: עס ווערט וואס א ווייליע קיה־לער...

קיהלער ווערען די טעג, לענגער די אומרוהיגע נעכט, די קאל־טע...

און דער הימעל ווערט וואס אמאל מעהר גרויליך, ווי בלוילין;
און די זון איז קיין עכטע זון נישט; מעהר שפיגעל, ווי זון...

און פארגליווערטע שטיקער ציהען, מארמאר שטיקער, און אפשר גאר ווייסע בערגן... זיי שווימען אונטער'ן הימעל, און זיי זוכען אייך, און באהעפטען זיך איינער צום צווייטען און פארשטעלען וואס אמאל מעהר הימעל און ליכט...

און עס ווערט שוין א דערשראקען געזופעריי: ציריק-ציריק! ציריק-ציריק!

דאס הייסט: די פרנסה און די לופט ווערט קנאפער, וואס אמאל קנאפער... די בלעטער קריגען גאלדענע רעמלעך, נאר זיי ווערען שוואכער; זיי קאנען שוין די לייכטסטע שוואלב אויף זיך נישט דערהאלטען... און די דינע צווייגעלעך דארען און פלאגען און ברעכען זיך...

און עס טראגט זיך דאס געזופעריי פון צווייג צו צווייג, פון בוים צו בוים, פון איין עק וואלד צום צווייטען: מען דארף זיך אן עצה האלטען... הויבט אייך אויף!

און עס ווערט א גערויש פון הונדערטער און טויזענטער ציטער-פליגעלעך; פון צווייגען און בוימער הויבט זיך דאס גערויש... און די אספה פון שוואלבען שווימט שוין אין דער הויך... און הויבט זיך אלץ העכער און העכער — מען זעהט זיי שוין נישט, נאר טויזענטער געלע פלעקען שווימען אונטער'ן גרויען הימעל...

און פון דער הויך זעהט זיך א ווייטע, ווייטע וועלט.

און נאך א ווײלע לאזט זיך די מחנה אראפ מיט א פרעהליך געפייפעריי: ציריק-ציריק!

דאס הייסט: מען דארף אוועק, אוועק פון דאנען! ווייט, ווייט אוועק!

מען מוז אפטרעטען דער קעלט, אפטרעטען דעם שניי; מיר דארפען ווארעמקייט און ליכט!

---

נאר אז די אספה איז, פאר'ן אוועקפליהען, דאס לעצטע מאל צוריק אויף די בוימער אראפ, האבען זיי געמוזט אויסהערען א ביסעל מוסר...

א שטראָף־רעדע האָט מען זיי געהאַלטען...

די פאַרוואונדעטע און אונטערגעשאָסענע האָבען גערעדט:

— „וואוהין ווילט איהר פליהען? קאָן מען דען אנטלויפען פאַר'ן טויט? אין גאָטס האַנט איז ער! זעהט, צי טראָגט אייך נישט דער שלעכטער געדאַנק? צי פליהט איהר נישט אויף די פליגעל פון יצר־הרע?

„דאָ איז אייער היים! דאָ אין וואַלד, וואָס האָט אייך די אויגען געעפענט, די פליגעל צושפּרייט, זינגען געלערענט, און וואו איהר האָט פאַר יונגע נעסטען געבויט, אַלטע באַטרויערט און טויטע באַוויינט... די בוימער האָבען מיט אייערע ליעדער געבליהט, אין דער לופט הענגט נאָך אייער מאָרגען־ און אָווענט־געזאַנג...

„לייכטזיניגע פייגעל זייט איהר, מיט נשמות אין פליגעל און פיס, גאַרנישט אין הארץ!

„און לאָזט איהר אונז איבער, ווער וועט אייך אין דער הפקר'־דיגער הויך מוסר זאָגען, שטראָפען און שטראָף־רייד רעדען?"

געזונטע דאָך הערען נישט און פליהען...

# פליגעל.

א קאלטער, פריהער ווינטער־מאָרגען.

א געדיכטער, ווייסליך־גרויער נעבעל הילט איין די הייזער און הויבט זיך לאנגזאם איבער'ן נאך נישט געריהרטען שניי.

אומעטיג און קאלט.

פון נעבעל לאָזט זיך אראָפּ א יונגע, שוואַרץ־גלאַנצענדיגע קראָ, מאַכט עטליכע נידעריגע רעדלעך, און שטעלט זיך אויפ'ן הויך־אויסגעבעטען שניי.

זי איז הונגעריג, דזשאַבעט אינ'ם שניי און זוכט זיך איהר עסען.

צי מעג מען?

עס באוועגט זיך אן אָפּגעריסענער גאסען־הונט; אָפּגע־חלומ'ט און פארוואָגעלט, שלעפּט ער קוים די דינע פיס; דער קאָפּ אראָפּגעלאָזט, די אויגען פארלאָשען... נאר — ער דערזעהט די קראָ.

ער דערזעהט זי, און אין דער רגע צוכט ער זיך אויס, די אויי־גען פלאַמען איהם.

— הור־ר! הור־ר! — בילט ער און שפּרינגט צו צו דער קראָ!

אָפּנים — מען טאָר נישט!

די קראָ שרעקט זיך דאך וועניג, שטיל און מיט חן שפּרינגט זי אָפּ אין א זייט; דער הונט וואַרפט זיך נאך, שפּרינגט זי הינ־טערוויילעכטס צוריק, דער הונט מאַכט א י י ן טריט, די קראָ פ י ע ר...

— הור־ר! הור־ר! הור־ר!

דער הונט פאלט שוין אין רציחה אריין; דאָס בילען ווערט

שטארקער און שטארקער. דאס ווארפען זיך נאר דער קרא שנע־
לער און שנעלער.

— הור־ר! הור־ר! הור־ר!

ענדליך איז דער קרא נמאס געווארען דאס בילען מיט'ן אפ־
שפרינגען.

זי הויבט זיך לאנגזאם און שטאלץ אויף אין דער לופט און
ווערט פארשוואונדען אינ'ם נעבעל.

זי וועט געפינען א שניי, אויף וועלכען קיין הונט האט נישט
צו שאפען...

נאר איך?... איך?... וואו נעם איך פרייען שניי? וואו זענען
מ י י נ ע פליגעל?

# די רויז.

עס געהט צו פסח, עס איז פריהלינג, און אין זאקסישען גארטען וועלען זיך באלד די רויזען באוויזען.

איהר האט עפעס ליעב רויזען? אין אייער שמייכעל ארום די ליפען דערקען איך, אז יא! איי, וואס פאר א ליכטלעך עס האבען זיך אין אייערע אויגען אנגעצונדען! לאזט נישט אראפ די ברעמען! בהן צדקי — איך וועל קיינעם נישט אויסזאגען! נאר, אז איהר האט ליעב, וועל איך אייך טאקע דערצעהלען א מעשה פון א רויז...

אמאל איז געווען א רויז.

געוואקסען האט זי אין אן עפענטליכען (אפשר אין זאקסישען) גארטען, אויפ'ן טראווניק, נאהנט צו דער אלעע, אויף א שטעכעדיגען שטרויס.

בשעת, ווען איהרע שוועסטער האבען שוין לאנג אינ'ם בליהען פארגעסען, איז זי נאך יונג און גרין געוועזען. זי האט נאך דאמאלט אויף אנעמיע געליטען: וועניג, ארעם בלוט געהאט, און האט זיך געשעמט פאר דער וועלט צו ווייזען. זי האט זיך באהאלטען ווי אם טיפסטען צווישען די שטעך־נאדלען.

נאר אין שטילע נעכט האט זי זיך אמאל ארויסגערוקט, און אויגן געווארפען אויף איהרע שוועסטער, אויף אלע ראמאנטישע גליקליכע בלומען, און פון זיי אויפגעהויבען דעם טרויעריגען בליק צום בלויען, קלארען הימעל מיט א שטילער, נאר א וויינענדיגער פרעטענסיע צו גאט, פארוואס ער האט אין איהר א י נ ע ר פארגעסען, זי א י נ ע פארטיילט, איהר א י נ ע ר אזא טרויעריגע, איינזאמע, עלענדע יוגענד געגעבען...

דאס פלעגט אבער נישט לאנג דויערען. זי פלעגט זיך גיך און באלד פאר עפעס דערשרעקען, און, פארציטערט, זיך צוריק באהאלטען אין שטרויס. מיט אמאל דאכט זיך איהר — מען שיסט; דאס

האבען ערגעץ, למזל טוב, עטליכע קנאספען געפלאצט. אט הערט זי זיפצען — דאס גוסס׳ט נאר ערגעץ אין זאמד א צוטרעטענע בלום... עס הערען זיך עטליכע האלד׳ און נאז־טענער — א פארשפעטיג־טער קארטען־שפּילער געהט זינגענדיג אהיים, און לאזט זיך הערען אין גאס.

דאך איז זי נישט זיכער, צי זי זעהט עס און הערט עס וואכענ־דיג אדער נאך אין חלום. טיילמאל דאכט זיך איהר, אז איהר גאנץ לעבען איז א חלום... אז זי איז גאר א געוועהנליכער דארן, און א רויז נאר איינ׳ן עולם־הדמיון! אז זי וועט זיך גיך און באלד אויפ־כאפען שפּיציג אין פארקרימט און פול מיט ברענענדיגען, גיפטיגען זאפט!

*　*
*

מיט דער צייט איז דער רויז בעסער געווארען. איהר דאק־טאר איז געוועזען די ווארעמע זון און עטליכע טראפען זומער־רע־גען... זי איז אלעמאל געזונטער און פולער געווארען. דאס עדעלסטע רויזען־בלוט האט איהר אנגעהויבען צו קרייזלען אין די אדערען. זי ווערט רויט און רויטער, מיט יעדער מינוט שעהן און שענער. דערביי ווערט זי אויך מוטיגער און שטארקער ביי זיך!

און וואס רויטער און געזונטער זי ווערט, הויבט זי זיך אלץ העכער און העכער, און קוקט אלעמאל זיכערער און לעבעדיגער ארוים דאס גאנצע קעפעל הויך איבער׳ן שטרויס, אום אלץ מיט צייט, זי איז שוין אינגאנצען צ י י ט י ג, פול מיט ז א פ ט און שארלאך־רויט! אצינד הויבט זי זיך אויף אינגאנצען, שטרעקט ארוים דאס גאנצע קעפעל הויך איבער׳ן שטרויס, אום אלץ מיט אפענע אויגען צו באטראכטען, און פון אלעמען באטראכט צו ווע־רען!

*　*
*

זי קוקט זיך אום און פארוואונדערט זיך! אלע איהרע שוועס־טער זענען שוין פארשוואונדען געווארען; זי איז געבליבען איין רויז אין גארטען, איינע אליין. עס פרעהט און שרעקט זי צוזא־מען!... כאטש זי האט אלץ נאר ווי אין חלום געהערט און געזעהן.

ווייסט זי דאך, וואס דאס פארשווינדען באטייט! זי ווייסט, אז איהרע שוועסטער זענען פון די שטרויסען אראפ אין דער וועלט אריין זוכען גליק. וואס דאס „גליק“ אליין איז, דאס ווייסט זי נישט, נאר עפעס טרוימט איהר, אז עס איז א גליק פאראנען, אז דאס גליק וואקסט נישט אויפ'ן שטרויס, אז צוליעב איהם מוז מען ארויס פון דער שטעכעדיגער ארעמער היים אין דער פרייער וועלט אריין, צוגעזועצט צו עמיצענס א ברוסט!

זי שרעקט דאס גע'חלומ'טע גליק און דאך ציהט עס זי ווי א מאגנעט... זי דערמאנט זיך, אז איינמאל האט זי געהערט אזוי זים מוזיקאליש רעדען פון גליקליך זיין און גליקליך מאכען... מענשען האט זי נישט איינמאל געזעהן און געהערט באהאלטען אין שטרויס... טייל עלענדע, טרויעריגע, פארקרימטע מענשען... נאר טייל פרעהליכע, גליקליכע מיט רויזען אויפ'ן הארץ. און די האבען געשמייכעלט, און דאס פנים האט זיי געשטראלט מיט גליק. זי וויל אויך אויסגלייכען, בלאנק מאכען א זויער־טרויעריגע פנים, זי וויל אויך ליכט אנצינדען אין האלב פארלאשענע אויגען...

זי וויל זיך אליין אפרייסען פון שטרויס און צוקאלערען זיך צו דער אלעע, וואו מענשען ווערען באלד אנהויבען שפאצירען... עס „פאסט“ דאך נישט; זי ווייסט שוין, אז דער סדר עולם איז נישט, רויזען זאלען זיך אפרייסען אליין... מען מוז ווארטען... אויך אונטען וועט מען זי נישט באמערקען! עס קאן דורכגעהן א פארטראגענער סוחר, א פראצענטניק, וואס לויפט נאך זיין אפפער אדער וואס אנטלויפט פאר'ן געזעץ... א טרעגער מיט א שווערער לאסט אויף די פלייצעס, וואס וועט אויף איהר גאר קיין מבין נישט זיין און נישט אפטרעטען פון וועג... און אונטער אזוינע פיס וויל זי אודאי נישט שטארבען. זי מוז בלייבען אויפ'ן שטרויס, כאטש אזוי איינזאם און טרויעריג!

— מען וועט דאך באלד קומען! — טרייסט זי זיך! מיינע שוועסטער זענען דאך אויך נישט זיצען געבליבען!

*　*
*

עס איז א קלארער, העלער פריהמארגען; זיי וועלען זיך באלד באווייזען! דער הימעל איז אזוי העל־בלוי, אזוי צוזאגענדיג, אזוי

שמייכעלדיג, אזוי גוט! אין אזא שעהנעם העלען טאג מוז איהר גליק געבוירען ווערען, און — ווי א זילבערנער שטראל פון הימעל, ווי א ברכה פון גאט, אראפפאלען אויף איהר! זיי וועלען זיבער קומען און איינער פון זיי... איינעם פון זיי וועט זי באגליקען!

זי הויבט זיך נאך העכער איבער'ן שטרוים. זי גלייכט אויס און צולעגט איהרע רויטע קליידלעך, מיט חנ'עוודיגע טוי־בריל־יאנטען באשיט. זי לעגט דאס קעפעל אביסעל אין א זייט; אזוי פיהלט זי זיך שענער און נעהנטער צו דער שמאלער אלעע.



עמיץ נעהט!

עס הויבט אן ציטערען דאס קליינע רויזען־הערצעל. זי וויל זיך שוין צוריק באהאלטען, זי האט חרטה... נאר דער, וואס קומט אן, כאטש ער זעהט זי נאך נישט, ציהט זי שוין צו ווי א מאגנעט.



עס געהט א יונגערמאן מיט אראפגעלאזטע אויגען...

— אך! ער וועט מיך נישט דערזעהן! — טרייסט זי זיך און שרעקט זיך צוזאמען.

דער יונגערמאן קומט נעהנטער. זי האט נאך אזא טרויעריג פנים נישט געזעהן! א דינער ביטערער שמייכעל בלאנדזשעט ארום א פאר קליינע בלאסע ליפען... דער יונגער שטערן איז גערונצעלט, אויף די בלאסע באקען איז שוין לאנג, אפנים, קיין פרעהליכער שטראל נישט געפאלען... זיינע אויגען זעהט זי נישט, נאר זי פיהלט, אז זיי מוזען זיין בלוי און שעהן, ווי דער הימעל, נאר טרויעריג — ווי עס קאן נאר זיין א הימעל אהן זון!

— און קיין איינציגע פון מיינע שוועסטער — וואונדערט זי זיך — האט זיך פאר אזוינעם נישט געעפפערט?

דער יונגערמאן הויבט פלוצלינג אויף די אויגען; זי האט געטראפען! דארט קאן זיין א הימעל, נאר דערוויייל איז א ים פון

לייד! ער דערזעהט זי אויך; רייבט זיך מיט דער האנט דעם שטערן, ווי איינער, וואס דערמאנט זיך עפעס; זיין פנים ווערט בלאסער, און דער דינער ביטערער שמייכעל ווערט ברייטער און ברייטער און פארשפרייט זיך אלץ העכער און העכער ביז די אויגען צו... נאר באלד פאלט דערויף א געדיכטער שאטען פון וועהטאג! ער פארברעכט די הענט:

— א רויז, — ציטערען זיינע ליפען — א רויז! — ווען יענע האט מיר „יא“ געזאגט, האט זי א רויז געטראגען... נאר די איי־גענע צירונג האט זי געהאט אויף דער ברוסט, ווען זי האט מיך אפגענארט... די אייגענע רויז!

— אך, דאס נארישע הארץ! — בייזערט ער זיך אויף זיך אליין — ער קאן נאך אין איהר און אין ר ו י ז ע ן נישט פארגעסען!

— מארש! — קאמאנדירט ער זיך, און רייסט זיך אוועק מיט געוואלד, און פארשווינדט אין אן אנדערע אלעע.

— אך, גאט, גאט, — קלאגט זיך די רויז — וואס מיינע שוועסטער קאנען!

אה! זי וועט עס נישט טון... ביז'ן לעצטען אטעם, ביז'ן לעצ־טען הויך! א, ניין! אינ'ם טרייעם אפפערען זיך איז דאס העכסטע גליק פון א רויז!

* *
*

עס קומען אן צוויי עלטערע דאמען; געהענדיג, באטראכטען זיי אלע שטרויסען; אלע זענען לער!

זיי מוזען דערוואקסענע זיהן האבען! — טראכט זיך די רויז.

— נאר פארוואס קומען זיי נישט א ל י י ן — זעהט עס איהר וואונדערליך אויס.

— מיר האבען זיך פארשפעטיגט — מאכט איין דאמע צו דער אנדערער.

— איך זעה שוין, — ענטפערט די צווייטע — עס וועט שוין דאס יאהר קיין ר ו י ז ע ן נישט זיין!

די רויז וויל ד א ך, מען זאל זי באמערקען, אבוואל דאס

רחמנות אויף י ע נ ע ם קלינגט איהר נאָך אין הערצעל. זי באוועגט זיך און עס גערצט איהר!

— אַם, אַ רויז! — מאכט איינע.

— איך זעה שוין — זאָגט די צווייטע — „קיין מעשה נישט" פון אַ רויז, נאָר איינע איז קיינע! פאר מיינע נעסט דאַרף איך ווענינסטענס — אַ טאָפּ איינגעמאכטס... נאכט אויף נאכט וויין און קאַרטען! דאַרף ד אַ ס אַ ו י ך נישט פעהלען.

— איך — ווענינסטענס איין עמער זאַפּט...

די אָרעמע רויז דאנקט גאָט, אז די דאמען זענען פארבייגע־גאַנגען. זי שטויסט זיך אפילו נישט, ווי אַזוי מען ד ר י ק ט אַרויס דעם זאַפּט פון רויזען, ביי וואס פאר אַ פייער עס פּרעגלען זיך קאָנפיטורען... נאָר די דאמען אליין זענען איהר נישט געפע־לען; אַזוינע דיקע, שמאַלציגע פּנים׳ער!...

אַ רויז איז פון נאַטור צו ערעל, עס זאָל איהר אַזוינס גע־פעלען!



מיט אַ גרויען פּאַראַסאָל אין דער האַנט, מיט גרויסע קאַלאָ־שען אויף די פיס, מיט אַ דיקען פּאַלעטאָט, פאַרמאַכט אויף אַלע קנעפּ, מיט אַ ווייס טוך פאַרבונדען די ציין, מיט אַ הויכען צילינ־דער אין דער לינקער און אין דער רעכטער האַנט אַ דיקען וויין־שטאָק, איבער וועלכען דער גאַנצער קערפּער בויגט זיך אינ׳ם גאַנג; מיט אַ נאַלען קאָפּ און דאָפּעלטע ברילען אויף דער דאַרער, געגאָרבעטע, שפּיציג־ביינינגער נאָז, קומט אַן — שלעפּענדיג אַ פוס נאָך אַ פוס — אַן אַלטער „דייטש"!

די רויז האָט זיין שטילען גאַנג נישט דערהערט, און קיין צייט נישט געהאַט זיך פאר איהם צו באַהאַלטען.

ער שטעלט זיך פאַר איהר אָפּ, שלעפּט צו איין פוס צום צווייטען! מאכט צורעכט די דאָפּעלטע ברילען און באַטראַכט די פרישע בריאה...

ער רונצעלט דאָך די נאָז; זי איז איהם נ י ש ט געפעלען.

— פּהי! — בלאָזט ער אַרויס פון צווישען די בלויע ליפּען.

און דערפון ווערט א ריח און א גערויש, גלייך א פויל בלאט וואלט געפלוינען אין דער לופט.

— פהי! שוין נישט פאר מיר! צופיעל אנטוויקעלט... צו אלט! איך דארף יונגער, פרישער; נאך גרינלער, עפעס אזוינס —

ער לעגט צו צוויי פינגער צו די ליפען, וויל ענדיגען מיט א וואויל־יונגערישען פייף, נאר עס קומט ארויס קוים א צישען פון א שלאנג — — און געהט ווייטער.

— ברעך די פיס! — קאן זיך די רויז נישט איינהאלטען.

*　*
*

אט עס קומט אן א מענש אין די מיטעלע יאהרען. עלעגאנט גע־קליידט, דער אויבערציהער מיט דער העלער אונטערלאג אויפ'ן אק־סעל, מאדישע זעק אלס ביינקליידער. אן אפענער זשאקעט, פון וועל־כען עס קוקט ארויס א גאלדען (אדער א געגילדעט) קייטעל, און ענ־דיגט זיך נאכלעסיג, אראפפאלענדיג מיט א גרויסען פערדס־קאפ אין א ראם פון א קליינער פערדס־פאדקאווע; איבער דער ברוסט טאנצט אין דער לופט א גאלדענע פאנסנע אויף א דין־זילבערנער האר; א יעגער־הוט. און — אפנים, צו וועלכען מען האט זיך גע־מוזט גוט און שארף צוקוקען, מען זאל דערזעהן, אז דאס לעבען האט שוין לאנג דעם פרישען הויך דערפון אראפגעלאזען... נאר די אויגען זענען רויטליך־מיד, און ארומגעפאסט מיט בלויע רענדער.

די רויז באמערקט ער ב א ל ד. נאר ער בלייבט אפילו נישט שטעהן א רגע.

— פאר אן א נ ד ע ר ע ר — טראכט ער — איז א רויז גע־נוג. איך וואלט געשיקט א רויז מיט דעם פרישען טוי, א שמע־קענדיגען בילעט מיט פלאמענדיגע ריימען אונטער א דורכגעשטא־כען הארץ... זי וויל אבער בריליאנטען!

*　*
*

עס קומט אן א בלאסער יונגערמאן, לאנגע, נאכגעלאזטע, פא־עטיש פאנטאסטיש צושויבערטע האר. די אויגען פארזענקט אין הי־מעל, גלייך ביידע בלויע פארבען ווילען זיך צוזאמענגיסען! אין

מויל מיט גוט געריימטע ליפען — א זיס זומער־ליעדעל אהן ווער־טער, און אויפ'ן בלאסליכען, מיט גאלדענע זון־שטראלען לייכט גערויטעלטען פנים איז אויסגעגאסען א פארביג־פאעטישער חלום.

די רויז דערפיהלט א שטאך אין הארץ, גלייך עס האט זי א פייל געטראפען.

עס טוט איהר וועה, נאר דער וועהטאג איז אזוי זיס, אזוי ערעל־זיס! איהר ציטערט דאס קליינע רויזען־הארץ, און צאפעלט, ווי א יונג פויגעלע אין שטייג, עס ווילט זיך ארויסרייסען!

— אט — דאס איז דער — צאפעלט עס און רייסט זיך — וואס האט זיך מיר אזוי לאנג גע'חלומ'ט! וואס גאט האט מיר געוויס באשערט! גליק איז אויף זיין ברוסט! א! ער זאל מיך נאר זעהן! ער זאל מיך נאר זעהן!

און איהר היים געבעט איז ווייטער געהערט געווארען; ער האט זי דערזעהן!

ער בלייבט שטעהן אנטציקט! די בלויע אויגען ווערען איהם גרעסער און די שטראלען אין זיי — ליכטיגער און ווארעמער!

ער געהט צו און באריהרט זי זאכט מיט די ציטערדיגע פינ־גער, ער לעגט צו זיינע ליפען צו איהרע ערעלע בלעטלעך... זיי טרינקען פון איהר טוי... ער קושט זי...

— א, דו שעהנע, זיסע, הימלישע רויז! — זינגט פון איהם ארויס — דו גאטעס זיסער שמייכעל! דו בעסטער שטראל פון זיין אויג! ווי ליעב האב איך דיך! ווי דו ציהסט מיך צו דיר!

ער קושט זי נאך אמאל... און זיינע ליפען דערפיהלען, אז די רויז וויל זיך אנקלעפען אן זיי... אז זי אינגאנצען ציטערט און וויל זיך אפרייסען פון שטרויס...

און ער ציטערט אויך! נאר א טרויעריגער וואלקען ציהט זיך פלוצלונג איבער זיין פנים. ער רוקט זיך אפ.

— ניין, — ציטערען זיינע ליפען, בשעת ווען ער כאפט די הענט צו זיך, גלייך ער וויל זיי נישט געטרויען —

— דאס נישט! איך וועל דיר פאר דיין גוטס מיט קיין שלעכטס נישט צאהלען...

„צו געשווינד וואלסט דו פארוועלקט אין מיין נאסער שטוב... דענערוווירט — וואלט איך דיך נאך באליידיגט, און דערנאך — מיר אין קאפ א קויל אריינגעיאגט..."

„א, ניין! בליח ווייטער, בליה! דו וועסט בלייבען די קעני־נין פון אלע מיינע חלומות... וואו איך וועל זיין, וועל איך אלץ שי־קען מיינע זיפצען און מיין געבעט צו דיר... נאר בליהען זאלסט דו ווייטער..."

„בליה!"

און ער געהט אוועק...



באטויבט, בלייבט די רויז אויפ'ן שטרויס און באמערקט נישט, אז מיט דער אלעע קומט אן א שכור.

ער וואקעלט זיך אהין און אהער, זינגט עפעס אונטער דער נאז און פאלט גלייך אויפ'ן שטרויס ארויף.

אז די פאליציי האט'ן שפעטער־צו אויפגעהויבען, האט זיך דער שטרויס צוריק אויסגעגלייכט, נאר די רויז איז שוין אויף איהם נישט געוועזען. —

## עס ענדערט זיך.

פארוואס איך ענדער מיך?

אַ, מאדאם! — פאַרוואָס ענדערט זיך די נאַטור?

אַ לאַנגע צייט האָט זי געוואָלט זיין שעהן, העל און קאַלט; ליכטיג קלאָר און שטאָלץ. דערנאָך — ברענענדיג און פלאַמענדיג; הייס צום דערווערגען! אינמיטען האָט זי זיך נאָר פאַרטראַכט און ווערט גרוי, לאַנגווייליג־טרויעריג...

הערבסט; ביי מיר אויך!

אין דער פריה, אומהיימליך, קאַלט, נעבעלדיג...

און איך טראַכט: אך, ווען זיי זאָלען קומען, וואָלטען זיי ראַמאָלט געקומען!... נאָר, אך! זיי וועלען אַזוי פריה נישט קומען!

מיטאַג־צייט... עס באַווייזט זיך אביסעל זון... עס ווערט וואַרעמער, ליכטיגער און דאַמאָלט ארבייט איך!

איך ארבייט און האָף, און בלייב אין דער ארבייט! איך גלויב און לאַך פון דער וועלט, פון מיין מרה־שחורה, פון אייך אויך, מאדאם!

דעם אמת מוז מען זאָגען!

דערנאָך, פאַרנאַכט. איך ווער מיד... עס הויבט אָן טריפען. הימעל און ערד גיסען זיך אינ׳ם נעבעל צוזאַמען, אַלץ פאַרזינקט אין נאַסען נעבעל... די פלאַם אינ׳ם לאָמפּ גוסס׳עט, שטאַרבט אָפּ...

עס ווערט צוריק טרויעריג, אומהיימליך, פינסטער און קאַלט...

דאַמאָלט שרעק איך מיך און בענק — נאָר נישט צו אייך מאַדאַם!

# שטערן.

א העל־אויסגעשטערנטע זומער־נאכט!

אך, איהר העלע, אויסגעשטערנטע זומער־נעכט, פארוואס זייט איהר אזוי העל, אזוי שעהן, ווען ביי מיר אין הארץ איז אזוי אומעטיג און פויל?

פארוואס איז ביי מיר אויפ'ן הארץ אזוי אומעטיג און פויל, ווען איהר זייט אזוי העל, אזוי שעהן?!

איך לאך אוים דער וועלט. זאגען אלע גרין, זאג איך וויים! אויף מיין אייגען בלוט זאג איך: וויים, נישט רויט, ווי אלע זאגען! ווער הערט זיי? לאכענדיג שפאציר איך צווישען טויטע, צווישען לעבעדיגע בין איך טויט! בליהט ביי איינעם א האפנונג אין הארץ, רייס איך זי אוים אוןווארף זי אויפ'ן מיסט, און פון מיסט עפעם אויפהויבען און קושען, און קניען פאר'ן אפשיי — איז ביי מיר א פארגעניגען!

איך לאך אוים דער וועלט, נאר אוים העל־אויסגעשטערנטע זומער־נעכט לאך איך נישט!

זיס און הייליג זייט איהר, העל אויסגעשטערנטע זומער־נעכט, כאטש איך האב לאנג קיין הייליגקייט, און האב דעם געשמאק פון זיסקייט פארלוירען!

אין א שטילער, זיסער העל־אויסגעשטערנטער זומער־נאכט עפענט זיך אויף דער קבר אין שטיינערנעם הארץ, און א לאנג פארשטארבען פארלאנגען וועקט מיך אויף...

לעבען, א רגע לעבען וויל איך, נאר א שטארק ריזיג לעבען זאל עס זיין — אזוי לעבען א סעקונדע און פארשווינדען, אויפבליהען און פארלעשען! אין הימעל באוועגט זיך א פינסטערע מאסע אהן א שטראל, אהן לעבען; זי באוועגט זיך צערשטרייט אין דער הויך: אן אומבאקאנטע קראפט יאגט זי, און יאגט זי אלץ

שטאַרקער און שטאַרקער, און די פינסטערע מאַסע יאָגט זיך און שוועבט אַלץ שנעלער און שנעלער. וואוהין? נאָך וואָס? דאָס ווייס זי נישט, זי פרעגט נישט און פליהט און אין פליהען צוהיצט זי זיך, צופלאַמט און צופלאַקערט, און — פאַלט...

זי פאַלט, נאָר אין פאַלען פלאַקערט זי און לייכט אַ סע־קונדע!

אד. א שטערן!

# פון וועג אראפ.

אין דער שטילער, אויסגעשטראלטער הויך, צווישען איין שורה און דער צווייטער, הערט זיך פון צווישען די זילבער־ און גאלד־שטראלענדיגע שטערענדלעך א זיפץ.

„ווער זיפצט דארט, קינדער?" פרעגט מיט א רחמנות־קול די שווימענדע לבנה, און פארהאלט זיך נישט, און קוקט זיך נישט אום צו זעהן, פון וואנען דער קרעכץ איז געקומען.

„איך!" ענטפערט הינטער איהר א שטערנדעל און צופלאקערט זיך רויט.

„וואס פעהלט דיר, קינד?"

„מאמע, איך קאן נישט מעהר, איך האלט עס שוין לענגער נישט אויס!"

„אייביג, אייביג — קלאגט זיך דאס שטערנדעל — אייביג דערזעלבער וועג, דיזעלבע ליניע!"

„די ג ר א ד ע," טרייסט די לבנה.

„צווישען וועלכע פונקטען?

„פון וואנעט און וואו אהין?

„וואו איז דער אנהויב, וואו איז דער סוף פון אייבינען געהן? אפשר געהען מיר פון נ י ש ט צו נ י ש ט, פון שלעכטס צו שלעכטס? וואוהין פיהרט אונזער וועג? דו ווייסט עס, מאמע?"

„ע ר ווייסט"...

„און פארוואס אנטפלעקט ער אונז זיינע סודות נישט? פארוואס זאגט ער נישט, וואס ער וויל פון אונז, וואס מיר טוען?"

„מיר לייכטען!"

„דאס אלטע ליעד, מיר לייכטען פאר ד י, וואס זענען אונטען און טרייסטען זיך מיט אונזער ליכט... מיר זענען וועג־ווייזער פאר די, וואס בלאנדזשען אין סטעפען אדער פארטרויען זיך דעם ים...

אבער מיר פאר זיך אליין? מיר לייכטען, און אונזערע אייגענע נשמות זענען פארשלייערט, איינגעהילט אין שאטען... אנדערע זע־הען ביי אונזער ליכט, און מיר אליין ווערען ווי בלינדע שאף גע־טריבען! און מען טאר זיך נישט אפשטעלען, נישט פארהאלטען זיך א ווײלע און א קלער טון: צו וואס? און נישט לאנגזאמער געהן, און נישט געשווינדער... א י י ן איינמאל־פאר־אלע־מאל אפגעשטעלטער וועג, א י י ן איינמאל־פאר־אלע־מאל אויסגע־מאסטענע צייט! טארסט קיינעם נישט אפוואַרטען, קיינעם נישט דעריאגען! צו קיינעם זיך נישט ווענדען אויף דיין וועג!

„און שטענדיג, שטענדיג אליין — יעדעס האט זיך ז י י ן וועג, און יעדעס איז עלענד פאר זיך אויף זיין אייגענעם וועג...

„טויזענטע אומגליקליכע שוועסטער קרייצען דורך דיין ליניע — קיין איינציגע קומט צו דיר נישט צו, קיינעם קאנסט דו נישט באגריסען — קיין איינציגע פרעגען: ווי געהט עס דיר, שוועס־טער? קיינער שמייכעלט דיר נישט צו, און דו שמייכעלסט צו קיינעם נישט! מיר זענען אזוי נאהנט און אזוי פרעמד; און די הערצער קלעמען אזוי פאר בענקשאפט! און מען פיהלט זיך אזוי דערנידערט!"

„מיר זענען דאך הויך! טרייסט די לבנה — די אונטען זענען א ו נ ז מקנא"...

„די נארען! זיי, וואס טרעפען זיך און האלזען, און קושען זיך און טרייסטען זיך, און לעבען נאר אזוי קורץ — זיי זענען אונז מקנא! אונז, עלענדע, פאר'יתום'טע, וואס לעבען א י י ב י ג, אדער כ מ ע ט אייביג!

„זעה — טייט מען דארט זירויף מיט די פינגער — א שטערענדעל האט זיך אין גאלד צופלאַסען"... זיי ווייסען נישט, אז דאס גיסט זיך פאר בענקשאפט די נשמה אויס...

„שירה זאגען זיי, די שטערען, די גליקליכע שטערען", און עס פאלט זיי גארנישט איין, אז צווישען איין „הללויה" און דעם צוויי־טען, ווײנט מען דא, פארגעהט מען פון בענקשאפט"...

„שווייג, קינד, מען הערט — — געה דיין גראדען וועג..."

„איך קאן נישט מעהר!"

„קינד! ז י י ן ווילען מ ו ז געשעהען! א שטערנדעל, וואס ריהרט זיך פון ארט, ווערט אראפגעשליידערט"...

„וואוהין, מאמע? צו יענע דארט אונטען אראפ?"

„ניין, קינד, טיפער!... און דארט ווערט מען געשטראפט... אייביג געשטראפט... ווער עס האט וועלטען אויסגעטראכט, דער האט אויך אויסגעטראכט די שטראף! שרעקליך מוז זי זיין; שווער איז זיין האנט! טויזענטער, טויזענטער קינדער פארליר איך אזוי, און קיין איינציגעס איז נישט צוריקגעקומען, עס זאל כאטש דער־צעהלען, וואס עס טוט זיך דארט, וואס פאר א יסורים מען לײדט; און גרויס מוזען זײ דאך זיין די יסורים; שווער איז זיין האנט... און קיין זיפץ פון דארט ארויף קומט נישט; אין דער פינסטערניש ווערט אלץ פארשטיקט! און קיין שטראל פון די זינדיגע געשטראפ־טע קומט נישט ארויף, — אראפגעשליידערט ווערען זיי, פאלענ־דיג, שוין אין דער לופט פארלאשען! היט דיך! טו תשובה אויף דיינע רייד!"

„ניין, מאמע! א ר א פ וויל איך! ל י י ד ע ן וויל איך! אייביג לײדען, נאר וויסען, אז דאס זענען די יסורים, וואס איך א ל י י ן האב אויף מיר גענומען! מ י י נ ע יסורים, מ י י ן ווילען איז געשעהען"...

אין גאלר צופלאקערט זיך דאס שטערנדעל, און רוקט זיך אפ, און בליץ־שנעל ווערט עס אראפגעשליידערט, און פאלענדיג, ווערט עס אויסגעלאשען אין דער לופט, און די לבנה זיפצט און שווימט ווייטער; זי טאר זיך אפילו נישט אומקוקען...

# פון דול הויז

1.

## עולם־הבא.

א — נ י י ן! מיד וועט איהר נישט א י י נ ר ע ד ע ן!
ד י וועלט איז נאָך קיין ו ו ע ל ט נישט!

וו אַ ס מ י י נ ט א י ה ר? עס צינדט זיך אָן א ליכט, עס ברענט העלער אָדער טונקעלער — לויט דעם חלב, לענגער אָדער קירצער — לויט דער לענג און די דיק — עס ברענט, צאַנקט און ווערט פארלאָשען מיט א קלענערען אָדער א גרעסערען ריח — און שוין! דאָס איז עס איינגאַנצען?

א י ך — וואָלט אזא לעבען נ י ש ט באשאַפען!

---

פרעגט א גימנאזיסט פון פינפטען קלאַס, וואָס עס ווערט פון אן אויסגעברענט ליכט! ער וועט אייך זאָגען, אז עס איז נ י ש ט צו נישט געוואָרען! ער וועט אייך אויפווייזען מיט אותות ומופתים, אז די נאַטור איז א ווירטשאַפט, וואו עס ווערט גאָרנישט פארלוי־רען, קיין שטויב, קיין האָר... פון אויסגעברענטען ליכט ווערען גאַזען; מען ז ע ה ט זיי נישט, נאָר דאָ זענען זיי; זיי שוועבען ארום אין דער לופט.

א חלב'ען ליכטעל פאר א גראָשען ווערט אין דער נאַטור

נישט פארלוירען, נאר א י ך, איך מיט מיין שכל, מיין ווילען, מיין יושר, מיין צער, מיינע טרערען — איך ווער פארלוירען, פון מ י ר בלייבט גארנישט!

און ז י י זאגען, אז א י ך בין משוגע!

---

ה י י ס ט דאס א וועלט?

יושע זייגער־מאכער איז קיין גרויסער מייסטער נישט, און דאך וועט ער פון זיין שטוב נישט ארויסגעהן א זייגערל, וואס זאל יעדע רגע וועלען צוזעצט, צוקלאפט און צושפרונגען ווערען; וואס זאל האבען אין זיך אן אייביגע, באשטענדיגע מלחמה: א י י ן רעדעל זאל רייבען, שלייפען און דריקען דאס צווייטע, איין צייג־דעל זאל צופען, רייסען און בייסען דאס אנדערע, און די האר, אדער ווי ער זאגט — די פעדער, זאל אלץ ארומנעמען און שטיקען און ווערגען, עס זאל קיינער קיין אטעם נישט קאנען כאפען!

צי האט ווער געזעהן אמאל א דרעש־מאשין, וואס דרעשט ז י ך אליין? צעפעס, וואס רייסען פון זיך אליין אפ די הויט?

ניין! דאס איז קיין וועלט נישט! אן ערב־רב איז עס, א דול־הויז איז עס! געקוילעטע הענער לויפען ארום און כאפען קערנדלעך, דאס בלוט רינט און זיי ווערגען זיך! א דול־הויז איז עס, א מבול דארף עס, — קאלט, קאלט וואסער!

---

און ווער וואלט פאר אזא פינסטערע וועלט אזויפיעל ליב־טינע, גאלדענע שטערען באשאפען?

גלייך זי ווייסט רען, די פינסטערע ערד, וויפיעל שטערען זי האט?

„מען קאן נישט איבערצעהלען!" זאגט זי...

וואלט עס נאר מטבעות געווען, זילבערנע, גאלדענע מטבעות, וואלטען שוין אלע, אלע געצעהלט, נישט ווי היינט, נאר א מנין

געלעהרטע בטלנים, אלע וואַלטען געצעהלט און מען וואָלט שוין איבערגעצעהלט!

---

ניין, דאָ איז נאָך דאָס רעכטע לעבען נישט! דאָ לעבט מען דערווייל, אין ערב־רב, אהן אָרדנונג, אויסגעמישט: ליבען, טירען, בערען, ווערעם און פייגעל, און אל־די־שוואַרצע יאָהר צוזאַמען... עס טרעפט זיך אַ מענש אויך...

נאָר — אז מען דערזעהט איהם, פּאַקט מען איהם אין דול־תויז אַריין...

---

עס איז געגנוג איין אויג צו וואַרפען אויף די ליכטיגע, קלאָרע, זאַנפטע, מילדע, ריינע שטערענדלעך, מען זאָל איינזעהן, אַז דאָרט איז ערשט דאָס רעכטע לעבען... נאָר דאָס א מ ת ' ע לעבען, שטראַלט אַזוי רוהיג, אַזוי זיכער!

און דאָרט לעבען די מינים באַזונדער, יעדער שטערן האָט זיין מין און דעריבער שטראַלען זיי מיט שלום, מיט עולם־הבא!

דאָרט הערט מען נישט אַלץ־אין־איינעם: „מיין טויט אָדער דיין טויט!"

אויב אַ שטערן ציטערט אין הימעל, איז עס פאר רחמנות אויף אונזער פינסטערער ערד! אַז איינער פון זיי טרעפט זי פּלוצלונג אויפ'ן וועג, דערשרעקט ער זיך און פאַלט... די זון קאַן נישט צוקוקען, ווי עס לעבט זיך ביי אונז, פאַרשטעלט זי זיך טייל־מאָל דאָס פנים און עס ווערט לקוי חמה... די לבנה איז נעהנטער, זי זעהט בעסער: רייסט זי פון זיך פּאַסען, און מען מוז יעדען חודש מאַכען אַ נייע לבנה!

---

„מויזענט אויגען האָט דער מלאך־המות!"

עס איז קיין וואונדער נישט, ער דאַרף די מינים פאַרטיר(ען)

און יעדען שיקען אויף זיין שטערן ארויף; און דא איז א מאסקא־ראד, א פורים־שפיל, סאמע פארשטעלטע, עס איז קיינער נישט אין זיין אייגענער הויט!

אם ערגסטען איז מיט די כל־בו׳ניקעס!...

## 2.

# כל בו.

אמאל — האט מיר מיין באבע, די ארענדארקע, דערצעהלט — האט זיך באוויזען א כל־בו'ניק. דאס איז געווען ביים פריץ אויפ'ן הויף, וואו זי האט די פאכט געהאלטען, דעריבער וויים זי די מעשה. —

פון וואנען ער האט זיך גענומען? ווייסט מען נישט.

איינער האט געזאגט, אז זיין מוטער איז א בעקערין געווען און האט'ן אויסגעקראצט פון אלע מולטער — א וויסקראבעס, רחמנא לצלן!

אנדערע דערצעהלען אנדערש: אויפ'ן הויף, אונטער א שאפע, איז א קעסטעל געשטאנען, וואו אלע פון הויף האבען וואסער גע־גאסען — הינט אויך! דערפון איז ארוים א שוואם... נישט קיין הונט־שוואם, נאר א שוואם „מכל המינים שהוא"...

דערנאך האט זיך עפעס א ווינטעל געמאכט, די שוואם האט זיך אפגעריסען, אוועקגעקאלערט און האט זיך שפעטער אויפגע־הויבען, אלס א לעבענדיגער כל־בו'ניק...

סיי ווי סיי קומט ער ארוים פון פריץ'ס הויף!

און א וואונדערליך היה'לע איז דער כל־בו'ניק געווען!

אהן ביינער, פון סאמע ווייך פלייש, און דאס קעפעל האט זיך לויז געדרעהט אויפ'ן האלז, ווי אויף א גוט געשמירטען שרייפעל! ער האט זיך נישט געריהרט פון ארט און מיט'ן קעפעל געדרעהט קיין מזרח, קיין מערב, קיין צפון, קיין דרום — וואו איהר ווילט נאר אליין! און ווייל ער האט יעדען צוגעשאקעלט מיט'ן קאפ, האט ער מיט אלעמען בשלום געלעבט, און פון קיינעם—און מיט קיינעם גלייך נישט געליטען!

עס שלאגען זיך צוויי הענער; איינער שרייט: קוקעריקו, דער צווייטער וויל דוקא: קיקעריקי! דער כל־בו מישט זיך נישט אריין. נאר, אז דער הויף איז שוין באדעקט מיט פעדערען, און די הענער

צופאַלען זיך אַהז כח, נעהמ ער צו און זאָגט: איהר האָטביידע רעכט: דער „באור“ זאָגט: „קיקעריקי!“ און די שבעים־זקנים: „קוקעריקו!“ און ביידע העגער בלייבען ז י ך שונאים און א י ה ם גוטע פריינד!

עס איז קיין שטילער הויף נישט געוועזען... דער הונט האָט געביסען דעם חזיר ביים אויער, די קאַץ האָט געשפּיגען אויפ׳ן הונט, און אַן אַדלער מיט אַן אונטערגעשאָסענעם פליגעל איז ארומ־געגאַנגען און אַלעמען געוואָרפען אין זיבעטען שוויים אריין; נאָר דער כל־בו׳ניק האָט זיך מיט א ל ע מ ע ן גע׳חבר׳ט: ער האָט זיך געהאַלטען, אמאָל ביים רעכטען, אמאָל ביים לינקען אויער און דער חזיר האָט געמיינט, אַז ער איז אויך אַ געביסענער! דעם הונט האָט ער איינגערוימט: „ברררר... סאמע גנבים, אַן עהרליכער מאַן ביסט דו!“ דערנאָך איז ער ארויפגעשפּרונגען אויפ׳ן צוים און גע־וואשען זיך מיט דער קאַץ צוזאַמען פאַר׳ן רעגען...

פלוצלונג גאָר האָט ער דעם אַדלער דערזעהן! ער ציהט אויף זיך אַ בענקשאַפט, אין אויג ווייזט זיך אַ טרער: נישט גוט, ברו־דער, דעם אונטערגעשאָסענעם! ער זיפצט און דער אַדלער מיינט, אַז ער בענקט אויך נאָך די הויכע וואָלקען, און נעהמט אוועק מיט אַן אראָפּגעלאָזטען קאָפּ, נאָר מיט אַ ווייך האַרץ... „אויך אַן אומ־גליקליכער!“...

און אַז קיינער זעהט נישט, שפרינגט ער גאָר אריין אין שטאָל צום קליינעם עזעלע און רוימט איהם איין: ווייסט, קאָנט הויבט מיר אויך נישט אַן צו געפעלען!

---

און אויף ד ע ר וועלט... פו!... פו!... — אויפ׳ן פּריץ׳ס הויף, מיין איך — איז איהם גאַרנישט שלעכט געוועזען... ער האָט מיט אַלעמען גוט געלעבט, מיט אַלעמען זיך גע׳חבר׳ט, ביי יעדען עפּעס געכאַפּט...

יעדער האָט איהם געדענקט אַ זכות פון אַ שאָקעל אויף זיין זייט! און כאָטש קיינער האָט איהם נישט ליעב געהאַט, האָבען איהם אַלע פאַרבעטען: ווער אויף פרישטיק, ווער אויף מיטאָג — און ער האָט אַלע מאכלים געגעסען... און יעדערער האָט מיט איהם

נעגריסט און דערביי זיך אין הארץ געוואונדערט: פארוואס האב איך איהם נישט גערן?

---

נאר אייביג לעבט נישט קיינער, אפילו נישט קיין כל־בו! עס איז געקומען זיין צייט, און דער רוח האט איהם פארטראגען אין א מדבר אריין, אויפ'ן זאמעל־פלאץ, וואו די נשמות פון אלע חיות, בהמות ועופות נעמען זיך צוזאמען, און דער מלאך־המות סארטירט זיי, באנדראלירט און פארשיקט אויף יענע וועלט.

ווען דער כל־בו איז אנגעקומען, איז שוין די סטעפ באדעקט געוועזען מיט אפגעטיילטע מחנות, וואס האבען איינס אויפ'ס אנ־דערע געקוקט צום לעצטען מאל, און שארף באטראכט! זיי ווילען געדענקען אויף י ע נ ע ר וועלט, וואס פאר א מינים דא זענען געוועזען. די עופות זענען אומגעדולדיג געשטאנען אויף איינציגע פיס; פון די אינדיקעס שניידט זיך אפ א בלוט־רויטע שארפע אויף א מייל; ווי דינע זילבערנע נעבעל הוידען און וויגען זיך די טויבען אין דער לופט! שטאלץ און ערנסט האלטען זיך די אדלער אין א זייט; א גאנצע באנדע עזעל האבען זיך צוזאמענגעשלאגען מיט די קעפ און קלערען, וואס פאר דערנער עס קאנען וואקסען אויף יענער וועלט.

און דער מלאך־המות האט שוין גענומען דאס פייפערל צום מויל, א צייכען צו געבען צום אוועקפליהען... ער האט שוין אויפ־געהויבען די הענט, יעדען צו ווייזען זיין וועג! נאר ער האט די האנט אראפגעלאזט, דאס פייפערל פארגעסען — ער האט דעם כל־בו באמערקט.

— ווער ביסט דו? — פרעגט דער מלאך־המות, וואס האט נאך אזא בריאה נישט געזעהן.

כל־בו ש ו ו י י ג ט; ער ווייס אליין נישט, ווער ער איז!

טויזענט אויגען האט דער מלאך־המות, און מיט יעדען אויג זעהט ער אינ'ם כל־בו אן אנדער באשעפעניש.

— צי וועט זיך קיינער נישט דערקענען צום נייעם גאסט?— ווענדט ער זיך צו די אלע מינים, וואס זענען שוין אויסגעשטעלט גרייט צום פליהען.

נאר קיינער ענטפערט נישט, יעדער מין זעהט אינ'ם כל־בו א קליין פיצעל זיינס, נאר אזוי פיעל פרעמדס!

עס דויערט א ווײלע און דער מלאך־המות נעמט זיך צוריק צום פייפערל... ער וויל א צייכען געבען: זאלען זיך די מינים פלי־הען יעדער אין זיין וועג, זאל דער כל־בו בלייבען אין סטעפּ!

דאמאלט אבער האט דער כל־בו ארויסגעלאזט א שרעקליך געוויין, אין וועלכען עס האבען זיך געהערט אלע יללות פון אלע מינים חיות און עופות! ער איז צוגעפאלען צום מלאך־המות'ס קני און האט איהם די פיס געקושט.

— וואו לאזט דו מיך איבער, דו בארמהארציגער מלאך!

דער מלאך־המות ווערט געריהרט פון זיינע טרערען, נאר וו א ס צו טון וויס ער נישט!

— אויף יעדען שטערן — זאגט ער דעם כל־בו — שטעהט א מלאך ביים טויער און קוקט נאך אמאל דורך דעם גאנצען טראנס־פארט... מען וועט דיך אין ערגעץ נישט ארייננלאזען; און קיין עקס־טרא וועלט פאר כל־בו'ניקעס האט נאך גאט נישט באשאפען...

— בארמהארציגער מלאך! דא בלייבען וו י ל איך נישט, ק א ן איך נישט, איך געהער דאך שטיקלעך־ווייז צו אלע מינים, זאל יעדער מין זיך צונעמען זיין חלק!

— עהרליך! — זאגט דער מלאך — דיין פסק זאל מקוים ווערען!

און, אז יעדער מין האט זיך אויסגעצופט זיין חלק איז ביי יעדען מין א דין הארל געבליבען, און ביים ערשטען ווינט האבען זיך די האר אפגעריסען און געבליבען דערנאך הענגען אין דער לופט...

---

מיט דער צייט האבען זיך אויף דער וועלט די כל־בו־ניקעס געמעהרט, נאר אלע האבען אזא סוף.

אין ענדע זומער, אויב דו זעהסט שפינוועבס הענגען אין דער לופט, זאלסט דו וויסען, אז דאס זענען כל־בו־האר!

אזוי האט מיר מיין באבע דערצעהלט...

9.

# א חלום.

איהר ווילט וויסען, פון וואנען איך קום אהער?

איך וועל אייך דערצעהלען; איך האב קיין סודות נישט.

אמאל בין איך גאר א געזונטער געוועזען; אייגענטליך פאר־קערט, איך האב געליטען; נאר אויפ'ן מאגען, אויף די פיס, אויף נאך אנדערע קרענק אין לייב, א נשמה אבער האב איך געהאט א געזונטע — זי האט אפילו פרי־מגדים פארדייט; א מוח — און איי־זערנעם; א קליינינקייט! דעם פארציוועער רב'ס אייניקעל!

פאר מיין קעפעל האט מען מיר אן אשה צנועה געגעבען— איהר קענט זי אפשר? ביילע די שטריקען־מאכערין, א וואוילע אידענע! נדן אויך, ווי דען! איך האב ווייטער געלערענט, נאר געהאנדעלט אויך! יש מקום בראש... מיט איין זייט האב איך גע־זופט ש"ס ופוסקים, מיט דער צווייטער „קאנדיציעס" געמאכט: מכלומר'שט ווייץ געקויפט און אפגענומען געלט מיט פראצענט...

הכלל — איך בין געוועזען אי א למדן, אי א סוחר און האב טאקע מיט די קינדער גוטע שדוכים געטאן... אויף אייך אזא יאהר!

עס נעהמט זיי אפילו נישט גוט, די קינדער! נאר איינגע־טונקט אין יחוס האב איך זיי!

דאמאלט האב איך געדארפט חתונה־מאכען א טאכטער, דער מחותן האט דוקא געוואלט בארעס געלט און איך בין געבאהרען מאנען ביים פריץ...

מאכט זיך אן עסק, האט דער פריץ צו טון מיט סערוויטוטען, די פויערען האבען איהם געוואלט שלאגען, רייצט ער אויף מ י ר און א הונט — אויך א יושר!

נאר דערווייל מוז מען אנטלויפען.

איך לויף, לויף, לויף... און קום אין גארטען אריין... זאל זיין

אין גאַרטען, אַבי איך װער שוין נישט דעם בּלב׳ס בּילען, עס פעהלט מיר אַ פּיענטע פון זאַק, אַ שטיק פּאַלע, מיין דאגה, ביילע װעט צנעהען...

נאָר הונגעריג בין איך געװעזען, דאָס האַרץ האָט אין מיר גע׳חלש׳ט.

און דאָ, זעה איך, אַ גאַרטען, אַ גן־עדן! טרויבען װי אין ארץ־ישראל. עפּעל — גאָלדענע, בּאַרנעס — געשפּרענקעלטע, גרויסע. דער זאַפט, דאַכט זיך, טריפט פון זיי אראָפּ. איך שטרעק אויס אַ האַנט — רבונו של עולם! — די טרויב אנטלויפט, דער עפּעל רוקט זיך אָפּ, די באַרנע בויגט זיך אוועק אין אַ זייט...

און, הערט אַ מעשה, אַלע רעדען.

— נישט דו — זאָגען זיי מיט אַ כעס — נישט דו האָסט אונז געפּלאַנצט...

איך װער בּייז. מיר קומט פּראַצענט, אַ הונט האָט מיך גע־ביסען, פאַר שרעק ציטערען מיר נאָך די קני און פאַר זיי איז נאָך װעניג! איך מוז דאָך עסען!

איך טאַנץ און טאַנץ ארום בּוים; איך װאַרף מיט די הענט, איך צאַפּעל, אַ פיבּער װאַרפט מיך פאַר צאָרן, דער זיבעטער שווייס באַדעקט מיך — און קיין איינציגע פּרוכט לאָזט זיך נישט כאַ־פּען. זיי האָבען נאָך גאָר אָנגעהויבען צו זינגען װי אַ חזן מיט משוררים:

נישט דו האָסט אונז געזעצט,
נישט דו האָסט אונז געפּלאַנצט...

נאָך אַמאָל דאָס אייגענע:

נישט דו האָסט אונז געזעצט,
נישט דו האָסט אונז געפּלאַנצט!

הערסט אַ מעשה? און נישט איבּערצושפּאַרען! דאָס גאַנצע בּלוט האָט אין מיר אויפגעקאָכט, און איך האָב מיך אַזוי לאַנג געװאָרפען און געװאָרפען, בּיז איך בּין אנידערגעפאַלען אויף דער ערד מיט שוים אין מויל.

איך ליג אַזן דערזועה, נישט ווייט פון מיר א געלען קאַפּעלוש. פּונקט אַזוינס ווי דער פּריץ טראַגט, נאַר א קלענערען, ווי פאַר א נפל'ע וועגען! איך כאַפּ א ציטער! וואָס איז דאָס? אינמיטען דערמאַן איך מיך, אַז מיין ווייב האָט אַמאָל אַזוינע קאַפּעלושען אהיים־געברענגט און דערפון א וועטשערע געקאָכט, מיט קליסקע־לעך... אהא! דערמאַן איך מיך, א שוואָם איז עס, ווי איך בין א איד — א שוואָם, זאָל זיין רויהערהייט!

אפשר א הונטס־שוואָם, אפשר סם?

ניין, אַז גאָט וויל נישט, סמ'ט מען זיך נישט; איך שטרעק אויס די האַנט, נאַר די חצופה רוקט זיך אויך אָפּ מיט א גאווה, זי טאַנצט און היפּט אוועק אויפ'ן דינעם שטעקעלע. „איך האָב דיר אָסך געקאָסט?" פרעגט זי. מילא, איך וועל דאָך נישט געהן טענה'ן מיט א חצופה. „וואַקס אין דר'ערד אריין!" טראַכט איך...

וואָס טוט מען? הונגער, ממש הונגער!

זאָל זיין גראָז! פאַלט מיר איין. הלמאי אָדם הראשון האָט קיין פלייש נישט גענעסען! ער איז פרומער געוועזען פאַר מיר און דאָך יוצא געוועזען מיט „ירק עשב"! און איך ליג אויף הער־ליך, אויף אמת געשמאַק גראָז. נאַר אביסעל, טראַכט איך, מיט'ן מויל אַנצוכאַפּען, אבי צו זיך צו קומען און פון גאַרטען ארויס; וועט עס מיר שאַדען, וועט מיר מיין ביילע מאַכען א „ווינער טרענקל"... א דאגה דאָס איז — האַם! נאַר איך נעם אַן א פול מויל מיט קליינע שאַרפע שטיינדלעך: איך האָב מיר דאָס גאַנצע מויל צובלוטיגט און דאָס גראָז — „ואיננו"! איך ליג אויף א גאָל שטיקעל ערד, כלחוך השור!

א, שלעכט! איך זעה בחוש, אַז דער פּריץ איז א מכשף און זיין גאַרטען איז א כשוף! א שווינדלער — א כשוף־מאַכער! ער האָט אפשר גאַר קיין גאַרטען, קיין פעלד, קיין וואַלד נישט; עס איז אינגאַנצען נאַר א כשוף, אבי ביי אַן עהרליכען איד א הלואה'־לע צו מאַכען... פּראַצענט שרייבט ער צו, וואָס שאַדט עס?!

און מיט א האַרץ, וואָס קלאַפּט ווי ביי א גזלן, שפּרינג איך אויף, און לויף מיט די לעצטע כחות פון גאַרטען ארויס.

אָט, בין איך אויפ'ן פעלד...

אַי — זאַנגען ווי גאָלד, זיי שאָקלען זיך ווי עהרליכע אידען

ביי שמונה עשרה... זיי פאַרבעטען מיך: קום, איד, מאַך א ברכה; קום, פאַרציוווער רב'ס אייניקעל און בויג צו די כשר'ע ליפּען...

איך לויף צו מיט אַן אָפענעם מויל, נאָר דאָס פעלד לאָזט אַרויס אַ געלעכטער! און לאַכענדיג זינגט עס, דאָס פויערשע פעלד זינגט:

וואו ביסטו גענוען,
ווען דער פויער האָט געאַקערט?
וואו ביסטו גענוען,
ווען דער פויער האָט געזייעט?...

אַ רעכטע שעהנע, ריינע כפּרה, ווי הייסט, וואו איך בין גע־ווען? איך בין געזעסען און האָב געלערנט, תהלים געזאָגט, גע־דאַוונט! מעשיות פון זיידען, עליו השלום, פון פאַרציוווער רב, דערצעהלט... אַ דאגה, וואָס אַ איד טוט?

וואָס קומט אָבער אַרויס, וואָס איך ווייס דעם אמת, אַז די זאַנ־גען זינגען און רוקען זיך אָפּ. איך פּרואוו זיי שוין גאַרנישט יאָגען, איך ווייס שוין, וואָס כשוף באַטייט!

נאָר, ניין! נישט קשה, פאַר הונגער וועל איך דאָך נישט שטאַרבען! עטליכע געוויקסען, זעה איך, שטעהען אין דערמיט און ריהרען זיך נישט פון אָרט; זיי ווייסען, אַז איך בין דעם פאַרציוווער רב'ס אייניקעל, אַז איך זיץ און לערען, און, אַז דאָס האָרץ איז מיר אָוועק, איז אַ מצוה איך זאָל עפּעס טועם זיין. איך רוק מיך צו, זיי שטעהען; נעהנטער — זיי ריהרען זיך נישט פון אָרט! האָם! געוואַלד! עס ברענט, פייער האָב איך אין מויל, פייער, פייער! פּאַקשיווע איז עס געוועזען!

איך בין אַנידערגעפאַלען...

זכות אבות האָב איך געהאַט, אַז איך בין נישט געבליבען אויפ'ן אָרט...

און אַז איך האָב מיך אויפגעכאַפּט, בין איך געלעגען אין בעט, ביילע מיינע האָט געוויינט און אויפ'ן קאָפּ האָט מיך געדריקט אַ זעקעל אייז.

— וואו איז שרה? די כלה, וואו איז? — פאַלט מיר פּלוצ־לונג איין צו פרעגען.

מיין ביילע צוואווינט זיך ערשט אויף אַ קול:

— זי איז אוועק — זאָגט זי — עפּעס אין אַ פאַבריק אריין. ארבייטען וויל זי...

וואָס קלערט איהר ? ! גאַרנישט !

איך בין אנטשלאָפען געוואָרען און האָב מיך אויפגעכאפּט שוין דאָ.

## 4.

# אַ רופא צי אַ חולה?

אַ שפּיטאָל איז אַ וועלט פאַר זיך, אַן אָפּגעשלאָסענע וועלט. עס האָט נישט אַזוי פיעל נפשות ווי אַן אַנדער מדינה, עס שפּאַלט זיך נישט אויף פעלקער מיט פאַרשידענע רעליגיאָנען און פּאָליטישע סיסטעמען; עס האָט דאָך פּאַרטייען. יעדע פּאַרטיי האָט איהר קרענק, איהר אָפּטיילונג, איהרע וועכטער, איהרע פעלדשער און דאָקטוירים, וואָס גיבען אַכטונג, מען זאָל זיך נישט מישען, ווייל די קרענק זענען אַנשטעקענד, ווענינגסטענס, פיעל פון זיי.

און עס זענען פאַראַנען אַפּוטרופּסים, וואָס היטען די אָרדנונג; תקנות אויף יעדען שריט און טריט, מיט אַ גאַנצען קאָדעקס, פול מיט עצות טובות און אַלערליי שטראָפען פאַר נישט הערען, נישט פאָלגען!... וואָרים טאַקע — טאָמער ווערט אַ משוגע'נער שווינדזיכטיג און אַ שווינדזיכטיגער משוגע?

מאַנכע זענען נאָך נישט צופרידען פון דער אָרדנונג, באַזונדערע הייזער דאַרפען זיין, געמויערטע צוימען אַרום די הייזער, גריבער מיט אָנגעלאָזטען וואַסער אַרום די צוימען... מען וואָלט עס געמאַכט, ווען עס זאָלען געווען דערויף די „נדרים ונדבות", וואָס מען נ ע מ ט ביי בעלי־בתים. און דאָ ווערען זיי וואָס אַמאָל ווייניגער די נדרים ונדבות, — שלעכטע צייטען.

און דעריבער טרעפט טאַקע, אַז אַ קראַנקער כאַפּט זיך אַריבער אין אַ פרעמדער פּאַלאַטע. דערפון קומען פאַרשידענע מגפות, רחמנא לצלן.

ערשט נישט לאַנג איז דאָס גאַנצע שפּיטאָל אָוועקגעפאַלען אויף אַ הונגער־מגפה; פון אַלע בעטען, פון אַלע נומערען האָט זיך געהערט איין געשריי: ברויט, ברויט.

די ג ר ע ס ט ע אָרדנונג איז ד אָ ך ביי די משוגעים. מאַנכע האַלט מען אויף קייטען, אַנדערע נאָר אין באַזונדערע אָפּגעשלאָסענע נומערען.

נאר די „שטילע" האלט מען צוזאמען. מען האט אויף זיי אן אויג, א שארף אויג, נאר, מכלומר׳שט, פריי זענען זיי.

איך רעד פון די מענער, ביי די ווייבער בין איך נישט גע־ווען.

און ווי קאמיש די מענער זענען... אז מען זאל אונז — זאגען זיי — לאזען לעבען צוזאמען מיט די פרויען, וואלטען מיר זיך במשך פון א צוויי־דריי דורות אזוי געמעהרט, אז מיר וואלטען מעהר געווען פאר די מיושב׳ע און מיר וואלטען זיי איינגעזעצט אין שפיטעלער. זיי מיינען עס גאנץ ערנסט.

אז מען לאזט זיי אמאל ארוים שפאצירען אין גארטען (א קליינע אלעע פון צוויי שורות בוימער), געהען זיי א פאר מאל אויף און אפ. דערנאך זעצען זיי זיך אוים א שורה ביי דער וואנט, וואס טיילט זיי אפ פון די ווייבער, און קלאפען מיט די שפיץ־פינגער אין וואנט אריין.

„לייב פילאזאף", וואס זאגט, אז צווישען מענער און פרויען איז דער אונטערשיד נאר אינ׳ם נאמען, רעדט דאך אן דעם עולם, מען זאל קלאפען מיט די גאנצע הענט און איינווארפען די מויער.

יוחנן מלמד אבער ראט, מען זאל נישט נאכגעבען דעם יצר־הרע, מען זאל ווארטען ביז ראש־השנה.

— און ראש־השנה, וואס וועט זיין?

ראש־השנה וועט דער משוגע׳נער עולם דאוונען, יוחנן מלמד — שופר בלאזען און עס קאן זיך נאך אמאל טרעפען דער נס פון יריחו... „מיט איין תנאי — זאגט ער, — אויב מיין צרה איז דארט נישטא! ?"

צוויי נאר האלטען זיך ווייט פון דער מויער, איינער גאַ־זעמאַן (זעה ווייטער פארוואס ער הייסט אזוי) און יונה׳לע קדוש.

דער גאזעמאן האט קיין צייט נישט, ווי ער זאגט צו „שאלת נשים". און יונה׳לע קדוש, אז מען דערמאנט אן אשה, כאפט ער די פאלע און פארשטעלט זיך דאס פנים.

אז אויסנאם פאר אלע און אפילו פאר׳ן הייליגען יונה׳לע איז יענטע די קרעמעריך. זי איז א מאנספערשוין לכל־הדעות; עס איז אפנים באלד א טעות געווען! א גראב קול, א באוואקסען

פנים, כמעט א בארד, א שארפער בליק און אלע תנועות און עוויות פון א מאנספערשוין. זי האט געמענגט זיך אומטעום ווייזען! זי האט געפיהרט געשעפטען אין דער גאנצער מענער־אפטיילונג, א גרויסען האנדעל (פון וועלכען מיר וועלען נאך רעדען), און קיינעם פאלט נישט איין צו ר׳עדען א ווארט.

יונה׳לע רעדט מיט איהר פה אל פה און לאזט קיין ברעם נישט אראפ.

פאר דאס האט זי לייב פילאזאף פיינט...

לייב פילאזאף, וואס האלט עולם ומלואה פון ווייבער, וואס לאזט אויף זיי קיין שטויב נישט פאלען, קאן אויף יענטעל קרע־מערין גלייכגילטיג נישט קוקען; אז ער דערזעהט זי, שפייט ער אויס און געהט אוועק.

עס איז שוין לאנג באמערקט געווארען, אז נישט שטענדיג שטימען די געפיהלען מיט די איבערצייגונגען...

און איך לעב שוין דא א צייט צווישען עולם... אז איך בלייב איינער אליין, פאל איך אמאל אריין אין א ספק: איינענטליך וואס בין איך: א דאקטאר צי א קראנקער?

טיילמאל הויב איך גאר אן מסופק צו זיין, צי דאס גאנצע „הקדש“ מיט׳ן פליגעל פאר משוגעים איז נישט קיין אויסגעטראכ־טע מעשה? צי די הויכע ווענט, וואס איך זעה דורכ׳ן פענסטער, זענען נישט גלאט א כשוף, אן אויסגעטראכטע זאך? מען האט אפשר דעם אינדיק נאר ארומגעקריידט?

און, ווייסט איהר, אז דער גאנצער ספק הויבט מיר נישט אן צו שטערען... איך עס, טרינק, ארבייט, רוה, שלאף און טו אלץ, גלייך איך וואלט אין אלעם זיכער געוועזען...

טיילמאל דאך שרעקט עס מיך. איך טראכט: וואס, א מאשין בין איך? מען האט מיך אנגעדרעהט?

און אפשר, טראכט איך גאר, וואלגערט זיך אין מיר ארום א משוגע׳נער אלטער זיידע און טוט מיט מיינע הענט און פיס, גלייך עס וואלטען זיינע געוועזען, גלייך נישט איך, נאר ער וואלט גע־לעבט, גלייך עס איז ז י י ן צייט?

אויף דעם אלעם האב איך איין תירוץ: למאי נפקא מיניה?

און באמת, ו ו א ס איז דער חלוק?

לייב פילאזאף זאגט, אז עס איז נישט פאראן גאר קיין אמת און

קיין שקר. א והא ראיה, זאָגט ער, עס איז אזא בוים נאָר אין גן־עדן נישט געווען; נישט אדם, נישט חוה האָבען קיינמאָל אזא עפּעל נישט פארזוכט. טוב ורע יאָ! און אויב, זאָגט ער, עס איז נישט פאראַן קיין אמת און קיין שקר, זענען קיין משוגעים נישט פאראַן! אי וואָס, זאָגט ער, גאָרנישט!

אזוי ווי, זאָגט ער, די גופים באשטעהען פון אטאָמען, און די טבע פון גוף ווענדט זיך אין דעם, פון וויפיעל אטאָמען ער איז צוזאמענגעשטעלט, אויף וועלכען סדר די אטאָמען ליגען... אזוי זענען פאראַנען אטאָמען פון געדאנקען און געפיהלען... און די טבע פון יעדען געדאנק און פון יעדען געפיהל הענגט אָפּ נאָר דערפון, פון וויפיעל אטאָמען זיי זענען צוזאמענגעשטעלט — ווי אויך אין וואס פאר אַן אָרדנונג זיי ליגען אייגער ביים צווייטען... נישט מעהר!

עס איז פאראַן פארשידענע מעטאלען, פארשידענע געדאנקען און אלערליי געפיהלען; זיי קאָנען, ווי די מעטאלען, זיין ניצליך, אָדער שעדליך, אָבער נישט אמת און נישט פאלש... פונקט ווי די מעטאלען! צי וועט גאָלד זאָגען אויף זילבער, אז עס איז א טעות? זילבער אויף קופּער צי אייזען: משוגע זייט איהר, אָדער ליגנער?

דאָס קאָן נאָר א מענש און נאָר — פאר קנאה!...

מיר ווייטער קומט טיילמאָל פאָר, אז די אלע, וואס מען האלט זיי פאר משוגעים, מעהר אָדער ווייניגער געפעהרליכע משוגעים, זענען נאָר נייגיריגע מענשען, וואס האָבען זיך ליעב אמאָל אראָפּ־צוכאַפּען פון טראקט, פון שאָסיי און זוכען אין א זייט נייע וועגען... בעסער צי ערגער, אָבער זעהן מעג מען דאָך, פּרואווען לוינט...

מאנכע זענען נאָר פרייע פייגעל, איבער די לופטען פליהען זיי...

גאנץ אָפט האָב איך הנאה, וואס איך לעב צווישען די דרייס־טע וועג־זוכער... ביי זיי איז ווענינסטענס נישט אזוי לאנגווייליג...

5.

## אַ שמועס מיט גאַזעמאַן.

פאַר מיר היטען זיי זיך נישט. דער באַהאַלטענסטער פון אַלע — גאַזעמאַן האָט אויך צו מיר צוטרויען.

עס פרעהט מיך.

נעכטען, צוםביישפּיל, קומט ער צו און אָהן אַ שום הקדמה, דערצעהלט ער מיר פון גרויסען וכוח, וואָס ער האָט אַמאָל געהאַט אין בית־המדרש, מיט די גאַר גרויסע, וועלט־באַריהמטע בטלנים: ראובן, שמעון, לוי און יהודה.

— וועלט בלייבט וועלט! — זאָגט ראובן — זי שטעהט אויף אייזערנע זיילען און קופּערנע פונדאַמענטען.

— לאו הכי! — זאָגט שמעון — זי שאָקעלט און וואַקעלט זיך ווי אַ שכור... אויפ'ן רוקען פון אַ משוגע'נעם פיש שטעהט זי, דער פיש וואַרפט זיך און זי צאַפּעלט! פון טייל בערג שפּריצט עס אפילו מיט פייער, אודאי!

לוי האַלט זיך אין פּסוק: תולה ארץ על בלימה, די וועלט שטעהט אויף גאָרנישט! אויף ג אָ ר נ י ש ט, אַקצענטירט ער מיט אַ נגינה.

און יהודה, וואָס וויל ווערען רב און גרייט זיך צו צום עקזאַ־מען, הייסט מיליאָנען־מיליאָסען קליינע, פּיצעלעך אַטאָמען לויפען אַרויף און אַראָפּ און שלאָגען מיט כח אויף יעדען פּינטעלע פון דער ערד און האַלטען זיי אַזויערנאַך אין „סאַמע־ראַדנע“ מיט; זי זאָל נישט חלילה אַרויס פון ראַד אַרום דער זון!

און איהר, גאַזעמאַן, וואָס האָט געזאָגט?

— איך? פּשוט האָב איך זיי געזאָגט: וואָס געהען אייך אָן פונדאַמענטען, זיילען צי אַטאָמען, אז די גאַנצע זאַך שטעקט אין גאַזען, וואָס די ערד האָט אינעווייניג אין זיך...

איהר זיצט און קלערט, זאָג איך, און זיי קאָנען דערווייל אַרויס־

פלאצען און חרוב וגחרב מאכען די גאנצע וועלט מיט אלע איהרע בטלנים!

— און וואס האבען זיי געזאגט?

— זיי האבען מיר א נאמען געגעבען: גאזעמאן.

ער שפייט אויס מיט פאראכטונג, מאכט עטליכע שריט אהין און צוריק, און שטעלט זיך צוריק אפ.

— פארשטעהט זיך, מיך ארט עס נישט... אינגלעך האבען עס אויפגעכאפט, רעדט, שרייט, מיין דאגה; נאר דער שווער מיינער! פאר׳ן שווער האב איך שטארק מורא געהאט!

— א נבר אלים?

— אן עיקש... שפארט זיך איין, איך זאל גט׳ן דאס ווייב, באשר בכן — משוגע בין איך.

— און איהר האט נישט געוואלט?

— איך האב דען געקאנט? ממה נפשך, בין איך געזונט, פאר־וואס זאל איך זי גט׳ן, בין איך משוגע, ווי קאן איך געבען גט?

— און זי וואס האט געזאגט?

— מיין חוה׳לע? וואס האט זי געזאלט זאגען? וואס האט זי געקאנט זאגען? איך בין זיכער, אז עס איז איהר גאר אויף די געדאנקען נישט געקומען. וואס הייסט? מיר זענען דען קיין זווג נישט, חס ושלום? אז דער מלאך האט אויף אונז אויסגערופען: „בת פלוני לפלוני“, ווי מיינט איהר, איז נישט געווען קיין שמחה אין אלע עולמות? מלאכים, זאג איך אייך, האבען פאר שמחה געוויינט. איך האב עס איהר דערצעהלט... אלץ דערצעהלט...

— און ווענען די גאזען אויך?

— ווענען די גאזען? ניין! נאר וואס? זי האט עס פון מיין פנים געלעזען. חכמת הפרצוף האט זי געקאנט ווי א וואסער! איך וויל איהר אמאל עפעס זאגען, שמייכעלט זי און זאגט עס מ י ר! פון מיין פנים האט זי געלעזען, ווי פון צאינה וראינה ארוים...

— און אפשר, — איז ער זיך מישב, — נישט פון פנים... איהר פארשטעהט, מיין הארץ און איהר הארץ... ניין, דאס וועט איהר נישט פארשטעהן...

— און זי האט אויך געגלויבט אין די גאזען?

— א שאלה דאס איז! דורך די גאזען האט זי דעם אפעטים פארלוירען, נעכט נישט געשלאפען, פון פנים אראפגעפאלען... און

די אויגען, א וואונדערליכע זאך, האבען איהר געוואקסען און גע־וואקסען. מיט יעדען טאג זענען זיי גרעסער געווארען; דאס פנים קלענער, די אויגען גרעסער!

ער פארטראכט זיך.

— און פון וואנען — פרעג איך — זייט איהר געקומען אויף די גאזען?

— דורך א חלום...

— א חלום, זאגט מען, איז א נאר.

— חוה'לע פלעגט אויך אמאל אזוי זאגען! איך האב אבער דעם חלום געזעהן דריי מאל און דערנאך האט זיך פאסירט אזא מעשה...

באמת — א וואונדערליכע מעשה.

איינמאל איז ער זיך ארויסגעגאנגען שפאצירען צווישען מנחה ומעריב. גאסען־יונגען האבען איהם דערזעהן און נאכגע־לאפען. זיי ווילען, ער זאל זיי דערצעהלען די חלומות...

— איך האב, — זאגט ער, — אפילו חשק צו דערצעהלען... ארדבא, זאלען זיי וויסען; האב איך דאך אבער מורא פאר'ן שווער... ער וועט געוואר ווערען, פאר'מסר'ן מיך פאר חוה'לען... און וואס וועט זיין? זי וועט ווייגען! זי וועט זיך די אויגען אויס־וויינען!

אנטלויפט ער, יאגט מען איהם נאך, כאפט איהם איינער אן פאר א פאלע.

— איך זעה, עס איז שלעכט, ער וועט אפרייסען די פאלע... דערמאן איך מיך אין יוסף הצדיק, לאז איהם איבער די קאפאטע און אנטלויף ווייטער.

ער לויפט און לויפט, ביז ער פארלויפט ערגעץ הינטער דער שטאדט, שלאגט זיך אן אין א בערגעל, פאלט און בלייבט ליגען.

— ליגענדיג אזוי, וואס מיינט איהר, דערזעה איך? קברים דערזעה איך... א הייליג ארט געוועזען! צי בין איך, נישט ווי־סענדיג, פאר שרעק אריבערגעשפרונגען די צוים פון בית־עלמין, צי עס איז קיין צוים גארנישט געוועזען, ווייס איך נישט ביז היינט...

נאר א מאדנער עולם אמת. די מצבות שטעהען נישט איין א

רגע, זיי שאקלען זיך... פלוצים הויבען אן פון אונטער זיי ארויס־צוקריכען מתים...

— איהר האט אייך דערשראקען ?

— חס־ושלום ! מתים זענען קיין גאסען־יונגען נישט. איך רעד מיט זיי :

— „וואס האט איהר אייך, — פרעג איך — אין א פראסטען מיטוואך פאר חצות דא פארזאמעלט ?"

אז אומגליק, זאגען זיי, האט זיי פאסירט. אונטער די מצבות האבען זיך אנגעזאמעלט גאזען... „דערשטיקט צו ווערען", זאגען זיי.

דערווייל שלאגט דער זייגער צוועלף.

די מתים לאזען זיך אין שטאדט אריין דאוונען און איך ציה מיך אויס אויף דער ערד, לעג צו אן אויער, איך וויל הערען, וואס דארט טוט זיך.

— און איהר האט געהערט ?

— אודאי ! ווי א שטורעם אונטער דער ערד ! אהין און צו־ריק, אהין און צוריק, ווי א קעסעל־פויק... טרא—טרא—טרא—טא—דא—באק ! טרא—טרא—טרא—טא—דא—באק ! אינמיטען, דערהער איך, א שמועס צווישען צוויי קולות אונטער דער ערד.

— פלאצען ? — פרעגט איין קול.

— צו פריה ! — ענטפערט דאס צווייטע.

— ווען דען ?

— ס'וועט זיין א סיגנאל...

— ווען וועט זיין דער סיגנאל ?

— אז די פרוכטען וועלען רייף זיין אויף די בוימער...

ער שווייגט.

— דאס איז עס אינגאנצען ? מעהר האט איהר נישט גע־הערט ?

— שפעטער האב איך געהערט נאך א שמועס. דאס הייסט, דעם סוף פון יענעם שמועס. אזוי האט מען גערעדט :

— ווער וועט, — פרעגט א קול — געבען דעם סיגנאל ?

— חנינא, — ענטפערט מען, — וועט געבען דעם סיגנאל.

מילא, לויף איך געשווינד אין שטאדט אריין צו חוה'לען און פרעג זי אויף חנינא'ן. זאגט זי, אז חנינא'ס איז דאך אסך : חנינא

דער וואכערניק, חנינא פרוש, וואס איז ערגעץ אוועק און איבער־געלאזט א ווייב מיט קינדער, ימח שמו... חנינא דער שמש פון „סומך נופלים“. חנינא פועל בטל... און געה וויים!

— און אהער — פרעג איך — ווער האט אייך געבראכט?

— בין אליין געקומען, — ענטפערט ער, כמעט מיט א שטאלץ — אליין געקומען, פון שווער אנטלאפען...

— און חוה'לען גאר אוועקגעווארפען?

— אודאי! — מאכט ער חוזק — ווי דען! נאר איינער, זי קומט צו מיר.

— ווען?

— יעדען אווענט...

— יעדען אווענט?

— ...קומט זי צו רייטען אויף דער לבנה...

— און פאר'ן מולד? — פרעג איך.

ער גיט אויף מיר א קוק מיט כעס און בזיון צוזאמען.

— אזוי, — זייערט ער פון צווישען די ציין, — אזוי... א חוקר ודורש... א נאז־קוקער, אהא!

ער איז פון מיר אוועקגעגאנגען מיט שלעכטע געדאנקען... איך מוז איהם בארוהיגען.

6.

# דער קדוש.

וואס א וועלט איז! חוה׳לע, דעם גאזעמאנס ווייב, קומט צו רייטען אויף דער לבנה, און שפרינצע, יונה דעם הייליגענס ווייב — אויף א בעזעם!

חוה קומט איהר אומגליקליכען מאן טרייסטען, אונטערהאל־טען, יענע ברענגט בראנפען מיט קיכלעך און קליין־געלט פאר די וועכטער, זיי זאלען דעם קדוש נאך פעסטער האלטען; נישט ארויס־לאזען אויף דער ליכטיגער שיין!

חוה איז אן איינפאכע כשר׳ע אידענע, טוט ווי דער מאן וויל; שפרינצע — דער הייליגער יונה דערצעהלט, אז, שטעהענדיג מיט איהר אונטער דער חופה, האט ער באלד דערפיהלט א ריח פון פעך... ער האט געוואלט שרייען, האט אבער דער רב דערוויל אנגעהויבען די ברכה און דער פאטער האט איהם שטילערהייט דערלאנגט אין פלייצע.

שפעטער, אז ער האט אנגעהויבען שרייען, אז זי איז א מכשפה, א לילית, האט מען איהם נישט געגלויבט, געהייסען וואוי־נען... און, אז ער האט שיער נישט באקומען דאס חולה־נופל פאר שרעק, האט מען איהם געבונדען און אהערגעשיקט...

און זי איז א מכשפה! ווען נישט איהר כשות, וואלט ער שוין לאנג געווארען א רואה ואינו נראה און וואלט נעלם געווארען.

די דאקטוירים, ימח שמם, לאזען אויך נישט, זיי נויטען איהם צו עסען טרפות, צו טרינקען נסך... און ער קאן גארנישט טון!

אבער גארנישט!

אין הימעל דארט האט ער, דער קדוש, א גרויסע דעה, אסך צו זאגען; דא אין שפיטאל — גארנישט! וואלט ער געוועזען נישט קיין קדוש נאר א צדיק, א בעל־מופת, וואלט ער געקאנט אפשפרעכען, צוזאגען; וואלט ער געהאט ביי זיך כאטש איינס פון די מיליאנען שליסעלעך, וואס עפענען ביי מענשען הערצער און

קעשענעס, — בא! וואָלט ער געווען פריי, געלעבט א וועלט! אָדער ער וואָלט אליין פארלעגט א געשעפט, אָדער עס וואָלט זיך געפונען אן אימפרעסאריאָ אויף די גוטע זאכען... ער אָבער, אן אמת׳ער דאַן קיכאָט, האָט זיך אונטערגענומען בייצושטעהן גאָט מיט דער מלחמה מיט׳ן שטן... ווער וויל זיך עס אריינמישען אין אזא זאך? וואס האָט מען דערפון? האָט מען איהם טאַקע אהערגעשיקט. וויל מען זיין פרצוף נישט זעהן.

ער איז דאך ביי זיך נישט אראָפּגעפאלען... אז איך העלף א י ה ם, מוז ער מיר א ו י ך העלפען... נישט אצינד, איז שפעטער... אין צווייטען, אין דריטען גלגול!

דערוויילע, — וואס זאָל ער טון?

א שם האָט ער, נאָר די ליפּען האָט מען איהם מטמא גע־ווען. ער קאָן דעם שם מיט אומריינע ליפּען נישט ארויסזאָגען!

די געזונטע האלטען, פארשטעהט זיך, דעם קדוש פאר משוגע. אלע זענען פון שפּרינגצע׳ס צד... און די משוגעים?

פארשידען!

פיעל גלויבען אין איהם.

אחשורוש זאָגט, אז איהם טוט זעהר הנאה, וואס דער קדוש איז געקומען אין זיין מדינה אריין. ער האָפט, אז ער וועט האָבען א שטארקע פּעולה אויפ׳ן יונגען דור, אויף די מרות...

יוחנן מלמד, געהט זיך אין זיין דרך. ער זאָגט: מען מ ו ז גלויבען! א מענש, זאָגט ער, קאָן זיך אליין נישט מאכען פאר א רשע, אָבער פאר א צדיק — מהיכא תיתי! אז ער וויל, איז ער!

גאָזעמאָן ציהט מיט׳ן אקסעל:

— די גאָזען, זאָגט ער, וועלען אַסך פרעגען, ווער עס איז א צדיק און ווער עס איז א רשע!

יענטעל די קרעמערין רעכענט נאָך ראש־השנה צו עפענען זיך א קלייטעל מיט בוימאויל צום אָפּשפּרעכען.

זי קלאפּט יונה׳ן אין דער פּלייצע און זאָגט: אז דו וועסט מיך נאָך פאָלגען, וועט געהן א געשעפט; אחשורוש וועט אויך הנאה האָבען...

דער קדוש דרעהט זיך אָפּ, וויל נישט וויסען פון קיין גע־שעפטען, נאָר דער רעשט עולם, אז ער הערט: קדוש, שפּרינגט ער באלד אונטער, זאָגט דריי מאָל קדוש...

עס קאסט איהם אסך?

איין לייב פילאזאף איז דעם קדוש א שונא אויפ'ס לעבען. מיר דאכט זיך פאר קנאה. ער רייצט זיך מיט'ן שטענדיג.

ער געהט צו, נעמט איהם אן ביי דער גאמבע, הויבט איהם דעם קאפ אין דער הויך און פרעגט:

— עסט באמת טרפות, קדוש?

— אודאי!

— נאך וואס טוסט דו עס?

— איך מוז דאך, איך וועל דאך שטארבען פאר הונגער!

— און אז מען שטארבט פאר הונגער, וואס איז? געהט מען דאך ערשט אין גן־עדן אריין!

דער קדוש ענטפערט געלאסען:

— איך קאן נישט שטארבען פאר הונגער, — איך מוז, — זאגט ער, גאנץ ערנסט — פארברענט ווערען... מי באש.

— פארוואס גראד באש —

— דער גוף זאל פארברענט ווערען! אין פייער געריינינט ווערען... די גזרה איז אזוי!

אן אנדער מאל פרעגט איהם לייב פילאזאף:

— און ווען וועסט דו שוין פארברענט ווערען, קדוש?

דער ענטפערט געלאסען:

— ווען עס וועט קומען די צייט.

פון דאמאלט אן פלעגט ער איהם וואס אמאל פרעגען:

— נאך נישט? אלץ נאך נישט צייט?

איינמאל האט איהם דער קדוש געענטפערט:

— איך האב נישט קיין צינדהעלצלעך!

דערויף רופט זיך אן יענטעל, אז זי האט סחורה מכל המינים, אז זי איז גרייט אלץ אוועקצוגעבען דעם היילינגען יונה, און אלץ בחנם, על כל פנים, בחצי חנם, נאר קיין צינדהעלצלעך האט זי נישט... מען לאזט נישט אריין!

— זעהסט! — טריאומפירט דער קדוש.

— ביסט פארט א ליגנער, — שרייט ניפטיג לייב פילאזאף.

7.

# די שרפה נאָך דער שרפה.

דער קדוש איז דאָך קיין ליגנער נישט געווען; ער האָט זיינס געטאָן.

געשעהען איז עס אין א מולד־נאכט: איך געדענק עס ווי היינט:

די קראַנקע זענען איינגעשלאָפען, דער קדוש האָט זיך שטיל אראָפּגעכאַפּט פון בעט, שטיל געעפענט דאָס פענסטער; ער איז אַרויסגעשפּרונגען און איז אריין אין אָפענעם פאָדער־הויז. דאָרט האָט ער ביי א פארשלאָפענעם וועכטער ארויסגענומען—לייב פילאָזאָף זאָגט: ארויסגע'גנב'עט—פון קעשענע א פּעקעל זאַפּאַלקעס—

---

די רעשט איז לייכט צו פארשטעהן.

דאָס דול־הויז איז אַלט, זעהר אַלט...

יוחנן מלמד זאָגט, אז עס איז נאָך פון המן'ס צייטען... לייב פילאָזאָף — פון קודם מתן תורה... דער קדוש האָט געגלויבט — מששת ימי בראשית... באשאַפען געוואָרען איז עס ערב שבת בין השמשות, מיט די שדים און מזיקים, וואָס וואַכען ארום „צוזאַמען"... סיי ווי סיי אַלט איז עס, אַלט און טרוקען; ממש אויסגעדאָרט...

און דאָס האָלץ, אז עס האָט נאָר א פונק דערשמעקט, האָט עס אויפגעפלאַקערט מיט א שמחה, מיט א גדולה!

איך האָב געזעהן, ווי באַלקען האָבען זיך אַליין אויסגעדרעהט און מיט א ציטער פון אז אמת'ן בעל־תאוה, זיך געגעהנט צום פייער... א זייל, האָב איך געזעהן, האָט זיך אויסגעקרימט ווי א האַלבע רייף און אריינגעלעגט דעם קאָפּ אין דער בראַנד!

עס וויל ברענען, עס דאַרף, אפנים, ברענען!

און דאך, — ווי שרעקליך איז א שרפה! און נישט דאָס פייער איז אזוי שרעקליך, דאָס פייער איז שעהן און גרויס, דרך־ארץ האָב איך פאַר פייער, וואָס רייניגט אלץ... נאָר דאָס געשריי, דאָס געפילדער איז נישט צום אויסהאַלטען!

דאָס געיאָמער פון קראַנקע, דאָס קנאַקען פון באַלקען, פון ווענט, דאָס רעדערען, סיקען און פייפען, די געשרייען פון דער פּאָזשאַרנע־קאָמאַנדע, די אַפּוטרופּסים מיט הויך אויסגעשריגענע עצות — פוי!

אזא קאָנצערט, הערט זיך נאָר אין גיהנום...

דאָס פייער ווערט אויך בייז! גאַנצע בונטען פלאַמען יאָגט עס אויף די לייט. עס וואַרפט אויף זיי מיט באַלקען! מיט טירען און פענסטער; א מלחמה! א שרעקליכע מלחמה!

און ער?

ער, דער קדוש, שטעהט זיך אויפ'ן שפּיץ דאך, אינמיטען פייער, ארומגענומען ביז'ן גאַרטעל מיט רויטע און בלויליכע שלאַנגען...

און ער שטעהט, און רופט, און זיין קול שניידט זיך דורך דעם גאַנצען גיהנום'דיגען גערודער און שלאָגט זיך צו צו יעדענס האַרץ...

— „שמע ישראל!“ — רופט ער.

---

אויסער דעם קדוש האָט דאָס פייער קיינעם נישט געשאַדט.

דאָס דול־הויז איז געוועזען אסעקורירט; דול־הייזער אסעקורירען זיך איינס ביים צווייטען, דאָקטוירים קריגען נייע אינסטרומענטען צו אָפּעראַציעס... די פּאָזשאַרנע־קאָמאַנדאָ — געלט, אַפּוטרופּסים — כבוד: ווענינג איינגעשטעלט דאָס לעבען האָבען זיי זיך? און די משוגעים האָט מען דערווייל אריינגענומען אין איין סאַלע...

פאַרשטעהט זיך, אז וואָס מעהר משוגעים עס פאַרזאַמלען זיך אויף איין אָרט, שטאַרקער פיהלען זיי זיך; און וואָס מעהר די משוגעים פיהלען זיך שטאַרקער, פיהלען זיך שוואַכער די וועכטער.

דער ליאַרעם נעהט טאַקע ביז'ן הימעל אריין.

יענטעל איז דא אויך און איינגעהעריין, פיהרט דאס רעדעל.

— דאס געשעפט, — זאגט זי, — פארגרעסערט זיך; דער ריוח ווערט דאך קלענער; קוים פרנסה. זי האט, נעבעך, צו דער־נעהרען א קראנקען מאן מיט א גאנץ געזינדעל.

און דאס געזינדעל, ווי זי זאגט, באשטעהט פון צוויי טעכטער אלמנות מיט קינדערלעך, צוויי טעכטער מיט מענער און אויך מיט קינדערלעך, אחוץ קינדער פון ערשטען מאן...

זי האנדעלט: מיט קרושקעלעך פון ברויט, פיצלעך טיטין פון אפגעברענטע פאפיראסען, שטיקלעך לייגוואנט און טוך, רעשט־לעך פון ליכט. טייל־מאל איז א שטיקעל שנייץ אויך א סחורה.

אלס נעלט נעהען שטיקלעך גלאז, קאלירט גלאז איז גאר געלד אין דער מעלה... קאלירט פאפיר איז באנקא־צעטעל, ווייס — קוויטלעך און וועקסלען.

און זי שרייט:

— רוצחים! דאס איז מיין גאנץ עשרות די סחורה! וואס גנב'עט איהר? וואס רייסט איהר? וואס ציהט איהר מיר די קליי פון די ביינער?

די קונים שוויינען אויך נישט.

זיי שרייען, אז זי בארייסט, גיט פאלשע וואג און מאס.

אחשורוש, דער מלך פון הודו — דער אויוועז רעכטס — ביז כוש — די טיר אין קיך אריין לינקס, — געהט ארום מיט א גדלות, פארשרייבט מיט א נאסען פינגער, אויף א שויב צי אויף א וואנט, דעם חשבון פון „מסים וארנוניות“, וואס איהם קומט שוין פון מסחר...

— איך ביז דיך מתרה, יענטעל! דו פאלסט אריין אין טורמע!

— זרח, — רופט ער צו א קונה, — דיר וועל איך אויך נישט שענקען! איך זעה — ווילסט מאכען פליטה! פון אמעריקא וועל איך דיך ביי די האר הייסען אהער שלעפען! איך האב דארטען אויך מיינע לייט! נישט קשה!

אז אנדערען רופט ער צו:

— קויף און פארקויף אנדערטהאלב־מיליאן פוד, קרינסט דו א „פאטשאנטע“!

טייל־מאל רוקט ער זיך צו צו גאזעמאן, וואס זיצט פארטראכט

אין א ווינקעלע, אדער צו לייב פילאזאף מיט יוחנן מלמד, וואס זיצען אין א זייט פארזונקען אין א וכוח וועגען תכלית פון דער וועלט, פון מענש און אלערליי אנדערע זאכען...

ער שטעלט זיך אפ, לעגט א פינגער אויף דער נאז און זאגט:

— שווייגט בעסער...

אניט, לעגט ער זיי גאר פאר א האנדעלס־פארטראג...

און אזוי רודערט זיך ביז דער האן קרעהט.

---

פארוואס גראד ביז דער האן קרעהט? פארוואס שפילט דער האן מיט'ן קרעהען אזא גרויסע ראלע אין שפיטאל?

— זארי, שפילט ער, — זאגט אחשורוש, און „זארי" פארשטעהט מען, איז א גרויסע זאך.

— סימנא בעלמא — זאגט דער מלמד, — מען האט געדארפט א צייכען, וואס עס איז פאר א צייכען, האט מען זיך אנגעכאפט אין האן...

לייב פילאזאף זאגט, אז עס מוז דאך עפעס שטעקען דערינען. דען, פארוואס דוקא א האן, נישט א הון?

— א הון קרעהט נישט, קאן נישט קרעהען, — פאלט איהם יענטעל מיט כעס, אין די רייד אריין, — צו מיינע שונאים'ס קעפ — —

— בייטעל נישט, — ענטפערט לייב קאלט ווי אייז... הינער בטבע זענען גלייך צו הענער... זיי וואלטען געקאנט קרעהען, נאר מען האט זיי אפגעוועהנט... אז א הון קרעהט, קוילעט מען זי...

— ווייטער די איינענע קשיא, פארוואס? — מאכט יוחנן.

— איך וועל קלערען דעריבער, — זאגט לייב. — און, — גיט ער צו שטאלץ — עס איז צייט... איך אייל מיך נישט!

נישט דאס וויסען איז דער עיקר, נאר דאס קלערען!

---

איך וויל אויך קלערען, נאר מיין קאפוועהטאג וואקסט פון טאג צו טאג. זייט די משוגעים זענען צוזאמען, איז סכנת נפשות... די טויזענטער נייע וועגען, וואס זיי זוכען אין אלע זייטען, קריי־

ציגען זיך און פאַרקניפּען; שווינדעלט פאַר די אויגען אַ באַשטענ־דיגער, בליצענדיגער קאַליעדאָסקאָפּ מיט פאַרפלאָנטערטע ברענענ־דיגע ליניען... דער מוח וויל טיילמאָל פּלאַצען. איך קלער שוין אפילו נישט, ווער איך בין, אַ רופא צי אַ חולה, ווייל, איך בין זי־כער, אַז אויב איך בין נאָך נישט משוגע, וועל איך עס היינט־מאָר־גען ווערען.

# שמאי ראטמאן.

איהר קענט ש מ א י ר א ט מ א ן? געווים! נעכטען, שטעלט אייך פאר, טרעף איך איהם אין גאס.

— ש מ א י! — רוף איך, ער הערט נישט. איך מאך מיט דער האנט, ער זעהט נישט! ווי א גולם שטעהט ער, מיט אפענע, שטארע אויגען; איך כאפ איהם אן ביים אקסעל:

— גאט איז מיט דיר, ש מ א י!

ער כאפט זיך אויף, ווי פון שלאף.

— א נייע אידעע! — שמייכעלט ער.

א וואונדערליכע זאך די נייע אידעען! ווי דאס ווערט גע־בוירען!

א מענש, ווי אלע מענשען; א פאריאגטער, וואס דארף, און גאנץ אפט, אלערליי געלטער — פרנסה־געלט, דירה־געלט, מלמד־און לעהרער־געלט, חוץ אנדערע געלטער,—אזא מענש פאלט פלוצים אוועק אינמיטען גאס — א גולם! אן אפען מויל, אפענע אויערען — און ער הערט נישט, ער זעהט נישט און פיהלט נישט!

וואס איז? עפעס אין מוח, אין א פינסטער באהאלטען ווינ־קעלע, שפינט זיך און וועבט זיך א נייע אידעע.

און זי וועבט זיך און שפינט זיך אהן זיין ווילען, אהן זיין ווי־סען, און, מעהרסטענטיילס, נישט פאר זיין טובה וועגען...

איך קען אסך מענשען, וואס אידעען האבען זיי איבער־געפיהרט...

ר א ו ב ן האט געקלערט און געקלערט, ביז ער איז געפאל־לען אויף א נייער המצאה, און איז ארויין מיט אייגענס און פרעמד־געלט...

ש מ ע ו ן האט זיך איינמאל פארטראכט — פארטראכטער־הייט האט ער זיך גענומען ארויסגעכאפט, און פון דאמאלט אן, יאגט

מען איהם און מען פלאָגט איהם פון אלע זייטען, מען וואַרפט איהם נאָך שטיינער אין גאַס...

ל ו י איז גאָר אראָפּ פון זינען, און ווען נישט דאָס ווייב זיינס, וואָס לאָזט פון איהם קיין אויג נישט אראָפּ, וואָלט ער שוין לאַנג געהאנגען ערגעץ אויף א בוידעם.

י ה ו ד ה, כאָטש קיינער טשעפּעט איהם נישט, לויפט, צייט ער איז געפאַלען אויף עפּעס א וואונדערליכע אידעע, ארום ווי משוגע אין די גאַסען, און שרייט „געוואַלד!“...

און ז ב ו ל ו, דעם מוזט איהר אויך קענען. זייט ער איז אויפ'ן קאָפּ געפאַלען, נעפּעלט איהם נישט דאָס ווייב, קען ער נישט זיינע אייגענע קינדער, עסט ער נישט און טרינקט נישט, און געהט קריעה־בליעה — און וואָס וויל ער? געהט פרעגט איהם!

און פונדעסטוועגען, האָב איך א שרעקליכען חשק צו נייע אידעען! ווער וויים? צווישען איבערגעשראָשען שטרוי קאָן זיך דאָך אמאָל געפינען א קערנדעל ווייץ, און צווישען מיליאַרדען נייע אידעען, קאָן זיך דאָך אמאָל געפינען א י י ן אמת'ע אידעע.

און געפינט זי זיך, ווער קאָן איבעררעכענען דעם שאַדען, אדער דאָס גוטס, וואָס א נייע אידעע קאָן ברענגען מיט זיך?

עס קאָן זיין א בליץ, וואָס וועט אויף אָרט און שטעל פאַר־שווינדען... עטליכע שאָק בלינדע הינער וועלען גאָרנישט וויסען פון איהם און לייקענען שטיין און ביין, און עס קאָן זיין א דונער! און א דונער איז שוין נישט קיין קליינינגקייט; ער קאָן אריינשלאָגען אין זאמד פון סטעפּ און אויסדרעהען נאָר א גלעזערען רעהרעל, אריין אין ים און אויסגעהן ווי א ליכט; ער קאָן אבער אויך אריינשלאָ־גען אין א הויז, און אנמאכען — גאָט וויים וואָס פאַר א שרפה... איידער עס קומט די פאָזשארנע קאָמאַנדע, קאָן פון א שטאָדט נישט בלייבען א שטיין אויף א שטיין...

גאָט מיין איינציגער! א נייע אידעע קאָן דאָך נאָך ענטפערען אויף די אלע ביטערע פראַגען, וואָס פרעסען אונז אוים דעם מוח פון די קעפּ; אויף די אלע רעטעניששען, וואָס דרעהען אונז, ווי די עגבער, אין די געהירען — ווער וויים!

און ד ע ר, דער שטעהט פאַר מיר און שמייכעלט: א נייע אידעע!

איך כאַפּ איהם אָן ביי א לאַץ:

— זאג!

רא, אינמיטען גאס?

איך דאנק גאט, וואס מיר זענען נישט ווייט פון א קאנדי־טאריי...

* *
*

נאך עטליכע שלוק טיי, ווייס איך שוין אין וואס עס געהט.
די וועלט וועט זיך נישט איבערקערען, אויך וועט זי נישט פארברענט ווערען, עס וועט אפילו קיין שטורעם־ווינט נישט זיין, וואס זאל דעם שטויב פון די גאסען יאגען אין די אויגען אריין...
ש מ א י ר א ט מ א ן וויל נאר מאכען א נייע חברה!
אייגענטליך — אויך נוט!
— פארשרייב מיך!
— שוין!? — וואונדערט ער זיך, — דו ווייסט נאך נישט וועגען וואס עס געהט!
— אלץ איינס! — זאג איך — מיר דארפען נייע חברות; שלעכטע, גוטע, נארישע, קלוגע, אבי חברות, אבי עס זאל נישט זיין טויט, זאל זיך רודערען... און אצינד זאג, וואס דו ווילסט!
— איך וויל, — זאגט ער, גרינדען א חברה ד ע נ ק ע ר!
— דענקער?
— יא, איינפאך, דענקער...
— נאך וואס?
— הער... נאר, איך מוז האבען א גאנצע פאררעדע.
— נאך בעסער! פאררעדען האב איך ליעב. ווי דאס לעבען. וועניגסטענס — מעהר אלס די ביכער... די פאררעדע איז זעלטענער געגומען...
— דו מאכסט חוזק, — באליידיגט זיך ראטמאן.
— און דו האסט מורא פאר לצנות? ד ו, א מענש פון נייע אידעען? ד ו דארפסט דאך זיין גרייט אויף שטיינער, אויף פויסטען, אויף פייער און וואסער...
— דאס אלץ — ענטפערט ראטמאן, — שאדט נישט! דאס זענען, געוועהנליך, נאר די הייוען, אויף וועלכע אידעען וואקסען! נאר חוזק מאכען, דאס שטעכען מיט נאדלען, דאס קאן א מענש,

כאטש ער איז גרייט צו אויסצודאַ־בען, איבערשרעקען...
— איז נישט, נו! איך שוויג שוין, דערצעהל!
און ראטמאן דערצעהלט.

*　*
*

באמערקט האט ער, ראטמאן, אז אלץ האבען מיר ליעב, נאר נישט צו קלערען.
— ווי הייסט?
— גאנץ איינפאך, מיר זענען פויל, שרעקליך פויל! אזוי צו ליגען אויף דעם פרישען גראז און יאָגען די וואָלקען אין הימעל...
אדער, — האק איך איהם איבער, — זיצען און עסען און טרינקען.
— עט! —מאכט ראטמאן,—עסען און טרינקען האט קיין וואס אמאל וועניגער, מען איז יוצא מיט א „יהי רצון“, — ג ל י י ך מען וואלט געגעסען, ג ל י י ך מען וואלט געטרונקען, נאר וואלקען אין הימעל בעהלען נישט, און אלע מעגען קוקען.
ליגען מיר טאקע און קוקען... טייל שטודירען מכלומר'שט אס־טראנאמיע און צעהלען די שטערען: איינס, צוויי, דריי... ווי ווייט איינער קאן!
מאכט זיך א שטורעם, שפרינגען מיר אויף די פיס, — דאַ־מאלט זענען מיר גרייט — צו אנטלויפען!...
וואוהין?
וואו דו ווילסט! רעכטס, לינקס, ווייטער אדער צוריק, נאר עמיצער זאל זיין דער וועג־ווייזער, דער ערשטער לויפער, דער טריק, דער באק!...
מיר קאנען געהן, מיר קאנען, אפילו מיט די געשוואלענע פיס, לויפען, אליז־איינס וואוהין, נאר צוויי זאכען: ערשטענס, זאל זיין א טריק, און צווייטענס, זאל ער זיך נישט אפשטעלען און נישט פרעגען אונז אליין: וואוהין? קלערען האבען מיר פיינט, טראכ־טען איז סם!
אין יעדען אומגליק, אין יעדער שלעכטער צייט, קוקען מיר זיך אום, צי וועט זיך באווייזען א זייל, פון פייער צי פון וואל־

קען, נאר א זייל, וואס זאל זיך פאר אונז רוקען און ווייזען דעם וועג.

קומט א מ ש ה, לאזען מיר שטעהן די טעפ מיט פלייש, מיט די ציבעלעס אין מצרים און געהען איהם נאך אין מדבר אריין; אונטערוועגס ווילען מיר מאכען אן אנדערען ר א ש און — צוריק קיין ג ש ן !...

משה פארזוימט זיך אויפ'ן בארג סיני, אונזערע ווייבער האָ־בען צירונג, — אהער! וועט זיין א גאָלדען קאלב!

א שלוק טיי און ראטמאַן רעדט ווייטער:

---

מען זאגט, אז צייטען בייטען זיך. נישט וואר! דער איי־גענער האט צום קלערען, צום טראכטען, צום מישב זיין; מיר זע־נען פויל, ווי מיר זענען אמאָל געוועזען.

מיר האבען ליעב דעם שקר, נישט נאָר דערפאר, ווייל ער איז אויסגעקעמט, אויסגעפוצט און שמעקט פון פעדפומעס, נאָר ווייל ער איז זיכער, און זאגט אלץ אויף זיכער. גלייך ער וואָלט דערביי געוועזען. א מיבח פאר גאָט? — וואויל, קוילען מיר קעלבער! פאר'ן מולך — נאָך בעסער! קינדער צום פארברענען פעהלען נישט. — נאָר זאגט בפירוש, וואס איהר ווילט, קלערט נישט און הייסט נישט קלערען!

א מ ת וואָלטען מיר אויך אויסגעהאלטען. נאטירליך, זאָל ער פריהער זיך אפשניידען די נעגעל און נישט אויסדראפען, רעדענדיג, די אויגען; זאָל ער נישט ארומגעהן נאקעט און באָרוועס אין די גאסען, הכר'ן זיך מיט שניידער־ און שוסטער־יונגען... נאָך עפעס: אין וואס וואוינען מיר? אין שטרויענע, הילצערנע און ווען אפילו שטיינערנע, נאר אין אלטע אויסגעטריקענטע הייזער — זאָל ער נישט ארומגעהן מיט'ן פלאקער פייער אין דער בלויזער האנט... א קליין ליכטעל אין א גדויסען לאמטערען איז זיכערער... קאָליר־טע גלעזער — שענער און בעסער! נישט דער אמת איז געפעהרליך! צי די ערד דרעהט זיך ארום דער זון צי פארקערט, איז דעם רב מיט דער רבי'צין אלץ איינס, נאר ווי מען האט געזאגט, אזוי זאָל זיין! נאָר וואס גאר כ ל ע ר ע ן אנדערש!

די פראגען, די רעטעניטשען, דאָס קאָפּ־ברעכען. ר א ס האָט רב און קהל פיינט...

— וואָס האָסטו דו זיך געכאַפּט אַן רב און קהל?

— און ווער איז בעסער? יעדער מענש, אפילו דער שענסטער און דער בעסטער, לאָזט זיך איבער א שטיק אָרט אין מוח, א שטיק „קדשי קדשים“; אהין לאָזט ער קיינעם און זיך אליין נישט צו, דאָרט טאָר מען נישט אָקערן, נישט זייהען, נישט ריהרען דעם אַל־טען ווילדען דאָרן, וואָס צוואוואַקסט זיך, ווי אויף הייוועז...

שלעכטע צייטען... ווייבער עמאַנציפּירען זיך, און ווילען די אויירינגלעך אויף גאָלדענע קעלבער נישט געבען: די נביאים זענען איינס ביי איינס געשטאָרבען, — דעם פּראָפעסאָר פּאַלב גערעדט איין מאָל אויף הונדערט מאָל; מלאכים באַווייזען זיך נישט; זייט די באַרשט האָט אַרויסגעיאָגט פון שטוב דעם בעזים, האָבען די כשוף־מאַכערינס נישט אויף וואָס צו רייטען. גורל־וואַרפען איז אויס מאָדע, עס פּאַסט פאַר א יונגען באַקפּיש צו רייסען בלעטלעך פון בעזן: יאָ ליעב, נישט ליעב! אָדער פאַר א שילער, ער זאָל דאָס זעלבע טון אויף די קנעפּ פון מונדיר, נאָר דאָס זענען ליעבע־זאַכען און פאַר יונגע לייט... עלטערע מענשען, און למשל, ביי געזעל־שאַפטס־פראַגען, געהט עס שוין נישט!

וואָס־זשע טוט מען? צולענען קאָפּ גלוסט זיך דאָך נישט, האָ־בען מיר ערפונדען נייע כשוף'ן, נייע גורלות...

כללים הייסט עס, דעוויזען, קלינגענדיגע ווערטער!

וואָס איהר ווילט, אבי נישט קלערען!

יעדער כלל, יעדער דעוויז, יעדעס קלינגענדיג וואָרט, איז א שטיקעל מאַגנעט, וואָס ציהט צו נשמות, ווי שטויב!

דער שטויב פון נשמה'לעך, וואָס האַלטען זיך אָן א מאַגנעט, איז א „רעדעל“, א חברה, א פּאַרטיי!

א גוטע זאַך איז דער דעוויז, און ווי נוצליך איז א קלינגענדיג וואָרט! מען האָט דיר אויסגעהאַקט א שויב, און דאָס געשריי פון הונגעריגע וועלף רייסט זיך דיר אין שטוב אַריין און לאָזט נישט שלאָפען, — כאַפּ אָן „איזם“, א קלינגענדיגען „איזם“ און פאַרשטעק דאָס לאָך, וועסטו דו ווייטער רוהיג שלאָפען!

עס איז דיר א ווערעמעל מיט א קופּערען־פּיסקעל אַריין אין אויער, פון אויער האָט זיך עס אַריינגע'גנב'עט אין די געהירען, און

דלובעט, און דלובעט צום משוגע ווערען, כאפ א רעוויז, און הויב אן שרייען, למשל:

די וואכט אם רהיין, די וואכט אם רהיין!

זינגען איז נאך בעסער! דו מעגסט אפילו קיין דייטש נישט זיין; שריי, זינג — דאס ווערעמעל וועט איינשלאפען!....

ראסט ווייניג קאנווע אין קאפ, דיר אויסצושטריקען א גאנ־צען סיסטעם, — א קלייניגקייט! מאך גרויסע לעכער און פאר־שטאפ זיי מיט דעוויזען, מיט קלינגענדיגע ווערטער און דו ביסט א גאנצער פילאזאף, און דו פארשטעהסט הימעל און ערד, דיין אייגען לעבען — אוודאי!...

— וואס־זשע ווילסט ד ו?

— א י ך וויל, — זאגט ראטמאן, —מענשען זאלען זיך נישט אויסרייסען די געזונטע אויגען און אריינזעצען אויף זייער ארט קאלירטע גלעזלעך! מענשען זאלען זיך נישט פארשטופען הארץ און געהירען מיט קלינגענדיגע ווערטער און ווערטלעך; איך וויל— מענשען זאלען ק ל ע ר ע ן!

— און דיין נייע אידעע?

— מיין נייע אידעע איז טאקע צו גרינדען א חברה אהן „איזמען“, אהן גלעזלעך... א חברה פון מענשען, וואס זאלען זיך נישט שעמען, ארומצוגעהן אין גאס מיט פראגע־צייכען אויף די שטערענס; וואס זאלען נישט איינרעדען, נישט זיך, נישט יענעם, אז זיי מוזען אלץ וויסען, אז זיי ווייסען אלץ... אז זיי קאנען היי־לען קרענק...

— וואס וועט די חברה טון?

— קלערען וועט זי, שטודירען, אלץ וועט זי וועלען וויסען, אלץ דערגרונטעווען...

א חברה־מאן, אז ער הערט א קלינגענדיג ווארט, פרעגט ער זיך און יענעם: וואס באטייט עס? וואס זאגט עס צו? און זאגט עס עפעס צו, צי האט עס א זיכערע היפאטעק, צי מעג מען דערויף ש ט ע ל ע ן?

א חברה־מאן, אז ער הערט א שפרוך, פרעגט ער זיך און יע־נעם: פון וואס באשטעהט ער? וואו שטעקט דער כשוף? מיט וואס ציהט ער צו?

און אויב ער זעהט, אז עס איז א פארבלענדעניש, אז איינ־

גערעדטע זאַך, שטעלט ער זיך אָפּ און באַווייזט רעכטס און לינקס, אַז עס איז אַ שקר!

ראַטמאַן דערהיצט זיך:

— יעדער חברה־מאַן איז מחויב צו ראַנגלען זיך געגען יעדען שווינדעל, געגען יעדען חלום, געגען יעדעם פּוסטע וואָרט...

— און אויף דעם אָרט פון חלומות און פּוסטע ווערטער? —

— וועט די חברה געבען נייע אידעען...

---

מיט איין וואָרט: ראַטמאַן וויל פאַרלעגען אַ פאַבריק פון נייע אידעען...

דאָס ווייסט איין גאָט!

יעדע פאַבריק דאַרף האָבען רוי מאַטעריאַל, — וואו וועט ער עס נעמען?

און בשעת איך הער זיינע רייד, דאַכט זיך מיר, אַז איך זעה אַ וואונדערליך בילד אין דער לופט.

אַ ווילד ברויזענדער ים — אַ שיף איז אין געפאַהר, איין פּאַ־ליע וואַרפט זיך צו דער צווייטער; נישט ווייט זענען ריפּען און פעלזען. זי קאָן זיך לייכט אַנשלאָגען און צושמעטערט ווערען; אין דער הימעל ווערט וואָס אַמאָל פינסטערער, די לעצטע שטערען פאַר־שווינדען, די מענשען זעהען איינער דעם צווייטען נאָר ביים בליץ... און נאָך יעדען בליץ — געהט אַ דונער...

און נישט נאָר די שיפסלייט ווילען רעטען די שיף, — אַלע רייזענדע ארבייטען מיט... קופּקעלעך דערשראָקענע מענשען, דער־שראָקענע און דענערווירטע; אינמיטען יעדען קופּקעלע רעגירט אַן אַנדערער, הייסט טון עפּעס אַנדערש, און דער עולם פאָלגט און ארבייט מיט די לעצטע קרעפטען... און ווערט דער עולם מיד, שרייט מען פון דער מיט אַרויס עטליכע הויכע, קלינגענדיגע, הייסע ווער־טער, און דער עולם דערהיצט זיך, באַקומט נייען כח, און ארבייט ווייטער און ווייטער...

נאָר אָט רייסט זיך אָפּ איינער: —

— מען טוט אהן פארשטאנד, אהן װיסען, מען טוט נאר דורך קלינגענדיגע הױכע װערטער — „איזמען“, און „איזמען“ —

— קלערען דארף מען!

און ער בױגט אװעק דעם קאפּ אן א זײט, די שיף קנאקט, דער דונער שלאגט און שלאגט, מענשען ארבײטען מיט׳ן לעצטען אטעם און ער — ער קלערט...

# ר׳ שלמה׳ס מעשה׳לעך

1.

## א פארר ע ד ע.

עס איז געווען אויף דער פראווינץ דאנערשטאג ביינאכט אין בית־המדרש.

אין דער היים מאכט מען שבת...

דער באק־אויווען פלאקערט. ווי חוזק צו מאכען אויס ליכט און לאמפּ, פליהען אלעמאל ארויס פון באק־אויווען פייער־דיגע צונגען און טרייבען א ווילדען טאנץ איבער די ברודיגע ווענט און דער נאסער פאדלאגע...

ווייבער מיט פאררויסענע קאפקעס, פארשארצטע ארבעל און פלאמענדיגע אויגען לויפען ארום צווישען מולטער און טייג, אפּאל־קעס און זאלץ־ברעטלעך, ווי משוגע. אונטער די פיס קנאקט אייער־שאלעכטס, פישטשעט ציבעלע־שאלעכטס, שפריצט די בלאטע, טיילמאל שיסט אויס א פיש־פענכער... אין די הענט טאנצען טע־לער און כלים...

---

עס ווערט שבת געמאכט...

עלטערע בעלי־בתים אנטלויפען קוים מיט׳ן לעבען אין די בעטען אריין. צי מען שלאפט צי ניין, גערעקט איז מען איבער׳ן קאפּ און — שטיל, ווי א מויז!

יונגעליים באפען א פאפליניק*), טיילמאל א קלאפ פון קשר־משערע, און אנטלויפען אין בית־המדרש אריין...

---

חברה פיהלט זיך פראנק און פריי...

זעלטען עמיץ זאל זיצען, ווי א מענש, ווייל יעדערער האט זיין איינענע ארט צו זיצען. איינער האלט פון אזיאטישע מנהגים און לעגט אונטער די קני, א צווייטער פאהרט אויפ'ן אמעריקאנישען אופן מיט די פיס אויפ'ן טיש ארויף; א דריטער רייט מיט גדלות אויף דער אנלעהן פון באנק; אן אנדערער ציהט זיך נאר אויס איבער דערברייט פון טיש...

רוהיג זיצען איז אויך קיין שטיינער נישט אין בית־המדרש: מען וויגט, מען שאקעלט זיך, מען מאכט מיט די הענט א ווינט־מיהל, מיט די פיס אלערליי פיגורען; דער קאפ שטעהט אויך נישט איין אויף איין ארט און אלץ איז איבערגעדעקט מיט א לייכטען נעבעל פון די דינטשיגע פאפיראסלעך, וואס מען דערלאנגט זיך פון מויל צו מויל נאר א שלעפ צו טון!

און די פלעמלעך פון עטליכע חלב'נע ליכטלעך, אריינגעזעצטע אין קארטאפעל אדער צוגעקלעפטע צום טיש, ציטערען; ווילד משונה'דיגע שאטען טאנצען ארום אויף ווענט און באלקען...

די ליכטלעך דארף מען אפט שנייצען און דערצו זענען מיר שוין מייסטער געוועזען!

אנשפייען צוויי פינגער, אראפכאפען א שנייץ, אפווישען די האנט אן פאלע, איז כהרף־עין; מען האקט זיך אפילו נישט איבער די רייד!

---

אין בית־המדרש, אייגענטליך, רעדט מען נישט, נאר מען שפארט זיך! אלץ איז א וויכוח!

יעדע זאך האט, געוועהנליך, איהר עטליכע זייטען, און א חבר־המאן כאפט זיך אן אין איינע פון זיי, ווי א חיב־מיתה'ניק אן די הערנער פון מזבח, נישט אפצורייסען!

*) „פאד־פלאמיעניעץ" — אויפ'ן פלאם געבאקענע פייגעלעך.

און דער זכות איז א ווילדע זאך; אהן א פרעזעס, אהן א גלעקעל. ווער עס וויל, כאפט דאס ווארט, רעדט, וואס ער וויל, ווי אזוי ער וויל...

לאנג רעדט מען נישט! זעלטען עמיץ זאל האבען אזויפיעל כח און אנכאפען דעם גאנצען עולם ביי די פאות און מיטשלעפען מיט זיך אין זיין איינען עולם־הדמיון אריין. געוועהנליך האקט מען באלד איבער: שוטה, שרייט מען, אדרבא!

וויפיעל מענשען, אזויפיעל ברענענדיגע פאר אויגען לאקערען אויף דיינע ליפען, טאמער זאגסט דו א נארישקייט; אזויפיעל מיי־לער זענען גרייט איינצושלינגען דיך מיט דיינע רייד — היט זיך! נאך איידער דו עפענסט דאס מויל פליהט אן ענטפער — א שפי־ציג פאר׳סם׳טע פייל, טיילמאל נאר א נאס האנטוך אין פנים אריין!

די זאך, פון וואס מען רעדט, איז דעריבער נאר א קאנווע אין א ראס. יעדערער האט זיך זיין נאדעל, זיין פאדים און וועבט און שטיקט שנעל אריין, ווי דער בליץ! די פארשידענפארביגע פעדים טרעפען זיך, בינדען, קניפען, רייסען זיך איבער, צולויפען זיך, טרעפען זיך ווייטער און קנוילען זיך צוזאמען, און אזוי געדויערט עס, ביז עס גרויט דער בלאסער מארגען...

ווען די בעלי־בתים זאלען געוועזען וויסען, פון וואס מיר רעדען איבער אפענע נמרות, וואלטען זיי די וועלט פארברענט, ווענינס־טענס דעם בית־המקדש מיט די וואנצען צוזאמען...

איין ר׳ שלמה האט געוואוסט, גאר ער פלעגט זאגען: נר אלהים נשמת אדם, און דערמיט מענט איהר זוכען אין אלע פינס־טערע ווינקעלער!

ווען נאט זאל עס נישט וועלען, וואלט ער אין קאפ נישט אריינ־געלענט א מת, נאר א צווייטע לונג־און־לעבער!

ר׳ שלמה איז אן אלמן אהן קינדער. איינער אליין, זיצט ער איבער די נאכט אין אונזער געזעלשאפט.

— עס שלאפט זיך נישט — זאגט ער — אין מיינע יאהרען.

אדער:

— וואס וועל איך דארט זיצען איינער אליין און גריבלען.

און טיילמאל איז ער מורה, אז ער האט מורא פאר׳ן שלאף.

— שלאָפען איז שטאַרבען — נאָך ערגער: מען מוז נאָך אויפשטעהן, ארומגעהן א טאָג און ווייטער שטאַרבען...

בעסער וועט ער הערען, וואָס יונגעלייט רעדען. ער וויל זעהן, — זאָגט ער — דעם זאָמען און וויל וויסען, וואָס עס וועט וואַקסען נאָך זיין טויט...

אריינמישען וויל ער זיך נישט.

— זוכט אליין, יונגעלייט, אייער וועג. בלאָנדזשעט איהר,— שאַדט נישט. די פרייד, אז איהר וועט דעם רעכטען וועג געפינען, וועט דערפאַר גרעסער זיין.

און שטילערהייט גיט ער צו:

אויב עס איז נאָר פאַראַנען דער רעכטער וועג!

נאָר, אז אונזער וויכוח ווערט צו שאַרף, צו פלאַמענדיג, אי־בערהויפּט, אויב עמיצענס א שוואַכע האַנט וויל קומען צוהילף דער שוואַכער צונג, דאַמאָלט מישט זיך ר' שלמה אריין, ניט א קלאַפּ אין טיש אריין, דער עולם בלייבט שטיל און ער דערצעהלט א מעשה'לע.

באַמערקט האָבען מיר, אז דאָס מעשה'לע, וואָס ר' שלמה דער־צעהלט, וואַרפט נאָר א ליכט אויף די היינטיגע לאַגע, אויפ'ן היינ־טיגען טאָג, און ענטפערט קיינמאָל נישט אויף דער פראַגע: וואָס דאַרף מען טון? וואָס וועט מאָרגען זיין?

אויף אזוינע פראַגען ענטפערט נישט ר' שלמה, ער וויל נישט טרעפען, וואָס שפּעטער וועט זיין, און קיין רעצעפּטען פאַרשרייבט ער נ י ש ט.

— איך בין, — זאָגט ער, — קיין נביא, און, להבדיל, קיין פעלדשער נישט.

2.

# דער בריליאנט.

איינמאל דאנערשטאג ביינאכט, איך געדענק עס נאך ווי היינט, האבען מיר גערעדט וועגען רעליגיאן און רעפארמען.

אנגעהויבען איינענטליך האט מען פון ליטעראטור.

מען האט זיך דערמאנט אן מאפו'ס „אהבת ציון“, פון „אהבת־ציון“ איז מען ארויף אויפ'ן „עיט־צבוע“ — איז שוין געוועזן א קאצענשפרונג צום „הדת והחיים“.

און עס האט זיך אנגעהויבען א וויכוח.

איינער האט געזאגט, אז פון „בראשית“ ביז'ן „הכשר הזבח“ (אונזער קליינשטעדטעלדיגען שוחט'ס א ספר אויף שחיטה) איז א י י ן רעליגיאן — איין אמונה — איין תורה, פון וועלכער מען טאר נישט ריהרען קיין אות.

א צווייטער מאכט זיך באלד א שפאס: „פון צינדר־העלצלער, זאגט ער, א צוזאמענגעשטעלטער מגן דוד; נעם ארויס א י י ן העלצעל, צופאלט ער זיך אינגאנצען.“

מען שמייכעלט, נישט צופרידען:

— נישט קיין צוזאמענגעשטעלטער „מגן דוד“ איז עס, נאר א בנין, א הויז, א בית־המקדש!

„ווער עס רייסט אויס שטיינער און באלקען, וויל אלץ אי־בערפיהרען.“

אן אנדערער מיינט: אז א בנין — א הויז צי א בית־המקדש— מוז האבען פענסטער און טירען! מוז האבען ליכט און לופט; „אויב מען וויל נישט עס זאל דערפון א תפיסה ווערען, צום דער־שטיקען, צום דערוואַרגען ווערען! „וחי בהם“ שטעהט. עס דארף זיין א הויז צום לעבען, צום געזונט זיין, נישט צו פוילען און אי־בערגעוואקסען צו ווערען, ווי קארטאפעל אין קעלער.“

„און א הויז מוז מען אויך פון צייט צו צייט רייניגען, נישט דאס מיסט האלטען אין שטוב, נישט אויפ'ן איביגען מיסט זיצען!“

עס טרעפט זיך אין אונזער בית־המדרש נאך א גרעסערער אפקירוס:

„א הויז — זאגט ער — מוז מען אויך אמאל איבערשיטען. אפילו די פונדאמענטען מוז מען איבערקוקען, צי זיי פוילען נישט... און די באלקען, צי פרעסען זיי נישט אויף די האלץ־ווערעם...

„אניט, פאלט אמאל פלוצים איין א הויז, און די איינוואוינער ווערען לעבעדיגערהייט באגראבען!“

עס געפינט זיך אפילו א שונא פון אלטע הייזער בכלל!

איז נישט גלייכער א ניי הויז צו שטעלען, מיט נייע גרויסע טירען און פענסטער! אסך לופט, אסך ליכט!

דערווייל האט מען געבראכט בייגעל פון בעקער, פרישע, שמעקענדיגע, קנאקענדיגע בייגעל...

אלע, אפילו דער, וואס וויל א ניי הויז מיט גרויסע טירען און פענסטער, זענען צוגעלאפען צום כיור, געוואשען זיך, אפגעווישט זיך אן די פאלעס, געמורמעלט די ברכה — און אין אלע מיילער האבען אנגעהויבען די פרישע בייגעל צו קנאקען...

מיט דער געלעגענהייט האט זיך דער אלטער ר׳ שלמה באַ־נוצט און דערצעהלט אונז די מעשה פון בריליאנט.

אמאל איז געווען — האט ער דערצעהלט — א קאלאניסט.

פרעמד איז ער געווען אין דארף; ער האט מיט קיינעם און קיינער האט מיט איהם נישט געהאלטען.

ער האט גאר אן אנדער לשון גערעדט, און קיינער האט איהם נישט פארשטאנען, און נישט געוואלט פארשטעהן!

איינמאל האט ער, דער קאלאניסט, געפונען א בריליאנט.

רעכט פארשטאנען דערויף האט ער זיך נישט; קיין האן איז ער אבער אויך נישט געווען און וואלט איהם אויף א קערענדעל ווייץ נישט פארטוישט.

עס שיינט און בליצט; „עס איז א קליינע זון“. — טראַכט ער. עס מוז ווערט זיין אן אוצר.

נאר מיט א טייערען שטיין צווישען פרעמדע לייט איז מען מיט׳ן לעבען נישט זיכער!

ווערט מען געוואר, וועט מען איהם די ערשטע נאכט באַ־פאלען, די פענסטער ארויסנעמען און צונעמען דעם אוצר מיט דער נשמה צוזאמען!

מעז מוז באהאלטעז דעם שטייז!

דעם ווייב אפילו וועט ער נישט זאגען פון ברילאנט א וואָרט. ער האט זי ליעב, נאר א אידענע — לאנגע האר — קורצער שכל; זי וועט זיך נישט איינהאלטען.

און ער נעמט זיך צוריק־צו־וועגס צו דער קאָלאָניע און באַגראבט דעם שטייז איז דער ערד, איז געמיזע־גערטעל פאר'ן הויז.

פאר א צייכען לעגט ער אויף דעם ארט א קיזעל־שטיין; א שווערען קיזעל־שטייז, ער זאל דעם ארט דערקענען, און אז עס וועלען קומען בעסערע צייטען, אהן קנאה־שנאה צווישען שכנים און בפרט צו פרעמדע, וועט ער וויסען וואו צו זוכען און צו געפינען דעם אוצר. דאמאלט זאל ער שיינען און בליצען איז שעהנעם העלען טאג!

איינמאל, האט דאס יונגע ווייבעל דעם שטייז באמערקט. עס איז איהר א שאד דאס פיצעל ערד, וואס דער קיזעל־שטייז פארנעמט; אויף זיין ארט קאן ארויסוואקסען א ציבעלקעלע, אן אורגערקע... א שאד!

אליין אוועקנעמען דעם שווערען שטייז קאן זי נישט; רופט זי דעם מאן צו הילף.

ער דערשרעקט זיך:

— גאט באהיט, — רופט ער אוים — ריהר נישט דעם שטייז!

— פארוואס?

— עס איז א מזל'דיגער שטייז! ער ברענגט אונז מזל וברכה!

— עס איז דאך איינפאכער קיזעל־שטייז!

— זעהסט דאך! אזא סגולה האט ער שוין!

זי גאפט! זי איז נישט זיכער, צי דער מאן מיינט עס ערנסט, צי מאכט ער שפאס.

זי קוקט איהם איז די אויגען אריין און זעהט זיי ערנסט. כמעט הארט, אהן א לאכעדיגען פונק.

נו, דעם מאן האט זי ליעב, און האלט איהם פאר קלוג און עהרליך. און גלאט — א אידענע! א אידענע איז שטענדיג צופרידען, אז זי קאן אין עפעס גלויבען, — אין א סגולה, אין א וואונק פון אויבען... און לאנג צייט צו קלערען האט זי נישט; דאס גערטעל מוז פארזייהט ווערען! פאָלגט זי און טוט איהרס.

אויפ׳ן צווייטען טאג באמערקט דער מאן צ ו ו י י שטיינער אין גארטען.

— וואס איז דאס? ווער איז דער צ ו ו י י ט ע ר שטיין? — פרעגט ער.

און דאס ווייבעל שמייכעלט.

זי איז גראד ביינאכט שלעכט געשלאפען. עפּעס האט די לבנה אזוי וואונדערליך אריינגעשיינט דורכ׳ן לאדען...

עפּעס איז איהר אזוי ענג, אזוי באנג געווארען אויפ׳ן הארץ... זי האט אזוי מורא געהאט...

דעם מאן וועקען האט זי נישט געוואלט, האט זי זיך מישב געווען, שטיל זיך אראפּגעכאפּט פון בעט, ארויסגעשלייכט זיך פון שטוב און — צוגעלעגט נאך א שטיין...

עס האט זי בארוהיגט!

— אין צווייען — שמייכעלט זי — איז שטארקער.

און וואס זאל ער טון, דער קאלאניסט? גנה, בייזער דיך אויף א אידענע, ווען זי שמייכעלט אזוי קינדיש־זיס און לעגט דיר ארויף די ווייסע שמאלע הענט אויף די אקסעל און דערלאנגט דעם אלא־באסטער־שטערן צום מויל — —

דעם ווייסען שטערן קושט ער מיט פארגעניגען, אין די בלויע אויגען זוכט ער אן ענטפער אויף דעם, וואס זי איז ביינאכט אזוי אומרוהיג... און שווייגט!

דעם קוש אויפ׳ן שטערן האלט דאס יונגע ווייבעל פאר א לוין פאר איהר גוטסקייט און פרומקייט! און ווען עס ווילט זיך איהר א קוש אין שטערן — לעגט זי נאך א שטיין...

טוט ער עס נישט, באווייזען זיך איהר טרערען אין די אויגען.

---

דאס פאר־פאלק האט קינדער געהאט — א אינגעל מיט א מיידעל.

דאס מיידעל וואונדערט זיך נישט, פרעגט נישט און טוט נאך דער מוטער.

די מוטער לעגט גרויסע, די קליינע טאכטער קליינע שטיינד־לעך; נאר די שטיינדלעך וואקסען מיט איהר צוזאמען!

דער קלוגער זוהן פרעגט שוין: וואס באטייט עס?

— שטיינער, — ענטפערט די מ טער שטאלץ, וואס זי ווייסט אזוי פיעל — זענען מזל׳דיג!

— פארוואס? — וואונדערט זיך דער קליינער — און וואס הייסט מזל׳דיג? צי האט מען אמאל מעהר ווי מען פארדינט, ווי מען ארבייט אוים?

דאס פארשטעהט שוין די מוטער נישט.

— פרעג דעם טאטען — זאגט זי.

— ווערסט עלטער ווערען — ענטפערט דער טאטע — וועסט דו דאס אויך פארשטעהן!

און, אז דאס אינגעל איז אויפגעוואקסען, האט איהם דער פאטער דערצעהלט דעם סוד פון בריליאנט.

און אזוי איז געשעהען אין א גאנץ לאנגער שורה פון דורות.

איינער האט איבערגעגעבען דעם צווייטען דעם סוד.

אין יעדען דור האט א י י נ ע ר געוואוסט פון בריליאנט און די רעשט האבען געגלויבט, אז קיזעל־שטיינער זענען מזל׳דיג; אז וואס מעהר, איז בעסער, און האבען שטיינער געלעגט.

שכנים קוקען און גאפען.

טייל לאכען אין די פויסטען אריין; אנדערע, פארקערט, האבען דרך־ארץ פאר אלטע מנהגים, וואס זיי האבען שוין, קומענדיג אויף דער וועלט ארוים, געטראפען אלס אלטע מנהגים.

נישט איינער האט געקלערט, עס מוז זיין נאך פון דער צייט, ווען מלאכים זענען אויף לייטער געקראכען און מענשען האבען געזעהן.

טייל שכנים האבען געוואלט באווייזען דער משפחה זייער ליעבשאפט, און האבען, פאר חבר׳קייט, אויפגעהויבען שטיינער פון וועג און אין גארטען אריינגעווארפען.

און אין דער משפחה אליין איז דאס שטיינער־ווארפען שוין א קולט, א היילינער מנהג געווארען, א מין „עבודת־הבורא“.

יונגע לייט פראטעסטירען; אלטע בייזערען זיך און דראהען מיט ביינערדיגע פויסטען!

יונגע לייט האלטען רעדען געגען די שטיינער, און די אלטע זאגען:

— ווי אונזערע עלטערען האבען זיך געפיהרט, ווען מיר זיך אויך פיהרען...

— אונזערע עלטער־זיידעס זענען קלינער געוועזען פאר אונז און האבען שטיינער געוואָרפען — מוז אזוי זיין!

— נישט אונזער וועלט, מיר זאָלען זי פארבעסערען, איבער־מאכען. א גוט פערד געהט אין קאַליע און ברעכט נישט די פיס!

און נאָך אזוינע ווערטלעך און קלוגע שפּרוכען, אויף וועלכע עס שטעהט די וועלט; דאָס הייסט, אונזער מענשליכע וועלט!

און וויל א יונגערמאן עפּעס טון דאַגעגען, ווילען די אלטע צוברעכען די אייער, וואָס ווילען קליגער זיין פאר די הינער!"

---

און יאָהר־יעהרליך שיידען זיך יונגע לייט מיט טרערען אין די אויגען פון אלטען הויז, פון דער אלטער מכשפה און געהען זו־כען ארבייט אין דער פרעמד: עסען ברויט פון פרעמדע אויוועגס, נעכטיגען אונטער פרעמדע דעכער; בעטען זיך קוים איין.

ווייל אין דער היים איז שוין נישט אויסצוהאַלטען!

דער באַרג שטיינער וואקסט פון טאָג צו טאָג.

ער שיט זיך אָפּ, און קומט מיט יעדען טאָג נעהנטער צום הויז.

מיט דער צייט האבען די הייליגע שטיינער טיר און פענס־טער פארוואָרפען.

— עס שאדט נישט! — האָט מען געזאָגט.

און מען שטעלט אויף א לייטער און מען קריכט דורכ'ן קוימען.

עס האָט לופט פאַרפעהלט; קיין אומגליק נישט! אז מען עסט וועניג און לעבט וועניג, דארף מען וועניג לופט!

און לעבען איז נישט דאָ פון וואַנען.

נישט דאָ וואו צו זייהען, וואו צו אַקערען — סאַמע שטיינער, סאַמע שטיינער!

— לאָזט כאַטש — בעטען זיך די יונגע — צוזאַמענשאַרען די שטיינער; זאָלען זיי וואקסען אין הימעל אריין, נאָר וועניגער

ארט פארנעמען אויף דער ערד! זאל זיין וואו צו ארבייטען, וואו צו אקערען און זייהען.

— אפיקורסים! — שרייען די אלטע. — איבער אונזערע פגרים וועט איהר צוקומען צו די שטיינער...

---

ר' שלמה פארטראכט זיך א ווייל, נעמט ארויס א שמעק־טאבאק.

מיר, וואס האבען שוין לאנג די בייגעל פארגעסען און האבען ביי דער מעשה דעם אטעם פארהאלטען, עטעמען אפ, און עמיץ פרעגט:

— און פארוואס שווייגט דער, וואס ווייסט פון בריליאנט און מאכט קיין ש ל ו ם נישט צווישען די א ל ט ע און די י ו נ ג ע?

— בא, — ענטפערט ר' שלמה מיט א זיפץ — דאס אומגליק איז טאקע, וואס מיט דער צייט האט מען גאר אינגאנצען אן בריליאנט פארגעסען!

צי איז עמיץ פלוצלונג געשטארבען און קיין צייט נישט גע־האט א צוואה צו לאזען...

צי האט איינער זיין א י י ג ע נ ע ם ט א ט ע ן נישט ג ע ג ל ו י ב ט און זיין אייגען קינד נישט געוואלט געגארען!...

גענוג — דעם בריליאנט האט מען פארגעסען און אלט און יונג שלאגען זיך איבער שטיינער!

---

ר' שלמה האט געענדיגט.

און מיר פרעגען זיך: ווער איז דער בריליאנט?

און מיר ווילען טרעפען:

— דאס פינטעלע איד?...

— „אנכי"?...

— „ואהבת לרעך כמוך"?

נאָר ר׳ שלמה ענטפערט נישט, א געהיימער שמייכעל בלאַנ־
דזשעט איהם אויפ׳ן פנים.

— שקצים! — רופט ער — אהיים, עס גרויט שוין דער
טאָג!

8.

# דער פיער־פאַרביגער לאַמטערען און די פיער קליינע הינטעלעך.

אמאָל איז א פריץ געוועזען.

געהייסען האָט ער, ווי מען האָט איהם א נאָמען געגעבען; זאָל זיין — נמרוד:

„ונמרוד גבור ציד לפני ה׳“, אזוי ווי אין פסוק שטעהט!...
דער פריץ איז א גרויסער יעגער געוועזען. די תבואה האָט ער נאָך אויפ׳ן פעלד פארקויפט, פאר דאָס, דעם וואלד נישט געריהרט! דאָרטען האָבען וועלף, בערען, פוקסען און האָזען געלעבט, און גע־ריבען די האָריגע פעל אָן אלטע, הונדערט־יעהריגע בוימער...

איינמאָל איז ער, ווי געוועהנליך, אויף דער יאגד געגאנגען.

מיטגעגאנגען זענען: ירבעם, נבוכדנצר, המן און אנדערע חינט. איין זרש איז פון די בעסטע הינט אין דער היים געבליבען.

זרש איז דאמאָלט א פרישע קימפעטאָרין געווען; אויף פיער בלינדע הינטעלעך איז די „יולדת“ געזעסען.

און שטיל איז אין פאלאץ געווען. אז נמרוד געהט יאָגען געהען די משרתים און די משרתות אין קרעטשמע אריין טאנצען. און אויף זרש׳ס פנים האָט זיך אויסגעגאָסען א העל־רויטליכע פאַרב פון ליעבשאפט צו די הינטישע גבורים לעתיד לבוא, און אין איהרע אויגען האָבען שוין די שטראַלען פון זייער קינפטינען לויב געבליצט... די ערשטע „כאפער“ וועלען זיי זיין, און „אפּאַרטירען“ וועלען זיי צו דער האנט עהרליך און ג ע ש י ק ט... צווישען די אויסגעשפּאַרטע ציין וועלען זיי, אהן א שאדען, צוטראגען פוקסען און העזלעך... און זייער בילען וועט איבערשרעקען לייבען; עלע־פאנטען וועלען אנטלויפען... און עסען וועלען זיי מיט נמרוד׳ן פון איין טעלער...

און די אויגען איהרע ,ווערען פאר׳ן זיסען נחת שמעלער און שמעלער, ביז די זיידענע ברעמען פאלען צו. און זרש, — עס קומט איהר, דער קימפעטארין! — שלאפט איין.

פלוצים ענדערט זיך דאס בילד:

פאר א זינד, וואס זי איז געווים נישט באגאנגען, פאר א בלבול, וואס נבוכדנצר, איהר אייבינגער שונא, האט אויף איהר געמאכט האט מען זי אין וואלד אריין נישט מיטגענומען... צו־געבונדען האט מען זי פאר דער טיר, ווי א געמיינעם שעפער־הונט.... פון וואלד הערען זיך טראמפייטען... פון וואלד לויפט ארויס א האז. ער שטעלט זיך אין עק וואלד, מיט די פאדערשטע פיס אויפ׳ן פעלד. ער זעהט זי און אנטלויפט נישט... ער קוקט אויף איהר מיט בזיון, ער פארסקיט, ער לאכט! די וואנצעלעך ציטערען פאר לאכען!...

דאס וועט זי נישט דערליידען! א שטריק איבעררייסען איז ביי איהר אזוי פיעל, ווי, להבדיל, ביי שמשון הגבור; זי ציהט זיך איין און בלאזט זיך אן, און גיט א שפרונג —

דער שטריק פלאצט און זי לויפט...

דער שטריק האט געפלאצט אין חלום; אויפגעכאפט, האט זי א שויב אויסגעהאקט און איז ארויסגעשפרונגען אין וואלד אריין!

די קליינע בלינדע הינטלעך האבען דערפיהלט: ערשטענס, קעלט, צווייטענס — הונגער.

אוןביידע קוואלען זענען גרעסער געווארען, אז די זון איז אונטערגענאנגען, און די, מיט מאיאליק אויסגעלעגטע, קיך־דילען האבען זיך שטארק אפגעקיהלט...

און פון וואלד דערהערט זיך אלץ אינאיינעם דער האָרן...

פאר שרעק, פאר הונגער און קעלט זענען אלע פיער הינטלעך פון קויש ארויסגעשפרונגען, צולאפען זיך אומגעלומפערט אויף די אויסגעבויגענע פיס, און בלינדערהייט זיך שוין נישט אויפגעזוכט... יעדערער האט זיך אין זיין ווינקעל איינגעהויקערט...

און פון אלע פיער עקען האבען אלע פיער געפישטשעט פאר שרעק, פאר הונגער, פאר קעלט.

ווער וועט אויף זיי רחמנות האבען אין שטילען לערען הויז?

נמרוד יאָגט אין וואַלד, די דינערשאַפט טאַנצט אין קרעטש־מע, די מוטער האָט זיי פאַרלאָזט און פ א ר ג ע ס ע ן...

---

דאָך איז די וועלט אַזוי איינגעריכטעט, אַז ווען זאַגאַר בלינדע קליינע הינטלעך פּישטשען, פּישטשען זיי נישט אומזיסט...

ווייס־ווייס אין גרין־געמאַלטען עס־צימער, אויפ'ן טיש, אויף אַ שניי־ווייס טישטוך, צווישען קריסטאַלענע עס־ און טרינק־געשיר, אין אַ גאָלדענעם רעהרען־לייכטער, שטעהען ליכט, גרויסע סטעאַרין־ליכט.

זיי הערען און האָבען רחמנות...

פאַר גרוים צער בעלי־חיים, האָט זיך איינס אַזוי דערהיצט, אַז עס האָט זיך פון זיך אַליין, אָהן אַ פונק פרעמד פייער, אָנגע־צונדען און צופלאַקערט!

און דאָס צופלאַמטע ליכט זאָגט:

— ברידער, איהר וואַרט דאָ אויף נמרוד'ן!... לייכט איהם ביי דער מאָלצייט, מאַכט איהם פרעהליך דאָס האַרץ... איך געה צו די אָרעמע הינטלעך.

— וואָס רעדסט דו, אַזוי נידעריג אַראָפּ ווילסט דו?

— מיין מזל איז שוין אַזוי. און זיי זענען אַזוי אָרעם, אַזוי אָרעם; פון דער אייגענער מוטער פאַרלאָזט...

— מיט וואָס וועסט דו זיי דינען? וועסט זיי אָנזויגען?

— איך האָב נישט איהרע בריסט, — ענטפערט עס טרויעריג.

— וועסט זיי אָנוואַרעמען?

— איך האָב נישט איהר האָריגע פעל.

— וואָס דען?

— איך וועל זיי ל י י כ ט ע ן!...

— זיי זענען בלינד!

— ביי מיר וועלען זיי געשווינדער די אויגען עפענען!

— וואָס טויג זיי ליכט? וואַרעמקייט דאַרפען זיי, מילך...

— זאָל יעדערער טון, וואָס ער קאָן... איך האָב ליכט, וועל איך געבען... זיי וועלען די אויגען עפענען און זוכען די רעשט און געפינען אַליין...

— געה! — לאכען יענע, נישט אנגעצונדענע, צוריק אפגע־קיהלטע ליכט... וועסט נארנישט מאכען, ניין!

— פארוואס?

— פאר דעם... זיי וועלען, נישט דיין ליכט מיט די בלינדע אויגען, נאר דיין חלב מיט די אפענע נעז דערשפירען. אויפפרעסען וועלען זיי דיך!

דאס בארמהארציג־דערפלאמטע ליכט דערשרעקט זיך.

אבער א ווארט — א מאן! דער גורל איז געפאלען!

עס גארטעלט זיך אונטער, רייסט זיך אויס פון ענגען לייכ־טער, אטעמט פרייער אפ, רוקט זיך פון טיש אויפ'ן דיוואן איבער די דילען, און רוקט זיך ווייטער און ווייטער, און הערט אלץ שאר־פער און שארפער דאס רחמנות־בעטענדיגע קליין־הינטישע געוויין און געהט אלץ שנעלער און שנעלער.

נאר אויפ'ן וועג האט עס א גלעזערען הייזעל דערזעהן... א לאמטערען מיט פיער פארשידענפארביגע שויבען! דאס הארץ האט אין איהם א ציטער געטאן פאר פרייד! דאס וועט זיין זיין פאנ־צער, זיין רעטונג, פאר הונגעריגע מיילער! און פאר די שוואַ־כע אויגען וועט בעסער זיין דאס פארביגע, איידעלע ליכט, נישט ווייס מיט אמאל — וויים קאן שאדען...

און ער געהט אריין אין לאמטערען און געהט ווייטער אין זיין שליחות, אבער שוין לאנגזאמער...

---

קיין זאך קאן נישט בעשטעהן דעם שטארקען ווילען. וויל. און די גאנצע וועלט ווארפט זיך צו דיינע פיס! ביי די הינטלעך האבען זיך די אויגען געעפענט, זיי האבען ליכט דערזעהן, נאר יעדעס אין זיין ווינקעלע, דורך אן אנדער גלאז...

— בורא מאורי האש! — האבען אלע געבענשט מיט אמאל, אבער באלד האט זיך דער אונטערשיד באוויזען:

— ליכט איז געל! — רופט א הינטעל פון זיין ווינקעל ארויס מיט פרייד.

— נאר! — רופט א צווייטס פון צווייטען ווינקעל — ליכט איז גרין!

און א דריטס:

— איהר האט נאך ביידע די אויגען רעכט נישט געעפענט! איך זעה! ליכט, זאג איך אייך, איז בלוי! באשיינפערליך בלוי!

און דאס פיערטע שרייט:

— אויב דו האסט די אויגען אפען און דו זאגסט, אז ליכט איז בלוי, ביסט דו א ליגנער! ליכט איז — רויט!

ווערט א וכוח!

שפארט מען זיך הינטיש־היציג: —

— איך שווער, אז ליכט איז געל!

— ביי מיין לעבען — ליכט איז בלוי!

— ביי דער מאמען — ליכט איז רויט!

— ביי גאט אין הימעל — ליכט איז גרין!

שרייט איינס:

— פעלשער אדער בלינדע! קומט נעהנטער!

ווערט א געשריי:

— נעהנטער, נעהנטער!

און אלע פיער שפרינגען אין דער מיט אריין...

אבער שוין נישט צום לאמטערען, נישט צום ליכט...

די אויגען זענען שוין פון האס פארגאסען, די הינטישע הערצלעך זידען פון גרימצארן...

איינס צום צווייטען שפרינגט צו, אלע גרייט זייער רעכט צו באווייזען. יעדעס מיט'ן פיסקעל אין יענעמס פעל אריין! מיט די ציין אין יענעמס פלייש די ווארהייט צו באשטעטיגען, צו באפעסטיגען...

ליגנער מוזען פארטיליגט ווערען, ליגנער האבען קיין רעכט אויף לעבען; דער פארפיהרער, און ווען עס איז מיין אייגענער ברודער, מוז שטארבען...

און עס פלאמט אויף דער גערעכטער צארן...

און פון די צונויף־געשפרונגענע, נאר־וואס זעהעווודיג געווארענע הינטלעך ווערט א קנויל, וואס ווארפט זיך און צאפעלט צוזאמען אין שטרייט פאר דער ווארהייט...

יעדעס איז גרייט פאר'ן אמת צו טויטען און — געטויט צו ווערען...

האַרפּט די פאַרצאַפּעלטע קנויל דעם לאַמטערען אום; פאַר־לאַשען געוואָרען דאָס ליכט, און נאָך מעהר האָט זיך צופלאַקערט דער קריג וועגען ליכט אין דער — פינסטער...

און אַז זרח איז, פאַרסאַפּעט און מיט שוויים באַגאָסען, צו־ריק אַרויס פון וואַלד, האָט זי אויף דער שוועל פון פּאַלאַץ דער־זעהן איינעם פון איהרע שפּעטערע גבורים ליגען צוביסען און צו־בלוטיגט...

זי לויפט צו.

— וואָס איז מיט דיר? גאָט! וואָס איז געשעהען, וואו זענען דיינע ברידער?

— איך האָב קיין ברידער נישט — ענטפערט דער האַלב־טויטער, — ליגנער זענען זיי, פאַלש געשוואוירען האָבען זיי! איינער שווערט, אַז ליכט איז געל, דער צווייטער, אַז ליכט איז גרין, דער דריטער — רויט. און איך האָב אַליין געזעהן, אַז ליכט איז בלוי, איינפאַך בלוי! זיי ליגען דאָרט, די ליגנער, די ליכט־לייקענער! אויך צוביסען...

---

און געענדיגט האָט ר' שלמה:

— „וַיְהִי אוֹר"! — האָט גאָט געזאָגט, — פאַרביגע לאַמטערען האָבען נאַרישע מענשען געמאַכט.

---

דאַרף איך אייך זאָגען, אַז מיט דעם מעשה'לע האָט זיך גע־ענדיגט אַ וכוח, ווי אַזוי מען דאַרף רעדען צום פאָלק, שרייבען פאַר'ן פאָלק?

4.

# די היטערין פון הייליגען פייער אין טעמפעל.

דער מענש פון דער אנטיקער וועלט האט וועגען פייער אזוי געטראכט:

„פייער גיט ווארעמקייט, פארטרייבט די קעלט; קעלט איז טויט, ווארעמקייט איז לעבען — דער קוואל פון לעבען איז פ י י ע ר."

„פייער פארטרייבט די ווילדע חיה פון וואלד, פייער איז גוט."

„פייער איז די מוטער פון ליכט. ליכט פאריאגט די שאטען פון דער נאכט... פייער איז ו ו א ו י ל."

„און ריין איז פייער און רייניגט אלץ — א ר י י נ י נ ג־ק י י ט, א ה י י ל י ג ק י י ט איז פייער..."

„זון, לבנה און שטערען — אלץ, וואס לייכט, — וואוינט אין הימעל; פון דארט האט געמוזט א גאט דעם מענש דאס פייער ברענגען; אויס ב א ר מ ה ע ר צ י ג ק י י ט. ווי וואלט אויס־געזעהן א מ ע נ ש אהן פייער?"

אזוי האט אונזער עלטער־עלטער־עלטער־זיידע וועגען פייער געטראכט; און אין זיין טעמפעל ר י י ן און ה י י ל י ג דאס פ י י ע ר געהאלטען און ג ע ה י ט. —

און צום היטען דאס פייער איז געוועהלט געווארען די י ו נ ג־פ ר ו י; דאס ריינסטע, דאס שענסטע, דאס הייליגסטע און ריין־שטראלענדיגע...

האט די אויסדערוועהלטע יונג־פרוי דאס פייער אין טעמפעל, ווי אן אויג אין קאפ געהיט. איהר לעבען דעם העכסטען און הייליגסטען (אדער דעם סימבאל פון העכסטען און הייליגסטען) גע־אפפערט... איהר הארץ און איהר ריין־יונגפערליך־געפיהל דעם פייער איבערגעגעבען; מיט שמעקענדיגע קרייטעכצער געגעהרט, מיט'ן

ריינסטען מענשען־אָטעם אונטערגעפאַכט, און ריין, און לעבענדיג געהאַלטען...

האָט זיך אָבער געטראָפען, און די פייער־היטערין האָט א רגע אָן הייליגען פייער פאַרגעסען; האָט זיך פון אַלטאַר אָפּגע־ווענדט, פון טעמפּעל אַרויס — און דאָס פאַרלאָזטע פייער איז אויסגעגאַנגען —

דאַן — וועה איהר:

לעבעדיגערהייט האָט מען זי אין אַ גרוב אַריינגעוואָרפען און פאַרשיט...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

אין אַמאָל באַלעגערט געוואָרען אַ גריכישע שטאָדט.

אויף טויט און לעבען האָט אויפגעפלאַמט די שלאַכט צווישען באַלעגערער און באַלעגערטע.

און צו קיין זיג איז נישט געקומען.

פעסטע מויערען רינגלען אַרום די שטאָדט; ריזיגע טאַראַנען שלאָגען אין די מויערען.

העלדען שטורעמען די טויערען; נישט ווינציגערע באַשיצען זיי.

דיזעלבע צאָהל באַפאַלט; דיזעלבע — פאַרטיידיגט.

די צאָהל פון די פיילען, וואָס פליהען פון די מויערען אַראָפּ, און די צאָהל פון פיילען, וואָס פליהען צו די באַשיצער אַרויף — איז גלייך.

און — זעלטען איינע זאָל נישט טרעפען!

און די צאָהל פון די טויטע, וואָס פאַלען אונטען, פאַר די פיס פון די באַלעגערער, און די צאָהל פון די טויטע, וואָס קאָלערען זיך פון די מויערען אַראָפּ אין שטאָדט אַריין איז — דיזעלבע.

וואַרט אומזיסט די פייער־היטערין, קניענדיג ביים אַלטאַר, אין הייליגען פייער אַריין מיט שרעקיגע אויגען פאַרקוקט, פון דרוי־סען אויף אַ צייכען פון זיג.

איהר אויער פאַרנעמט קיין איינציגען פרייד־געשריי, קיין פאַנפאַרען־רוף: מען הערט נישט קיין טריט פון זיגער צום טעמ־פעל...

ציטערט איהר ריין יונגפערליך האַרץ:

איהר פאַטער־שטאָדט איז נאָך אלץ אין געפאהר; און צוזאַ־מען מיט דער שטאָדט דער טעמפעל דער הייליגער, און דער אַל־טאַר מיט'ן הייליגען פייער...

און א שרעקליכער פארלאנג באפאלט זי:

זי מוז פון טעמפעל ארויס און זעהן; איין סעקונדע זעהן די שלאכט...

און זי קאָן דעם פארלאנג נישט גובר זיין און איז ארויס פון טעמפעל.

און באלד האָט זיך איהר צו די פיס, פון די מויערען, א טויטער קערפער אראָפּגעקאַלערט... א העלד האָט אין דער רייהע פון די פארטיידיגער פארפעהלט, גרעסער איז געוואָרען די געפאהר...

רייסט זי פּלוצלינג דעם פּיילענבויגען פון דער טויטער האַנט ארויס. שנעל, ווי דער בליץ, שפּרינגט זי ארויף אויף דער מויער; ציהט אָן מיט פארצווייפעלטער קראפט די סטרונע; צילט, לאָזט אָפּ און טרעפט — דעם גרעסטען העלד צווישען די באלעגערער...

און די וואָג פון מזל האָט א ציטער געטאָן: איבערגעוואויגען האָט די שאָל פון איהר פאָטער־שטאָדט!

אָפּגעשטויסען און צוטריבען איז דער באלעגערער; באפרייט די שטאָדט, געראַטעט דער הייליגער טעמפּעל — —

מיט פריידע־געשריי און לויב־געזאַנג, מיט צואָוועהטע פאָנען, רוישענדיגע פלייטען־ און פאנפארען־מוזיק, איילען די זיגער צום טעמפעל, — ז י י ע ר גאָט, דעם גאָט פון זייער שטאָדט צו דאַנ־קען און —

בלייבען פארשטיינערט...

פינסטער איז אין טעמפּעל!

אין מאָמענט פון זיג האָט זיך דאָס פייער פארלאָשען...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

פיהרט מען די פייער־היטעריון, וואָס האָט דעם זיג געגעבען, מיט געזאַנג און קלאַנג, מיט ליעדער פון לויב און דאַנק, אונטער הייליגע פאָנען, פון טעמפּעל ארויס...

פיהרט מען זי אין גאָלד און זילבער באקליידט און איינגע־הילט, איבער'ן וועג מיט בלומען געשטרויט, פון דער געראַטעטער שטאָדט אויפ'ן פרייען פעלד ארויס צו דער גרוב...

שטעלט מען זי אַפּ ביים ראַנד פון גרוב און מען קרוינט איהר דעם זיגער־קאָפּ מיט א לאָרבער־קראַנץ...

לאָזען זיך די נאָהנטסטע צו טעמפּעל און גאָט, און די עלטס־טע פאָטערס פון שטאָדט פאַר איהר אויף די קני אראָפּ, רינגלען זי, קניענדיג, ארום, און קושען, קניענדיג, די זוימען פון איהר מאַנ־טעל און קלייד.

שטויסען די פּאַנפאַרען דעם לעצטען פרייד־ און דאַנק־גע־שריי ארויס און פארשטומען...

שטויסט מען זי אין דער טיפער גרויסער שטילקייט אין גרוב אריין...

ווערט פארשיט די גרוב...

---

אַזוי האָבען צוויי טיפע, שווארצע אויגען פון א בלאַסען גע־זיכט ארויס דערצעהלט; און איך האָב עס אייך איבערדערצעהלט.

5.

# אין דול־הויז.

אין דול־הויז איז עס געווען.

אז מען האט די נישט געפעהרליכע משוגעים צוזאמענגע־פיהרט אין איין סאלאן אריין צום אפרוהען, האבען זיך די מעלאנ־כאליקער צוזעצט אויף די בענק און אנגעהויבען שאקלען מיט די קעפ אויף פארשידענע ארטען.

איינער שאקעלט אויף אלעם: יא, יא! דער צווייטער: ניין, ניין, געווים נישט! דער דריטער שאקעלט אהין און אהער, עס קאן זיין „יא“, עס קאן זיין „ניין“ און אפשרביידע צוזאמען... ווער ווייסט?

דריי נאר זעצען זיך נישט.

משיח, דער מלאך גבריאל און דער כביכול אליין...

משיח טאר זיך נישט זעצען, ער מוז געהן צו די טויערען פון רוים... אי עס האט זיך געמאכט אן אינטריגע און מען לאזט איהם נישט ארויס, נישט זיין דאגה, ער טוט זיינס און געהט... דעם דריטען נאפאלעאנס חכמה׳לעך קען ער!

דער מלאך גבריאל קאן נישט זיצען, די גרויסע פליגלען טראַ־גען איהם אין דער הויך, מוז ער פליהען אויף און אפ...

דער כביכול, נעבעך, וואלט זיך יא געזעצט, ער חלש׳ט זיך זעצען, די פיס זענען איהם געשוואלען פון אויף און אפ געהן, לאזט מען אבער איהם אין זיין כסא הכבוד נישט אריין! פאר יעדען בייל אין פוס וועט זיין א פאס ברענענדיגע סמאלע, נאר דערווייל מוז ער ליידען!

און אלע דריי שפאצירען, נאר נישט צוזאמען, ווייל איינער גלויבט נישט אין צווייטען, כאטש זיי אלע קומען ארויס פון איין בית המדרש און פון די געדאנקען געקומען איבער איין „מורה נבוכים“...

נאר אלע דריי לייקענען. משיח וועט ראטעווען די וועלט. ווי עס איז, אהן מלאך גבריאל׳ס גרויסע פליגעל, אהן כביכול׳ס נסים... גבריאל ווייס, אז ווען מען עפענט איהם נאר אויף די תפיסה, הויבט ער אויף די גאנצע וועלט אויף זיינע גרויסע, שטאר־קע פליגעל און פליהט מיט איהר הויך, הויך, וואו עס וואקסען קיין קנאה, שנאה, קיין דורשט און קיין הונגער... און דער כביכול וויל מיטביידע שארלאטאנען נישט רעדען... איבערהויפט רעדט ער ווייניג... ער ווייס, אז ער האט די וועלט פארפושט. אז ער וואלט פון איהר אשפה געמאכט, ווען נישט, וואס ער האט געשוואוירען זי אויפצוהאלטען...

ווען ער האט געשוואוירען און ביי וועמען געדענקט ער נישט, נאר אז מען לערענט אזוי אין חדר איז אודאי אמת... שווייגט ער... נאר לאז ער זיך נאר זעצען אויף זיין כסא הכבוד, זאל ער נאר נעמען די לייצען אין האנט אריין...

און זיי געהען אויף און אפ... משיח פון מזרח קיין מעריב, גבריאל פון מערב קיין מזרח און דער כביכול צווישען צפון און דרום.

און די מעלאנכאליקער ארום זיצען און שאקלען מיט די קעפ. ניין, יא, יא און ניין צוזאמען און ווייסען אפילו נישט ווער עס שפרייזט ארום צווישען זיי.

איינמאל איז דאך געשעהען, אז אלע דריי האבען מיטאמאל אינמיטען וועג, אינמיטען שטוב זיך געטראפען און אפגעשלאגען די נעז...

עס האט א הילך געטאן... אלע דריי זענען א רגע שטעהן גע־בליבען, פארבליפט, דערצערענט, אויסער זיך!

און די מעלאנכאליקער האבען עס אפילו באמערקט, מאנכע האבען אויפגעהויבען די קעפ, אין טייל אויגען האט זיך באוויזען א שיין, א מין פליאה... טייל האבען אפילו די מיילער געעפענט, גלייך ווי זיי האבען עפעס צו פרעגען...

נאר, ווי געזאגט, עס האט געדויערט א סעקונדע...

די דריי נאר גרויסע האבען אוועקגעמאכט מיט די הענט: כדי זיך מיט זיי צו שטעלען! און צוגאנגען יעדער זיין וועג.

די מעלאנכאליקער האבען צוריק פארמאכט די מיילער, דער פונק אין די אויגען איז צוריק פארלאשען, זיי שאקלען ווייטער מיט די קעפּ, טייל אויף „יא“, טייל אויף „ניין“ און מאנכע אויף יא און ניין צוזאמען...

## 6.

# די בילדהויער.

עס זענען אמאל צוויי בילדהויער געוועזען...

און מיר זעצען זיך איבער: רעזשעזביארזשעס, סקולפטארען, שטיין־שניצער...

אוןביידע זענען גרויסע מייסטער, גרויסע קינסטלער געוועזען. ביידע האבען שוין געהאט אזא כשוף אין די פינגער; פון אונטער דעם האמער לעבט אויף דער מארמאר, און ער הערט, זעהט און רעדט!

נאר אין כאראקטער זענען זיי פארשידען געוועזען; צוויי אייגענארטיגע נאטורען.

איינער איז געווען א טיפע, ערנסטע און א וואונדערליך־טרויעריגע נאטור... דאס לעבען האט ער נישט פיינט געהאט, ער האט זיך נישט איבערגעלעבט, און דאך וויים ער, אז אונטען אין יעדען בעכער ווייז ליגט א טראפען גאל; אז נאך יעדער אויסגעלאסענער פרייד געהט קאצעניאמער... אז דאס לעבען איז קיין וואלץ צום אפטאנצען, קיין ליעד צום אפזינגען, נאר א טיפע, טיפע רעטעניש, א זיסער טיפער וועהטאג...

דער צווייטער איז, פארקעהרט, א נאטור־קינד! א לעבּ־קינד! די רויטסטע עפעל, די שענסטע בלומען, די ברענענדיגע זון, ברענענדיגע ווייבער־אויגען!

— „ווייז, ווייבער און געזאנג“ איז זיין ערשט — „בראקאט, גאלד און פלאמען“ דאס צווייטע ווארט...

און בשעת דער ערשטער האט אינ'ם שטיין אידעען פארכשופ'ט; בשעת ווען ער האט געמייסטערט העלדען, וואס שליידערען נאט און דער וועלט, פעלקער און קעניגען דאס שארפסטע ווארט־און־פנים אריין; מאנארכען, וואס שליידערען פלוצלונג, ווי פון א דבוק באפאלען, די שווערד פון דער זייט אוועק, און ווארפען זיך אויף די קני פאר'ן אפענעם הימעל און זינגען און שפי־

לען גאטס לויב; היילינע, וואס מאכען קראנקע געזונט מיט'ן גלויבען; פראפעטען, וואס שפאלטען שטיינער און קוואלען וואסער שפריצען, וואס פיהרען פעלקער איבער מדבריות און ימים — צום פרייען לאנד — —

מאכט דער צווייטער, שפילענדיג, געטער און מענשען מיט יצר־הרע־פלאמען אין די אויגען, שוימענדיגע בעכער וויין אין הענט, און שעהנהייטען, וואס שפרינגען ארויס נאקעט פון שוים פון ים.

דער צווייטער בילדהויער פארשטעהט די וועלט, און די וועלט איז איהם דאנקבאר; ער מאכט דאס לעבען הייסער, דאס בלוט קאכעדיגער, דעם גענוס שטארקער...

מען זעצט איהם, אויס דאנקבארקייט, א בריליאנטענע נאדעל אין קראוואט אריין, מען שפרייט איהם לעבעדיגע בלומען אונטער די פיס, מען שטאפט איהם אן דעם מאגען מיט אלעם גוטען און די טאשען — מיט גאלד, און אז ער באווייזט זיך, רייסט מען זיך אויס דעם האלז שרייענדיג:

— לעבען זאל דער קינסטלער!

דעם ערשטען פארשטעהען נאר יחידי סגולה...

ביי זיין ארבייט שטעלט זיך זעלטען עמיץ אפ...

נאר פאר דאס, ווער עס טוט עס, דער געהט שוין אוועק שטיל־שווייגענדיג, טיפער און ערנסטער, ווי פריהער... איינער זיפצט, א צווייטען באווייזט זיך א טרער אין אויג...

און פאר דעם זיפץ, פאר דער טרער, איז דער רייכער בילד־הויער דעם ארעמאן מקנא...

ער וויל, ער מוז זיך נוקם זיין!

איין קינסטלער, איין בילדהויער, איין וועלט־הערשער מוז ער בלייבען!

---

און איינמאל האט דער רייכער בילדהויער פארזאמעלט הונ־דערטער פון זיינע שילער און איז דעם ארעמאן באפאלען...

מען האט צושטערט זיין אטעליע, די שענסטע און בעסטע ארבייט צובראכען, איהם אליין האט מען געבונדען און אין רייכענס ווערקשטעל אריינגעפיהרט!

— ד א  וועסט דו ארבייטען, אונטער  מ י י ן  אויג, לויט מ י י נ ע  פּלענער, לויט  מ י י ן  באפעהל!

און עס איז אזוי געשעהען!

און מיט דער צייט איז פון גרויסען בילדהויער א נאכמאכער, א  נ א כ מ א כ ע ר  געווארען, אונטער א  פ ר ע מ ד ע ן  נאָמען, פון א  פ ר ע מ ד ע ר  ווערקשטעל און לויט פרעמדע מוסטערען געהט ארוים זיין ארבייט אויף דער וועלט...

נאקעטע שעהנהייטען, פלאמענדיגע וויינטרויבען, שוימענדיגע בעכער... שכור'ע מענשען און געטער...

מאנכע דערקענען נאך זיין האנט אַן דעם פיין־ביטערען שמייכעל, וואס באהאלט זיך דאך אין א ווינקעל פון די געטער־ און מענשען־ליפּען... פון לייכטען חוזק, וואס שוועבט דאך, קוים צו דערקענען, אונטער דער מאסקע פון אויסגעלאסענעם לעבען... אבער נאר מאנכע...

פון דער  א ל ט ע ר  ארבייט זענען עטליכע מאָנומענטען געבליבען; זיי אבער האט מען פארגעסען...

די וועלט מיינט:

— דער אלטער מייסטער איז — געשטארבען!

## 7.

# אפען.

ערגעץ וואו, אין אפריקא צי אמעריקא, אבער דאס איז גע־
ווים — אין א טראפּישען וואלד האבען נייגיריגע אפען געוואוינט.

אפען, וואס האבען שטודירט, נאטירליך — אויסענוועניג;
קיין ליטעראטור איז נישט געווען. פאר דאס פלעגט מען פיעל,
זעהר פיעל רעדען. די זון איז שוין לאנג אונטערגעגאנגען, און דער
„עולם" צוזעצט זיך אויף די בוימער אין רעדלעך און מען רעדט
און קנאקט ניס, קנאקט ניס און רעדט און דורכאוים איבער זעהר
הויכע, טיפע און ברייטע פילאזאפישע פראגען.

איינער שטעלט א פראגע, דער צווייטער ענטפערט, א דריי־
טער פאלט אריין אין די רייד. דער פארזיצענדער קלינגט — איך
מיין: קלאפט מיט'ן ווידעל אן א טרוקענעם צווייג, — עס נעמט
זיי קיין שלאף נישט, און מען זיצט אזוי לאנג, ביז די זאך ווערט
ווידקליך און איננאנצען קלאר, דאמאלט נעמט מען א קוויטעל און
מען קלעפּט אויף אויף דער זאך, און מען שרייבט אויף אויפ'ן
קוויטעל: אזוי און אזוי הייסט די זאך, דאס און דאס איז זי, און
דערגלייבען און פון די קוויטלעך וועט אמאל ווערען א ליטערא־
טור... איך ווענינסטענס, צווייפעל נישט דערינען.

איינמאל האט איינ אף נעשטעלט די פראגע:

— וואס איז אזוינס א מענש?

דער „עולם" ווערט פארבליפט! עס האט זיך זיי נעדאכט, אז
מען האט זיי אומגעריכט און מיט אמאל אין א פינסטערען אפגרונט
אריינגעווארפען...

דא איז שוין א פינסטערניש, דא וועט מען שוין הענט און
פיס צוברעכען...

און עס ווערט אן אומרוהיג געקלעטעריי און געשפרינגעריי
אויף און איבער די צווייגען, מען הענגט זיך אויף די עקען מיט'ן
קאפ אראפ, שפרינגט אויף צוריק מיט אפענע מיילער, פון וועלכע

עס קומט דאך קיין רעכט ווארט נישט ארויס. אז מען האט קיין מענשען נישט געזעהן!

און אז עס ווערט שפעט, זעהר שפעט, די שטערען הויבען זיך אן צו בלייכען און די ווייבער רופען אין נעסט אריין ארויס־שטעלענדיג פיס און נעגעל — קלינגט דער פּארזיצענדער מיט'ן עק און דערקלערט:

די פראגע ווערט אפּגעלעגט, ב י ז עס וועט אנטלויפען אן אף פון א טיר־גארטען אין פאריז, בערלין, וויען צי ניו־יארק און וועט זאגען...

און זיין ליעבער נאמען האט געהאלפען: אן אנטלאפענער האט זיך באוויזען.

זאג, ברודער, וואס איז אזוינס מענש?

בלאזט ער זיך אן:

מענשען קען ער, פיעל; זעהר פיעל מענשען געזעהן!

נישט אלע טראגען ביקסען און שיסען אין וועלדער, ווי מען זאגט אין וואלד. נישט אלע אפילו זענען מחדש די לבנה און גי־בען זיך דערביי „שלום עליכם". פארשידען: טייל האבען פיעל ווייבער, טייל שטארבען אין לייבצודעקלעך — אבער נישט ד א ס באצייכענט, נישט י ע נ ע ס!

מען קאן זיך זאגאר פיהלען אלס מענש און קיין מענש נישט זיין... אז מען האט נישט אלע אטריבוטען, וואס מען דארף, איז שלעכט!

דאס איז אבער פעסטגעשטעלט: אז אזוינער, וואס געהט אויף צוויי פיס (דאס איז אבער דאס מינדסטע) און טראגט ווינ־טער א שאפּען־פעלץ (דאס איז שוין עפּעס!) און זומער—ציסר־ציא, און וואוינט שעהן, און עסט גוט, און טרינקט נאך בעסער, אהא! שאמפאניער הייסט דאס געטראנק! אזוינעם רופט מען: מענש! מען זאגט: ער איז א מענש! בפרט, אז מען האט דינער, קאטש און פערד...

— א! — ווערט א פריידיג געברום פון אלע זייטען.

דער אנטלאפענער אף גיט צו:

און א באוויז: האט נוער נישט צו פרעסען, זיין חרפה צו פארדעקען און וואו דעם קאפ אנידערצולעגען, קומט דער פאלי־ציי־מאן,ווארפט איהם אין פנים אריין: אוממענש! כאפּט איהם

ביים קראנגען און פיהרט איהם ערגעץ אוועק... ער דארף צווישען מענשען זיך נישט ווייזען... אזוינעם באהאלט מען ערגעץ, ווי גענז, אין א שטייג...

און נאך אמאל—א!

דערנאך האט מען די פראגע געשטעלט: וואס איז אזוינס נאציאן? האט זיך אבער אויסגעוויזען, אז ערשטענס, איז צו שפעט, צווייטענס, די קעפ שוין צופיעל צושרויפט, און דריטענס, אז יע־דערער קאן זיך דערויף ענטפערען, געשטיצט אויף דער געגעבענער באצייכנונג פון „מענש“ —

8.

## פערד, קיה און קעלבער.

עס איז געווען ביי א קצב אין הויף.

ווי אזוי דער קצב הייסט איז קיין אונטערשיד, זאל זיין קר בערמאן, זאל זיין פיקעלהויב — אלע האבען א הויף, און אויף יעדען הויף איז דא אן אבארע מיט בהמות צו דער שחיטה, און א שטאל מיט א פאר פערד, אויב נישט מעהר צום אפפיהרען דאס פלייש...

ביי אונזער קצב אויפ'ן הויף איז אן אלט פאר פערד געווען, אן „ער" און א „זי".

„פאר פאלק" איז אייגענטליך נישט ריכטיג, זיי זענען שוין לאנג קיין פאר פאלק נישט!

שוין א צייט, זייט זיין יצר הרע איז געקומען אויף ציגיינער־שע הענט, און זי וואלט ביי לייטען א זאגערין, א מיקערין געווען. פרעמדע חטאים געזוכט, אייגענע צו פארגעסען.

נאר מיוחסים זענען זיי ביידע.

אין סאביעסקים צייטען איז זיין זיידע אונטער וויען געווען און פון דאמאלט אן איז איהם אביסעל דייטש געבליבען אין דער זיפשאפט...

זי האט אפילו א שטיקעל פסול אין דער משפחה... ווען די גרויסע אנגארעם האבען אין קיעוו געהוליעט, האט איהר באבען, לא עליכם, א מכשול געטראפען, נאר—כיון שלקה—אפגעשמיסען און צוריק יחוס געבליבען!

און זיי האלטען זיך טריי און עהרליך צוזאמען! איין פאר־זילבערט געשפאן, איין דישעל — ער אין דער רעכטער, זי אין דער לינקער זייט.

דאס ביטערע פערדישע לעבען פון אסך ארבייט און ווייניג האבער פארזיסט מען זיך מיט גוט־פריינטשאפט, מיט קאמפלי־מענטען פאר חבר'קייט און מיט אלטע זכרונות פון די אמאליגע

גאלדענע צייטען, גוט מען האָט אין צירק געטאַנצט, אויף מושטיר פלאַץ גאַלאָפּירט און גאַנץ אַפּט אַפּילו פּולווער געשמעקט...

דערביי קראַצט מען זיך פּאָר גרוים ליעבשאַפט געגענזייטיג אונטער די אויערען און מען פאַרגעסט, כאַטש אויף אַ ווײַלע, דאָס אייזען אין מויל, די שטריק אויף די געראַנירטע זייטען, דעם דײַשעל אין דער מיט און די קאָנקעגדיגע בייטש פון דער הויך...

טיילמאָל פאַרגעסט זיך דאָס פּאָר פּאַלק, געדענקט נישט, וואו עס האַלט און הויבט אָן הינטער־טאַנץ... נאָר עס איז לאַנג נישט געפעהרליך. עס איז געגוג שוין אַ פייף, זיי זאָלען זיך דערמאַנען, אַראָפּלאָזען צוריק די קעפּ און ווייטער רוהיג און געלאַסען מעסטען די בלאָטע...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דאָס פּאָר פּאַלק איז ביים ברונען.

זי ליגט אויסגעצויגען ביי דער קאַרעטע און אַרבייט מיט די זייטען; ער שטעהט איבער איהר פערטראַכט אויף פיער ציטער־דיגע פיס... וואַסער שנירלעך הענגען זיי נאָך ביידע אַראָפּ פון די ביידרים און שפּיגלען אָפּ די לעצטע הייסע שטראַלען פון דער אונ־טערגעהענדער זון...

דער גאַנצער הויף שטעהט אין גאָלד!

— אַ שעהנער אָוועגט, — מאַכט ער מיט אַ ווייכער שטימע.

זי ענטפערט נישט, זי הערט זיך צו צום יאָמערליכען קול, וואָס רייסט זיך אַרוים פון דער אַבאָרע.

— הערסט? — מאַכט זי צו איהם מיט אַ ציטער.

— וואָס?

— ראַרט געזעגענט זיך אַ קאַלב מיט׳דער מוטער אויף אייביג.

— נו?

— מען וועט ווייטער קוילען?

— קעלבער... קיה... — ענטפערט ער געלאַסען.

— און אונז?

דאָס בלוט פון אונטער וויען איז אויפגעזאַטען:

— אונז טאָר מען נישט!

עס יאָגט איהם דורך, ווי אַ בליץ; נאָר געשווינד קומט ער צו זיך און באַרוהיגט זיך אויך.

— נאריש קינד, — מאכט ער — פערד זענען דאך קיין בהמות נישט! מיר זענען דאך מיוחסים! ווי לאנג איז, אז אונזער זיידע בוצעפאל איז מיניסטער געווען! און ער היום זענען דאך אלע גרעסטע חיות אונזערע נאהענטסטע קרובים! מען וועט עס נישט דערלאזען!

— און זיי?

— וואס פאר א פארגלייך? — מיר זענען דאך ניצליך, אונז דארף מען דאך, מען וועט דאך צו קיין הארמאטען קיין אקסען נישט שפאנען, מען וועט דאך קיין קעלבער אין צירק נישט ארייגלאזען... און אהן קריג, און בפרט אהן א צירק קאן קיין איינציגער שטאט נישט באשטעהן!

— נאר זיי, פארוואס זיי?

— קוילען — שרייט ער — מוז מען דאך! אויסער דעם — גיט ער שוין צו געלאסען — זענען זיי מעהר נישט ווערט! לאזען זיי אויף זיך רייטען? טאנצען זיי אונטער די שפארען? טויגען זיי אין קריג?... און וואס פאר א שווער, פויל לעבען ער פיהרט! אהן א פונק פון העלדענמוט, אהן א קאפ פון ראמאנטיק; קיין איינציגער אקס שטעלט זיך ביי קיה־וואסער נישט אפ, ער שמעקט נישט דערצו...

— א! — מאכט די דאמע האלב איבערדרייבערם.

— און וואס פאר א לשון דאס האט! בע! מע!

— פוי! — מאכט די דאמע.

— און אפיקורסים זענען זיי.

— וואס? — שפרינגט די דאמע אויף אלע פיער.

— זיי זאגען, אז דער גאנצער הימעל איז פארנומען מיט אבאר־רעס, אז אויף קיין איינציגען שטערען איז קיין פערד־שטראל נישט פאראנען.

— אזוי, — מאכט די דאמע אין איין כעס — אזוי...

און אין דערזעלבער סעקונדע, אז מען האט דורכגעפיהרט א קעלבעל צו דער שחיטה, האט זי איהם דערלאנגט מיט דער פאר־קאווע אין דער זייט...

# דער אויסלענדישער פויגעל.

אין'א זומפ, אויף א פארגעלמען מאך, איז אמאל א שטיין געלעגען.

דאכט זיך ס'א שטיין, ווי אלע שטיינער.

נישט זיין זארג, ווי דער הימעל זעהט אוים, וואס גיאלט און טייך, זיינע נאהנטע שכנים, טוען.

זאל דער־הימעל אראפקוקען אויף דער זינדינער ערד מיט טויזענטער לייטזעליג־בארמהארציגע אויגען; זאל ער, ברוגז, פארשטעלען זיך פאר איהר מיט וואלקען־ און נעבעל־שלייער, אדער אין גרימצארן זי שרעקען מיט דונער און בליץ! — —

זאל דער וואלד זיין מיט ליעבע און געזאנג, אדער מיט געשרייען און כארכלען; אדער שטעהן וויסט און אפגעשטארבען, איינגעהילט אין ווייסע תכריכים — — —

זאל דער טייך ריזלען קריסטאלען־קלאר, האבען זיין איינגענעם הימעל און שטערען אין שוים, אדער רינצלען זיך, צערנען און שפייען מיט שוים צום הימעל ארויף, וואס וויל אויף איהם דעם בייזען ווינטער שיקען, אין אייז פארקאווען!

שטיין בלייבט שטיין; און שטיל איז א שטיינערן הארץ אויך דאמאלם, ווען נאס־גליטשיגע פרעש שפרינגען פון זומפ ארויס, מאכען חתונה אויף זיין רוקען און זינגען זייערע ליעדער.

און דער שטיין מיט'ן שטיינערנעם הארץ, גראבט זיך, מיט זיין איינענער פוילער שווערקייט, אלץ טיפער און טיפער אריין אין מאך, אין דער ערד אריין — — —

— אבער א שטיין! — זאגען יונגע...

די אלטע שטייבלען טרויעריג:

זיי געדענקען די צייט, ווען דער שטיין איז נאך קיין שטיין נישט געווען...

און, אז מען פרעגט זיי:

— אַלטע, גרויע לייט, וואָס דען איז ער געווען?

האָט יעדערער זיין נוסח, זיין פאַבעל צו דערציילן...

— עס איז אַ לייב געווען! — דערציילט איינער, גראד אַ בלינדער. — אַ ווילדער לייב אין ווייסטען סטעפּ.

אין ראַזינע זאַמד־נעבעל געהילט, פליהט ער דורך דעם סטעפּ און קוקט פון נעבעל אַרוים מיט אויגען, ווי ברענענדיגע זונען; און ברילט ער, קאַלערט עס זיך איבער'ן סטעפּ, ווי אַ דונער...

נאָר איינמאַל איז קראַנק געוואָרען דער לייב. ליגט ער פאַר־שמאַכט, און הערט, אַז דער אייזעל איז אַרויסגעוואַנדערט פון שטאָדט: ער געהט צו איהם, און וועט קומען און שטעלען זיין פוס אויף'ן שטאַלצען קעניגליכען לייב, און אַ וואָרט מוסר זאָגען!

און פון שאָס און שרעק פאַר'ן אייזעל־פוס און זיין מוסר איז דער לייב פאַרשטאַרט געוואָרען, און מיט דער צייט — פאַרשטיי־נערט!

און גראָבט זיך, אַזוי פאַרשטיינערט, אַלץ טיפער און טיפער אַריין אין דער ערד...

עפּעס ציטערט נאָך אין איהם פאַר אייזעל־מוסר און אייזעל־פוס, און ווילט זיך אַלץ טיפער באַהאַלטען.

און מיט ציטעריגע הענט גלעט ער, דער בלינדער, און טאַפּט דעם שטיין:

— זעהט איהר נישט גלידער פון אַ לייב? האָט איהר קיין צייכען פון זיין שטאַלצער גרויוע? איך פיהל זיי!

---

אַן אַנדערער זאָגט, און אויך מיט אַ זיכערער, כאָטש ציטע־ריגער שטימע, אַז עס איז קיין לייב נישט געווען!

— וואָס דען, אַלטער?

— אַ פעניקס!

און אַז די אור־אייניקלעך רינגלען איהם אַרום און פרעגען:

— וואָס איז אַזוינס אַ פעניקס?

פארטייטשט ער מיט א טרויעריגער שטימע:

— אזא פויגעל, קינדערלעך! דעם פויגעל האט גאט דאס אייביגע לעבען געשענקט, נאר מיט א באדינג! און א מתנה מיט א תנאי איז אפשר קיין מתנה נישט... און אויסגענומען האט ער מיט'ן פעניקס, אז ער, אויב ער וויל אייביג לעבען, זאל ער זיך פון צייט צו צייט רייניגען אין פייער פון די לעבעדיגע זינד... און פון צייט צו צייט מוז ער זיך אליין פארברענען, און אויפערשטעהן פון איינענעם אש, אדער פון לעצטען פונק אין אייגענעם אש!

— און איינמאל — דערצעהלט דער אלטער, מיט א קוים אנ־זעהענדיגער טרער אין אלטען אויג, — האט דער פעניקס נישט געוואלט אין פייער ארייגעהן! צי איז איהם דאס זינדיגע לעבען געפעלען, צי האט ער א רגע זיין תחית המתים נישט געגלויבט, — ווער ווייסט? און דער פון אויבען דארט, האט אויף איהם א צאר־ניגען בליק געווארפען, און אונטער דעם בליק איז דער פעניקס פארשטיינערט געווארען!

— אויף טויט?

ווער ווייסט... אמאל, זאגט מען, ציטערט דער שטיין... ווען דער הימעל שפאלט זיך — זאגט מען — ציטערט ער!

---

אביסעל איינגערע, נאר געגוג אלטע אויף **געדענקען** און **דערצעהלען**, גלויבען שוין נישט אין פעניקסען.

„אליין אין פייער געהט מען נישט, און ווען צעהן מאל תחית המתים!“

— וואס דען, אן איינפאכער שטיין?

— דאס נישט! אמאל ציטערט עפעס פון איהם ארויס! נאר אן אדלער אן עזות פנים איז ער געווען! און לאנגע, ברייטע פלי־געל און שטארקע געהאט! נעמט ער זיך אמאל צו דער זון, פליהט ארויף, זוכט אין איהר פלעקען!... האט זי אויף איהם מיט פייער געשאסען, די פליגעל פארברענט, און זייער אש האט זיך אין דער לופט פארשפרייט... פאלט אזוי אן אש'ל עמיצען אין די אויגען ארייִן, רייסט ער זיי אויף קעגען דער זון און קעגען אלעם אין

און איבער דער וועלט. ער אליין — איז אראפגעפאלען טויט, און מיט דער צייט פארשטיינערט געווארען...

— וועהם איהר נישט, ווי שווארץ ער איז? — פון פייער!

---

נאך איינגערע, און דאך געגוג אלטע, לאכען!

— אי... באבע מעשיות!

עס איז קיין ליב, קיין פעניקס און קיין אדלער געווען... זיי האבען אן אנדערען נוסח: ער איז געווען א פויגעל, ווי אלע פייגעל... נאר — מיר געדענקען דאך — א פויגעל מיט יצר־הרע טרע־לען! און! א זיסער שווידער פלעגט דורכגעהן דורכ'ן לייב... שטיל, פארנאכט, דער שיר־השירים'ניק טרויערט אין וועלדעל און דא־מאלט ווער קאן זיכער זיין פאר זיך, פאר טאכטער און ווייב?

האט איהם אן אלטע מכשפה — א צנועה פארשאלטען: „פאר־שטימט און פארשטיינערט זאל ער ווערען!" — האט זי געזאגט. און דער הימעל האט זיך דאמאלט גראד געשפאלטען! און דער פרייער פויגעל איז מגולגל און פארשלאסען געווארען אין א שטיין!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אבער ווי עס איז, געמוזט האט עפעס זיין... ווארים איינמאל איז אן אויסלענדישער פויגעל דורכגעפלויגען...

נאך איידער ער האט זיך געוויזען, האט זיך א וואונדערליך זים געדרויש דערהערט...

עס איז אין א שטילער זומער־נאכט געווען, און טייך און וואלד, און לבנה און שטערען האבען זיך פארוואונדערט אפגעשטעלט און איינגעהערט אין דער נייער, זיסער, שטילער מוזיק אין דער לופט... „ווי פריש, ווי פריי!" — האבען די בלעטלעך אויף די ביי־מער געציטערט...

חיות אין וואלד, און פרעש אין זומפ, זענען פארשטארט און פאר'כשופ'ט געבליבען... דער בער, אינמיטען שפרונג — אין דער לופט, דער פראש מיט'ן אפגעם מויל — אין זומפ...

און ער האט זיך באוויזען...

עס האט נאך קיינער אזוינע גרויסע, ברייטע, ווייסע און מעכטיגע פליגלען נישט געזעהן...

און שטיל בלייבט ער הענגען אין דער לופט, און וואלד און טייך האלטען דעם אטעם איין...

און זיס און שטארק איז זיין געזאנג און פריש, פריי און היי־ליג זיין ליעד...

און שטילער, טיפער און הייליגער ווערט די נאכט; גרינער און בליהענדער דער פאר׳חלום׳טער וואלד; העלער פלאמט אויף די רויז, און דאס פאר׳כשופ׳טע טייכעל צולאזט זיך מיט א שטיל, טיף־קלינגענדיג געזאנג...

און זינגענדיג, קוקט ער זיך מיט שטראלענדיגע אויגען אום, דערזעהט, און שיסט אראפ — צום שטיין... מיט א ניי ליעד, פון אויפערשטעהן...

און אין שטיין האט זיך עפעס געוועקט — א שוידער איז אדורך דעם שטיין... א קלאנג האט זיך אין איהם געוועקט...

ווער ווייסט?

דער פויגעל, דער אדלער, דער פעניקס, צי דער לייב?

ווער זיפצט?

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

לאנג האט עס נישט געדויערט.

דער פויגעל איז אוועק...

# קין און הבל.

## 1.

אמאל איז געווען א קין, אמאל איז געווען א הבל; צוויי ברי־דער זענען זיי געווען.

דער ע ר ש ט ע ר קין און דער צ ו ו י י ט ע ר הבל.

האט הבל געהאט גאט אין הארץ, געהערט זיין שטים ביי זיך אין די נירען און האט זיך קיין גאט נישט געזוכט.

דאגעגען קין, אבוואל דער עלטערער, האט נאר די ב ע נ ק־ש א פ ט צו גאט געהאט; האט ער א וואנדערשטאק גענומען און איז געגאנגען זוכען גאט, אויף וועג און שטעג.

„גאט מוז זיין ג ר ו י ס, אומגעהייער גרויס; שטארק, אויסטערליש שטארק מוז ער זיין! — אזוי האט קין געטראכט.

און אז ער האט דעם ערשטען, אומגעווענליך גרויסען, שטאר־קען פעלז אויף זיין וועג געטראפען, איז ער אויף די קני געפאלען און פון הארץ ארויס א געשריי געטאן:

— אט איז גאט!

און פול פורכט, דאנקבארקייט און ליעבשאפט צום גאט, וואס האט זיך איהם באוויזען, פאלט ער פאר'ן פעלז אויף די קני און בעט מיט פארציטערטע ליפען:

„לאז מיך אייביג זיין לעבען דיר, גאט, מיין גאט!"

„דערווייטער מיך נישט פון דיר, דו קוואל פון גרויסקייט און מאכט..."

א ווינטעל בלאזט און רוישט אין דער שטיל —

דערהערט קין אינ'ם ווינטעל גאטס ווארט; פארנעמט ער זיי־נע רייד אין געבעט —

נעהט הבל פארביי, רופט ער איהם באגייסטערט צו:

— ברודער, קום צו און זעה באשיינפערליך גאט!

— ברודער, דאָס איז גאָט! און איך, דיין ברודער קין, בין זיין נביא און. —

„אַזוי זאָגט גאָט" — —

ער ענדיגט נישט!

הבל שטעלט אַרויף אַ פוס אויפ'ן פעלז:

ער טרעט אויף גאָט!

שפּרינגט קין אויף און כאַפּט דעם וואַנדערשטאָק, און טויט זיין ברודער הבל, וואָס האָט געלעסטערט גאָט...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

„בלוט פאַר בלוט" איז דאָס געזעץ.

לויפט אַ ווילדע חיה פון וואַלד אַרוים און צורייסט קין'ען, וואָס האָט זיין ברודער הבל געטויט. —

2.

„בלוט פאַר בלוט" איז אַיין געזעץ;

„געשטאָרבען איז עמיץ, עמיץ זאָל לעבען!" — דאָס צווייטע!

און אַ נייער קין ווערט געבוירען; און — אַ נייער הבל.

האָט הבל גאָט אין האַרץ און זוכט נישט גאָט; קין — נאָר דאָס פאַרגעפיהל פון גאָט און אַ ברענענדיגע בענקשאַפט צו איהם, — זוכט ער גאָט אין וואַלד און פעלד.

„גאָט איז לעבען, גאָט איז פרייד!"

איז זיין געדאַנק.

„געזאַנג איז ער און בליהונג... אויסער גרויס און שטאַרק!"

געפינט ער אַ בוים — אַ ריז אין וואַלד, און פאַלט אויף די קני פאַר גאָט!

„ווי גרויס דו ביסט, גאָט; די הימלען שפּאַרסט דו אונטער. און שטאַרק, — צוואַנציג ריזען נעמען נישט אַרום דיין שטאַם!

„און ווי דו בליהסט, גאָט; דאָס ביסט דו בליהונג אַליין!"

און ווי זים צוגיסט זיך דער געזאַנג אין דיינע צווייגען, — לאָז מיך רוהען אין דיין שאָטען, גאָט..."

און אַז אַ ווינטעל בלאָזט און די בלעטער הויבען אָן צו רוי־שען, הערט קין די שטים פון גאָט און פאַלט אויף די קני

געהט הבל פאַרביי.

„זעה, ברודער, גאָט! און איך, דיין ברודער, בין זיין נביא!
„אין די אויערען רוישט מיר זיין געזאַנג; ביז'ן האַרץ אַריין
— זיין קלינגענדיג וואָרט...
„און — אַזוי זאָגט גאָט...“

ווייל הבל נישט הערען גאָטס וואָרט; שטרעקט ער אויס זיין האַנט און כאַפּט אָן אַ צווייג פון בוים.

— איך בויג אַראָפּ דעם קאָפּ פון גאָט; איך רייס איהם ביי די האָר!

און רייסט אויס, און צוואַוואַרפט אַ הויפען בלעטער פון גאָט.

פאַלט הבל, דער גאָט־לעסטערער, פון קין'ס הענט דערוואָרגען; אַנטלויפט קין, דער ברודער־מערדער, צום ים, פאַרפלייצט איהם אַ וואַל!

„בלוט פאַר בלוט!“

## 8.

„נעשטאָרבען קין און הבל, לעבען זאָלען קין און הבל!“

און ניי־געבוירען, קומען זיי צוריק אויף דער וועלט.

האָט הבל גאָט אין האַרץ און זוכט איהם נישט.

און קין האָט איינמאָל גאָט אין חלום געזעהן; און איז דער חלום פאַרשוואונדען, האָט ער זיך אויפגעכאַפּט נאָך מיט אַ גרע־סערער, ברענענדיגער בענקעניש צו גאָט.

און אַ שניצער איז שוין קין געווען. מוז ער זיך אויסשניצען דעם גאָט, וואָס ער האָט אין חלום געזעהן.

פאַרווירקליכט מוז דער חלום ווערען; צוריקקומען און איי־ביג בלייבען מוז דער פאַרשוואונדענער טרוים!

ער קאָן אָהן גאָט שוין נישט לעבען!

נעמט ער מיט זיך מעסער, האַק, הובעל און זעג און געהט אין וואַלד אַריין.

דעם שטאַרקסטען, העכסטען בוים קלייבט ער אויס; און דער פאַלט אונטער זיין האַק, און ווערט דערנאָך מיט האַק, הו־בעל און מעסער באַאַרבייט...

און טעג און נעכט טרעט קין פון דער אַרבייט נישט אָפּ. פון

די שפענער האט ער זיך א פייער, צום ווארעמען און קאכען גע־מאכט; פון אפגערייניגטען שטאם זיך זיין גאט געשניצט...

און עס איז ארוים א גאט!

דער גאט, וואס האט זיך א י ה ם אין חלום באוויזען, וואס ער האט אין שלאף געזעהן...

און גרויסע אויגען האט ער איהם געמאכט — גאט זעהט פון עק וועלט ביז עק... אבער נישט גלייכע אויגען:

קוקט איין אויג לייטזעליג און באשענקענדיג־ליעב — גאט איז א גוטער! —

דאס צווייטע — שטרענג, — א ריכטער איז גאט א שטרענגער און באשטראפט יעדע זינד!

און אין איין האנט האט ער איהם א הענגעל־טרויבען אריינ־געשטעלט — פרוכטבארקייט איז דער גוטער גאט!

די צווייטע האט ער אויף א פויסט פארשניצט און זיין האס אין דער פויסט אריינגעשטעקט — דעם זינדיגען אפצושרעקען; גאט שטראפט!

און פארטיג איז געווארען דער גאט, און ער האט איהם אויפ־געשטעלט און — פאלט פאר איהם אויף די קני!

„א, גאט!

„ווי ליעב האב איך דיך, גאט, מיין גאט! און ווי פארכט איך מיך פאר דיר!

„און איך בין דיין נביא, גאט!

„איך האב דיך געפונען!

„און איך וועל דער וועלט זינגען דיין לויב און שאלען דיין קראפט!

„איבער דער ברייטער וועלט וועל איך דיין נאמען צוטראגען; ווי שמעקערדיגער בוימאויל וועט זיך, א, מיין באשעפער, דיין נא־מען צוגעהן — — "

און בעטען בעט ער זיך:

„רעד מיט מיר, גאט!"

פליהט איבער זיין צו גאטס פיס פארזונקענעם קאפ א מחנה וואנדער־פייגעל פארביי; רוישען זייערע פליגעל אין דער לופט; הערט ער גאטס רייד צו זיך אין גערויש.

געהט הבל פארביי.

„הבל, זעה באשיינפערליך גאט! און —

„אזוי זאגט גאט! — —“

— דיין באשאפענער באשעפער? — פאלט איהם הבל אין די רעד אריין מיט שפאט.

— האסט א בוים אויסגעהאקט, ביים פ י י ע ר פון זיינע שפענער דיך געוואַרעמט און דיין שפייז געקאכט, און דו קניסט פאר'ן טויטען אפגעשיילטען שטאם, וואס דו האסט, לויט דיין איינגען בילד, געמאכט?

דערקענסט דו דיך נישט, קין, אין ד י י ן ג א ט?

און זעה, איך שפיי אויף דיר און אויף דיין עבענבילד — דיין גאט!

— גאט! — שרייט קין אויס אין ברענענדיגען צארן — פארשטאפ דאס לעסטער־מויל, באנוץ דיין האס פאר'ן זינדיגען קאפ!

און ער פאלט נ א ך א מ א ל אויף די קני:

— ער איז מיין ברודער, גאט! פון איין טראכט זענען מיר אויף דער וועלט ארויס, דיזעלבע בריסטען האבען אונז גענעהרט,— נאר דו ביסט מיר טייערער, גאט, גערעכטער גאט — און איך בעט, און איך פארלאנג פון דיר: שטרעק אויס דיין האנט און שטראף!

— און ווילסט דו נישט? מוז א י ך עס טון; איך, דיין נביא, דיין קנעכט!

און שפרינגט אויף; און מיט דער האק פון גאטס האנט ארויס, האט ער זיין ברודערס קאפ געשפאלטען...

4.

און ווייטער איז אין גאטס נאמען א ברודער־מארד גע־שעהען —

און „בלוט פאר בלוט“ איז דאס ערשטע געזעץ; „דער, וואס געהט, קומט צוריק“ — דאס צווייטע.

„קין און הבל געשטארבען; לעבען זאל קין און הבל“.

און אזוי וועט זיין, אייביג זיין. —

# דער אייביגער פרידען אין ערגעץ־לאַנד.

דערצעהלט אזוי דאס מעשה'לע פון ערגעץ־לאנד:

אין ערגעץ־לאנד איז א הויכער גרויסער בארג פאראן, האל־טען זיך אויפ'ן שפיץ פון בארג די אדלער די גרעסטע, שפילען אויף זיין הויך די ווינטען די שטארקסטע; — שפילען זיי און ראנגלען זיך.

וועהט אויך דער שפיץ פון בארג דאס גרעסטע הימעל־שטיק פון געוועלב איבער ערגעץ־לאנד, און דעם שענסטען אויפגאנג פון דער זון יעדען מארגען פריה אין ערגעץ־לאנד...

באדט זיך דער שפיץ בארג אין העלסטען, רייכסטען ליכט. עס איז דאך דער העכסטער בארג אין ערגעץ־לאנד: די זון פאר־שטעלט איהם קיינמאל נישט, פון ערגעץ פאלט אויף איהם קיין שאטען נישט...

און שטארק איז ער, דער בארג: פעלזען זענען זיינע גלי־דער, קופער און גאלד — זיינע אדערען... דאס ווייס די ווילדע ציג, וואס שפרינגט איבער זיין רוקען...

— אט אזוי האט דאס מעשה'לע דערצעהלט.

---

האבען די מוטערס דאס מעשה'לע געהערט, דערפון א וויגען־ליעד פארפאסט, און שלעפערען די קינדער איין דערמיט, מיט'ן ליעד פון ערגעץ־לאנד, פון הויכען גרויסען בארג אין ערגעץ־לאנד...

וואקסט אבער אויף דאס קינד און עס פארגעסט דאס וויגען־ליעד; אין לערנען און אין שפילען ווערט עס פארגעסען; דער־נאך אין לעבען, ליעבען און ליידען... אינ'ם וועלט־גערויש!

ערגעץ דאך, אין א פארבארגענעם ווינקעל פון הארץ, ציטערט

נאך אלץ א סטרונע שטיל, און עס קלינגט דאס ליעד, דאס ווינגן־ליעד, פון שפיץ פון בארג אין ערגעץ־לאנד, — פלייצט דאס לע־בען ארום און ארום, רוישט עס און זידט, הערט מען די סטרונע נישט —

גנעהען אזוי יאהרען און צייטען פארביי — —

טרעפט זיך אמאל —

ישפינט א יונגערמאן זיין גאלדענעם פאדים פון לעבען, און עס שטרעקט זיך אוים דעם מזל'ס האנט, און רייסט איהם דעם פאדים איבער: געהט דער יונגערמאן פון לעבען אוועק אין דער איינזאמקייט... דערפיהלט ער פלוצלונג אין דער שטילער איינזאמקייט: עפעס ציטערט אין ווינקעלע פון הארץ ביי איהם. אין פארבארגענסטען ווינקעל פון הארץ קלינגט... שטעלט ער זיך אפ און הערט זיך איין...

זינגט אמאל א יונגערמאן זיין גליקליך ליעבעס־ליעד אויף זיין הארף, אויף זיין גאלדענער יונגענד־הארף: דערהערט דער בייזער מזל און שלייכט זיך צו און שטרעקט אוים די בייזע ביינערינע האנט, און רייסט איהם א סטרונע נאך א סטרונע מיט געוואלט; ווערט שטיל די הארף און שרעקליך שטיל אין הארץ; — שטעהן איז דאס הארץ געבליבען... און אין דער שטיל־קייט קלינגט פלוצלונג אויף דאס ווינגען־ליעד, דאס ליעד פון ערגעץ־לאנד, פון הויכען, גרויסען בארג אין ערגעץ־לאנד...

און אמאל וועקט זיך עס עמיצען אין חלום אויף, און קומט אין א שטילער לבנה־נאכט צום אויער, כאפט זיך יענער אויף...

און אזוי אמאל, פארטראכטערהייט, וועקט זיך ביי לייטען די בענקשאפט אויף, און טרייבט קיין ערגעץ־לאנד; צום הויכען בארג, צום גרויסען בארג אין ערגעץ־לאנד...

ציהט דאס ערגעץ־לאנד און ציהט; וואנדערט מען...

און אין אלע צייטען, און אויף וועגען אלערליי, און פון אלע עקען וועלט וואנדערט מען קיין ערגעץ־לאנד...

מאנכע טרעפען דאך און דערגרייכען עס.

קומען מאנכע קיין ערגעץ־לאנד; ווייסט איינער דאך פון צווייטען נישט...

אויף איינזאמע וועגען גערען זיי, פון פארשידענע עקען וועלט קומען זיי... איינער טרעפט זיך מיט'ן צווייטען נישט.

---

שפינט און שפינט זיך ווייטער דאס מעשה'לע...

פון לבנה־שטראלען שפינט זיך עס; אין שטילע נעכט, אין לבנה־נעכט...

דערצעהלט עס ווייטער אזוי:

צופוסענס, ביים הויכען בארג אין ערגעץ־לאנד, ליגען לענ־דער פרייע, פעט און שווארץ... וואקסען וועלדער טיפע־טיפע, און שטראמען יאגען און טייכען פליסען און רינגלען ארום דעם גרוי־סען הויכען בארג...

און קומען די וואנדערער — איינציגווייז, פארוויין אדער פאר מיליען גאנצע—און דערגרייכען זיי דעם בארג אין ערגעץ־לאנד, באזעצען זיי זיך ארום און ארום דעם בארג, צופוסענס דעם בארג...

געהט דער יעגער מיט פייל־און־בויגען אין וואלד אריין; זעצט זיך דער פישער מיט נעץ און ווענטקע ביים קלארען טייך; זוכט זיך דער פעלדמאן זיין אקער אויס; טרייבט דער הערט זיין פיה איבער דער פעטער לאנקע... ווערען קאלאניעס מיט דער צייט...

גרויס איז אבער דער צופוסענס פון בארג, טרעפט זיך איין קאלאניע מיט דער צווייטער נישט; ווייסט איינע פון דער צווייטער נישט.

בויט זיך יעדערע איהר ו ו ע ל ט פאר זיך, און ארדענט זיך איין די „א י י נ צ י ג ע" וועלט. בויט זיך איטליכע איהר היילינטום פאר גאט דעם „איינציגען", און דינט דעם האר פון דער וועלט דעם איינציגען...

און מען לעבט די יאהרען אויס, און מען שטארבט צו דער רעכטער צייט, און אלץ לויט ווילען און געזעץ פון גאט דעם איינ־ציגען...

און מען בעט גאט, און מען רעדט אויף דער „איינציגער" מענשליכער שפראך.

און מען ארבייט; און מען מעהרט, און מען פרוכפערט זיך.

און מען הויבט זיך פאמעלעך. פאמעלעך אויפ'ן רוקען פון הויבען בארג, פון געגלוסטען בארג...

לאנגזאם — מיט ווייץ, האבער און קארן, געהט דער אקער־מאן; מיידט איהם אוים דער פלאנצער פון וויין; העכער שפרינגט דער הערט, איבער שטיין און פעלז, נאך דער ווילדער ציג; מיט דער מעטאלענער אדער געהט דער בערגמאן פעסט און טיף...

און נ א ך העכער שטייגען מאנכע...

דאס זענען די, וואס האבען זיך, מיט'ן גאנצען האב־און־גאב. בארוהיגען נישט געקאנט...

שוין צו פארבענקטע נשמות זענען זיי; צו פארבענקטע נשמות צו דער הויך, צו דער הויכער הויך.

ווייל שארפער קלינגט אין הארץ ביי זיי דאס וויגען־ליעד...

לעגט מען אמאל די וועגטקע אוועק און דעם פייל־און־בויגען. און מען געהט פון וואלד און טייך... פאלט רידעל און קאסע אמאל פון האנט ארוים; פארלאזט מען דעם אקער, פארלירט מען שער און שניידמעסער פון האנט, קומט מען פון וויינבערג ארוים. און מעןווארפט די האק אוועק, און מען קוקט פון דער מעטאלענער אדער ארוים אויף דער ליכטיגער שיין... פארלאזט מען אויף גאטס באראט די ווילדע ציג, און מען שטייגט...

עס ציהט דער שפיץ פון בארג...

האט יעדע קאלאניע איהר בענקענדיגען מאן, אנדערע — איהרע בענקענדיגע לייט — שטייגען זיי...

שטייגען זיי.

איז, וואס העכער, דינער און דינער דער רוקען פון בארג; בלאנדזשען זיי און טרעפען זיך אמאל.

און טרעפט מען זיך...

און טרויעריג ווערט דאס מעשה'לע. ווען עס דערצעהלט דער־פון... און ש ר ע ק ל י ך...

טרויעריגע געשיכטען; בלוטיגע געפעכטען...

---

עס שפינט זיך און שפינט דאס מעשה'לע אזוי:

האט יעדע קאלאניע איהר בענקענדיגען מאן; מאנכע — איה־רע בענקענדיגע לייט — —

צום שפּיץ פון באַרג בענקען זיי...

צו די ווינטען די שטאַרקע, צו די אָדלער די גרויסע... צום גרויסען פרייען הימעל; צום רייכען העלסטען ליכט, צום שענסטען אויפגאַנג פון דער זון בענקען זיי...

עס ציהט דער שפּיץ פון באַרג...

און איינציגווייז געהען זיי. איבער די גרענעצען פון פעלדער געהען זיי... פון וויינבערג־געוועלבען קוקען זיי אַרויס... ביי די רענ־דער פון די מעטאַלענע גרובען שלייכט מען זיך... איבער שטיין און פעלז, איבעריאַגענדיג די ווילדע ציג. —

מיט פאַרבענקטע אויגען, אין דער הויכער הויך פאַרקוקט, בלאַנדזשען זיי; זאַפּענדיג מיט אויפגעשפּיצטע אויערען די גערוי־שען פון דער הויך — און טרעפען זיך אַמאָל...

און טרעפען, און — דערשרעקען זיך.

און מיסטרויאיש פאַרוואונדערט, קוקט איינער אויפ'ן צוויי־טען, זיך אָפּשטעלענדיג:

פון פאַרשידענע ערטער געקומען, אויף פאַרשידענע וועגען געגאַנגען און — אַנדערש געקליידט, אַנדערש געשוירען און אַנ־דערש דעם קאָפּ באַדעקט...

שטאַמעלט מען, זיך גריסענדיג און זאָגענדיג:

— גוט מאָרגען!

זאָגט עס יעדערער אויף ז י י ן שפּראַך, אויף זיין איינציי־גער שפּראַך... קלינגט עס דעם צווייטען פרעמד, האַרט, נישט־מענשליך און פיינטליך אין די אויערען... מיינט יעדערער, דער צווייטער דראָהט.

„ער באַליידיגט מיך, ער שילט!"

שטעהט מען זיך געגענזייטיג צו:

— ביסטו אַ מענש, גלויבסט דו אין — — —

און אַנגערופען ווערט דער נאָמען פון גאָט, פון „איינציגען" גאָט...

ווערען אין צוויי שפּראַכען גערופען צוויי נעמען פון גאָט; און יעדערער פון צווייטען טראַכט:

— רעדען רעדט ער נישט ווי קיין מענש און גלויבען גלויבט ער נישט אין גאָט...

גרייט מען זיך צום שטרייט...

רופט יעדערער פאר'ן שטרייט זיין גאָט צו הילף...
אויף פארשידענע שפּראַכען רעדען זיי, פארשידענע נעמען רופען זיי.
זאָגט יעדערער: ער לאַכט פון מיר און לעסטערט נאָך מיין גאָט! —
אָדער: ער דינט אַן אנדערען גאָט, א פאַלשען גאָט, א שלעכטען גאָט!
פלאַקערט מיט אַמאָל שטאַרקער אויף דער האַס, און מען ־אַנגעלט זיך; אויף טויט און לעבען געהט דער שטרייט...
זינט א י י ן מענש און זיין א י י נ צ י ג ע ר גאָט...
און דער באַזיגטער שילט צי בענשט זיין גאָט און — פאַלט...
קאָלערט זיך דעם באַזיגטענס קערפּער באַרג־אַראָפּ, באַרג־אַראָפּ... און צייכענט מיט בלוט זיין וועג איבער'ן באַרג, איבער'ן רוקען פון הויכען גרויסען באַרג...
און זיין גאָט אויף זיין שפּראַך דאַנקענדיג, שטייגט דער זי־גער אַלץ העכער און העכער...
און די צאָהל פון די בענקענדיגע אין די קאָלאָניען, און די צאָהל פון די, וואָס טרעפען זיך און ראַנגלען זיך אויפ'ן רוקען פון באַרג, וואַקסט פון טאָג צו טאָג...
עס וואַקסט די בענקשאַפט, וואָס טרייבט אַלץ אַרויף און אַרויף... און עס וואַקסט דער צאָרן קעגען דעם ווילדען, וואָס מען טרעפט אויפ'ן וועג; קעגען דעם ווילדען טיר, וואָס גלויבט נישט אין גאָט, האָט א שלעכטען פאַלשען גאָט און שטאַמעלט אויף א נישט־מענשליכער שפּראַך...
און וואָס אַמאָל העכער שטייגט דער מענש מיט זיין צאָרן! און מיט'ן מענש, אַלץ העכער און העכער שטרייט און שלאַכט...
ראַנגעלט מען זיך וואָס אַמאָל נעהנטער צום שפּיץ פון באַרג...
און די טויטע קערפּער פון באַזיגטע קאָלערען זיך אַלץ עפטער און עפטער, און פון א העכערער הויך, באַרג־אַפּ, באַרג־אַפּ... און צופליישען זיך, זיך קאָלערענדיג, אויף בלוטיגע פעצען און פעדים, אַן שפּיצען פון שטיין און פעלז; און אַלץ עפטער און עפטער רי־זעלט דאָס בלוט באַרג־אַפּ, באַרג־אַפּ; און שטראָמט, און טרענקט, און רויטעלט דעם רוקען פון באַרג...
און א דאַנק די אַראָפּגעפאַלענע צופליישטע לעסטערער פון

גאָט, ווערט אַלץ פעטער און פעטער די ערד צופוסענס דעם באַרג; אַלץ פולער און געבענשטער — די זאַנג פון ווייץ און קאָרן; פולער און גליהענדיגער—די טרויב, זיסער—דער זאַפט אין איהר... און דער ווילדער ציג שפּראַצט אַלץ מעהר און מעהר גראָז פון אונטער די פיס, און אַלץ מעהר און פעטערע מילך גיט זי דעם הערט...

און די פאַרבענקטע זינגער דאַנקען גאָט און — שטייגען...

---

און ווייטער דערצעהלט דאָס מעשה'לע:

און עס פּרוכפּערן זיך אַלץ, און מעהרען זיך די קאָלאָניעס צופוסענס דעם באַרג. און די פאַרבענקטע צו דער הויך וואַקסען אויך אין צאָהל, — שטייגען שוין מעהרערע מיט אַמאָל...

און געפעהרליך, און מיט יעדען טאָג געפעהרליכער ווערט דער וועג אַרויף; צו גרויסע אָדלער און פרייע ווינטען דער שטעג... און צום אויפגאַנג פון דער זון, און צו די ברייטע הימלען אין דער הויך...

אַלץ מעהר ווילדע שטאַמלער און גאָט־לעסטערער טראָגען זיך אויפ'ן רוקען פון באַרג.

און שוין באַוואָפענט ווערט געשטיגען...

און מחנות באַוואָפענטע טרעפען זיך אָפט און עפטער...

און שלאַכטען ווערען ביי יעדען טרעפען זיך געפיהרט, און אַלץ — אין נאָמען פון גאָט, פון איינציגען גאָט!

און דערהערט מען אונטען די קריגס־געשרייען פ ו ן ד ע ר ה ו י ך, לויפט מען אַרויף צו הילף...

קומט דער הערט פון זיין געצעלט אַרויס, דער בערגמאַן פון זיין גרוב, פון טרויבען־געוועלב לויפט דער וויינבערגער אַרויף, עס איילט אויך דער ערדמאַן פון אַקער אוועק, און דער פישער פון ברעג טייך, און דער יעגער פון טיפען וואַלד... און באַוואָפענט זענען אַלע; דער בערגמאַן האָט פאַר אַלעמען וואָפען געמאַכט...

און אַלץ עפטער און העפטיגער ווערט די שלאַכט...

הילכט דער באַרג פון אייביגען קריג; פון העלדען־געשריי, פון געוועהר־קלאַנג... און פון גאָטס נעמען, וואָס ווערען אין אַלער־ליי שפּראַכען גערופען...

און מאסענווייז קאלערען זיך די טויטע אראפ, אראפ, און צופליישען זיך אויף שטיין און פעלז, איבער וועג און שטעג... און בלוטיגע טייכען שטראמען בארג־אפ, בארג־אפ... יאגען זיך און שטראמען.

און וואס אמאל ווערט אונטען פעטער די ערד, פולער די זאנג פון ווייץ, האבער און קארן. זיסער און גליהענדיגער דער וויין און אלץ זאטער פיטערט זיך די ווילדע ציג צווישען שטיין און פעלז. און מעהר און מעהר גיט זי פעטערע מילך...

---

נאר איינמאל — אזוי ווערט דאס מעשה׳לע דערצעהלט — האבען זיך צוויי, אין צופלאקערטען קאמף, אלץ העכער און העכער געיאגט, ביז זיי האבען פלוצלונג דעם הויכען שפיץ פון בארג דערגרייכט, און פלוצלונג נאר פארבאדען זיך אין א שטראם פון ליכט, פון העלסטען רייכסטען ליכט פון דער הויך...

און מיט אמאל און פלוצלונג רייסט זיך זיי ביידען א נייע, גאנץ נייע שפראך פון דער צונג אראפ! — דאס איז געוועזען די שפראך פון ד ע ר ה ו י ך, די ליכטיגע שפראך, — די שטראלען־שפראך.

און מיט אמאל און פלוצלונג האט איינער דעם צווייטען דערהערט און פארשטאנען; האט י ע ד ע ר ע ר אינ׳ם צווייטען א מענש דערקענט, דעמזעלבען גאטס נאמען פון זיינע ליפען אראפ געהערט, און זיי זענען זיך איבער די העלזער געפאלען. —

און נאך זיי זענען געקומען אנדערע און אריינגעפאלען אין ליכט, און נאך אנדערע — און אלע, אלע האבען אנגעהויבען רעדען אויף דער איינציג־מענשליכער שטראלען־שפראך...

איז א פרייד געוועזען!

אבער פלוצלונג האבען זיי דערהערט פון אונטען א קריגס־געשריי, פון אלע זייטען בארג א ליארם פון שלאכטען...

אונטען איז געשעהען, וואס עס האט געמוזט געשעהען... ווי אויבען די איינצעלנע פארבענקטע מענשען, האבען זיך אונטען די קאלאניען געטראפען...

געמעהרט איבער דער צייט און געפרוכפערט זיך האבען די קאלאניען, און פארשפרייט זיך און פארשפרייט, און אלץ שמעלער און שמעלער זענען די פרייע פעלדער און די פרייע וועלדער

געווארען... האבען זיך יעגער מיט יעגער געטראפען, דער ערדמאן מיט'ן ערדמאן; און הערטשאפט מיט הערטשאפט באגעגענט, און בערגמאן מיט בערגמאן — אונטער דער ערד...

— פרעמדע זענען געקומען! פרעמדע אקערען אונזער לאנד! ווילד־פרעמדע כאפען פיש אין אונזערע טייכען; שטאמלער אהן א שפראך גראבען זיך איין אין אונזער ערד... גאט־לייקענער האבען אונזערע וויינבערגער פארנומען, — דינער פון פאלשע, שלעכטע געטער די ווילדע ציג באצוואונגען! —

אזוי האט מען גערופען.

און אויפגעפלאקערט האט אויף אלע גרענעצען די שלאכט...

לויפען די פארברידערטע פון דער הויך אראפ:

— שטיל! געוועהר צו די פיס! אלע זענען גלייך! פאראן אן איינציג מענשליכע שטראלען־שפראך!

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

— און דאס — דערצעהלט דאס מעשה'לע — איז דער אנהויב געווען...

פון אייביגען פרידען דער אנהויב.

פון אייביגען פרידען אין ערגעץ־לאנד, צופוסענס דעם גרויסען, הויכען בארג...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

און אזוי דערצעהלענדיג, צושטראלט זיך עס, דאס מעשה'לע, און צושמייכעלט זיך...

ווי דער מזרח'דיגער מארגען־גלאנץ פון שפיץ אראפ געזעהן, פון שפיץ פון הויכען גרויסען בארג אין ערגעץ־לאנד געזעהן...

עס וויים, ס'וועט ווערען א ליעד דערפון, א וויגען־ליעד; זינגען וועלען די מוטערס עס, איבער דער ליעבסטער קינדער־וויעג...

און אינ'ם קינדס הערצעל־קליין, הערצעל־פיין, קלינגען, קלינגען וועט דאס ליעד, און ס'וועט דערפון א בענקשאפט וו ע ר ע ן...

א ב ע נ ק ע נ י ש צו ערגעץ־לאנד, צום הויכען בארג אין ערגעץ־לאנד; צום פרידען־לאנד, מיט דער שטראלען־שפראך, דער איינציגער מענשליכער —

א בענקשאפט־פיין, א בענקשאפט־ריין!

# צוויי ברידער.

איינגענטליך, וואלט איך ליעבער די מעשה דעם גוטען גראף טאלסטאי דערצעהלט. ער איז שוין צו גוט געווארען. ליידער בין איך אבער מיט'ן גראף טאלסטאי נישט אזוי גוט... אפילו זייער נאמ, זאגט מען, איז נישט דער בעסטער! ווי עס איז, אויב „א מעשה מיט צוויי ברידער" — פארשטעהט איהר אליין, אז פון זיי האט איינער געמוזט זיין א קלוגער און דער צווייטער — א נישט פאר אייך געדאכט — א נאר! עס איז טאקע אזוי; א נישט, וואלט גאר קיין מעשה נישט געווען. עס וואלט אפשר גאר קיין וועלט נישט געווען. פון דער צווייטער זייט אבער האט יעדער מענש זיין לשון, און איך, אויב איך זאג „איינער איז געווען א חכם און דער צווייטער — לא עליכם—", מיין איך גאר פשוט: איינער איז געווען א שלעכטער און האט זיך געטויגט; דער צווייטער — א גוטער און האט זיך געלאזט מעלקען! אנים, פארשטעהט איהר מיך, וואלט ער געווען א מילנער ביז'ן היינטיגען טאג.

וואריםביידע ברידער זענען מילנער געוועזען און האבען אויף צוויי נאהנטע בערגלעך זייערע ווינט־מיהלען געהאט. אונטען, צו־פוסענס די בערגלעך, אויף וועלכע די ווינט־מיהלען זענען געשטא־נען, האבען זיך געצויגען גאנצע טאלען מיט ווייץ און קארן. און די מענשען פון די טאלען פלעגען עס ארויספיהרען, אדער קארץ־וויין ארויפטראגען צום מאלען. נייץ־געלט פאר דער מיהל לאזט מען, ווי דער שטייגער איז, איבער א פערטעלע; מעהל אדער תבואה, ווי דער מילנער פארלאנגט. פון מעהל באקט מען ברויט, קאכט מען לאק־שען. די תבואה פיהרט מען אין שטאדט ארייך צו פארקויפען. פאר געלט קויפט מען: זאלץ, הייוועו, הויז־געדעט, קליידער — וואס נאר א מענש באדארף. מען קאן אין אזא מיהל האבען א גוט יאהר, נאר איבערלאזען אויף א שלעכטער צייט. דערצו אבער

מוז מען שכל האבען מיט דעם, ווייסט איהר שוין, זענעןביידע ברידער נישט גלייך געבענשט. און א שאד. ווארים שווערע צייטען טרעפען זיך ביי ווינט־מיהלען אפט, עס גרעאט נישט און מען האט נישט וואס צו טוו, אדער עס מאכט זיך א שטילע צייט און די פליגעל ריהרען נישט; נישט דא, מ י ט ו ו א ס צו מאהלען! טיילמאל טרעפט זיך אויך א שאדען אין מיהל: א צו שטארקער ווינט דרעהט א פ ל י ג ע ל אוים; אן אפגעריבענער מיהל־שטיין פ ל א צ ט פאר דער צייט, אדער ווייס איך, וואס עס קאן זיך טרעפען!

און דא מאקע הויבט זיך אן דער אונטערשיד צווישען קלו־גען מיט'ן נאר.

מאכט זיך עפעס א צופאלביים שלעכטען, דארף ער, ווי זאגט מען עס, נאר א פיפעץ געבען, א וואונק, לויפט איהם שוין דער גוטער צו הילף: „דיין מיהל שטעהט? האסט קיין ארבייט נישט? עס פעהלט דיר ברויט? הייוועו? זאלץ? וואס?"

יא געפעהלט, נישט געפעהלט, דער שלעכטער האט שכל, ער טויג זיך און נעמט, וואס עס לאזט זיך. פון צוקומעניש — שמייכעלט ער אין זיך אריין — טוט קיינמאל דער קאפ נישט וועה!

איז א שאדען אין מיהל, ווארפט דער גוטער פון זיך אראפ דעם ראק און שטעלט זיך צו דער ארבייט. אין צווייען, כאטש דער שלעכטער נארט זיך, ארבייט זיך געשווינדער, בעסער, שפארעוו־דיגער! עס דויערט נישט לאנג, און דעם שלעכטענס מיהל איז צו־ריק גאנץ, ארבייט ווי פריהער, אויב נישט בעסער ווי פריהער!

מיט דער צייט האט דער שלעכטער נישט געברויכט אפילו צו ווינקען. דער גוטער האט זיך א לייטער געמאכט און איז פון צייט צו צייט אויפ'ן שפיץ־מיהל ארויפגעקראכען, צו זעהען, וואס אויפ'ן צווייטען בערגעל, ביים ברודער אין ווינט־מיהל, טוט זיך, און קוים האט ער באמערקט, אז די פליגעל שטעהען, אדער אז פון קוימען געהט צו דער רעכטער צייט קיין רויך נישט ארוים, איז ער שוין געלאפען פרעגען, צי מען דארף נישט זיין הילף...

אנדערש איז אבער געוועזען אויב פארקערט, אויב עס האט זיך אין גוטענס מיהל א סבה געטראפען. האט מען ארבייט גע־דארפט, איז דער שלעכטער פונקט נישט געוועזען בקו הבריאה! האט פארפעהלט עסענווארג, האט עס דעם שלעכטען נאך פריהער פאר־

פעהלט. גאנץ אפט האט ער אפילו קיין פאלשע תירוצים נישט געזוכט, קיין קרענק נישט אויסגעקלערט, און מיט אן אפענעם שטא־לענעם בליק געענטפערט: „איך העלף נישט, איך בארג נישט, איך צאהל אפילו קיין חובות נישט; איך בין קיין נאר נישט!" און דער גוטער געהט אוועק מיט לעדיגע הענט, נאר מיט א פול הארץ מיט רחמנות אויפ׳ן אומגליקליכען ברודער, וואס „האט א שטיינערן הארץ, וואס וועט קיינמאל נישט פיהלען דעם אמת׳ן נחת, דאס אמת׳ע גליק, וואס א מענש האט, בשעת ער העלפט דעם צווייטען". טרערען פלעגען איהם קומען אין די אויגען אריין!

און דער שלעכטער, וואס האט זיך געטויגט, איז געוואקסען פון טאג צו טאג. ער און די ווינט־מיהל זענען וואס אמאל פעסטער און שטארקער געווארען. און דער הויפען תבואה אין שפייכלער, און דער געלט־בייטעל אין טאש זענען אויך געוואקסען. בשעת דער גוטער איז געפאלען פון טאג צו טאג... די מיהל האט זיך אביסעל אויסגעקרימט, און גאנץ אפט האבען אפילו די שוואלבען פאר דער מיהל קיין חיונה נישט באקומען...

מענשען האבען געשריגען: אן עולה! אויף די נעגעל האט מען געבלאזען. און דאך, ווער עס האט געהאט א קערצעל תבואה צו מאהלען, האט עס פריהער צום שלעכטען געפיהרט: זיין מיהל איז בעסער, ארבייט געשווינדער, מיט ווייניגער פ ח ת! נישט איינמאל האט מען דעם גוטען נאך בא׳גנב׳עט! עס איז גענוג גע־ווען זיינע ש ט ע נ ד י ג ע הונגעריגע הינט א לעבעל ברויט צוצוואווארפען, זיי זאלען אליין דערלאזען און שווייגען! און דער גוטער איז אזוי לאנג געפאלען, ביז ער איז, נעבעך, געבליבען ליי־גען...

עס האט זיך א שטורעם־ווינט געמאכט. דעם שלעכטענס מיהל האט ער ווייניג וואס געשאדט. א פליגעל האט זיך אויס־געקרימט, נישט מעהר, איז מיט ווייניג ארבייט האט מען איהם דעם צווייטען טאג אויסגעגלייכט... דעם גוטענס — איז געפא־לען! מיט׳ן ערשטען בלאז האט דער שטורעם־ווינט זי אויסגע־דרעהט, מיט׳ן צווייטען — אויסגעריסען און אומגעקערט, און דערנאך צושלאגען, צוטרימערט, און די שטיקער אין טאל אראפ־געשליידערט...

— העלף מיר אויפקלייבען די שטיקער און צוריק אויפבויען מיין מיהל! — האט ער זיך צום שלעכטען געווענדעט.

— איך האב קיין צייט נישט! — האט דער קלוגער נעענט־פערט. — איך האב פיעל ארבייט און שטעל מיר א צווייטע מיהל!

און דער גוטער איז, מיט הארצוועהטאג און פול מיט רחמנות אויפ׳ן אומגליקליכען ברודער מיט׳ן שטיינערנעם הארץ, אראפגע־גאנגען אין טאל אריין, זוכען הילף און האט זי נ י ש ט גע־פונען...

— מיר האבען קיין צייט נישט! — האט מען איהם געענט־פערט, — עס איז גראד שניט־צייט געוועזן...

דאמאלט האט דער גוטער געווארפען דעם לעצטען בליק אויפ׳ן בארג, וואו זיין ווינט־מיהל איז געשטאנען, און אויפ׳ן טאל, וואו די שטיקער פון דער חורבה זענען געבליבען, און איז נעגאנגען אין דער וועלט אריין, זוכען פריינדשאפט און ארבייט.

ער איז נע־ונד עד היום!... און דער שלעכטער ברודער האט פאמעלעך דאס געהילץ פון ברודערס ווינט־מיהל אויפגעקליבען, דאס שלעכטע פארברענט, דאס גוטע אין דער נייער ווינט־מיהל באנוצט.

די לייט פון טאל האבען פריהער געקריצט מיט די ציין. מיט דער צייט — אז גוטען און זיין ווינט־מיהל פארגעסען; צוויי ווינט־מיהלען זענען נענוג!...

די מעשה וואלט איך ליעבער דעם גראף טאלסטאי דער־צעהלט. ליידער בין איך מיט איהם נישט באקאנט און מוז יוצא זיין מיט אייך.

# דאָס גלעזעל.

אמאָל, ערגעץ אין א פאַרוואָרפענעם שטעדטעל אויף דער פּראָווינץ, איז געווען א גאָלדשמיד און א בריליאַנטען־שלייפער דערצו. און געווען איז ער, דער גאָלדשמיד, א בריה נפלאה אין דער מלאכה, א געבענשטע האַנט געהאַט, אין זיין פאַך א גאון געוועז. עד היכן הדברים מגיעים, האָט קיינער נישט געוואוסט. נישט ער, נישט זיינע קונים. געזעסען און געאַרבייט צירונג פאַר בעלי־בתים: אויהרינגלעך, פינגערלעך, קדושין־פינגערלעך וכדומה. קוים פרנסה געהאַט!... נתגלה איז ער ערשט געוואָרען מיט דער צייט. . און צופעליג. האָט זיך, כדומה־למשל, געטראָפען, אז א בעל־הבית פון קליינעם שטעדטעל האָט א שדוך געטאָן פון דער פרעמד, מיט אַן עושר פון א גרעסערער שטאָדט. פאָהרט מען אויף דער חתונה, באַווייזט זיך דעם גאָלדשמיד׳ס צירונג אויף א העכערען אָרט. יע־נער עושר איז שוין א שטיק מ ב י ן : א סוחר, א וועלט גע־זעהן, מאַכט ער: אַי, אַי, אַי! — הויבט אָן דער גאָלדשמיד דאָרט צו שמ׳ען... באַקומט ער שוין פון דאָרט אַרבייט און מיט דער צייט ציהט ער זיך איבער אין דער גרעסערער שטאָדט אריין; שוין אזוי פיעל קונים געהאַט.

מילא, צו א גביר פון דער גרעסערער שטאָדט קומט אמאָל א פּריץ: צוליעב מסחר, אויף א שמחה, צי אזוי אמאָל שבת אויף געפילטע פיש, — דער טיש אויסגעשטעלט, די בני־בית אויס־געצירט... דער פּריץ קומט אריין, ער איז נאָך א גרעסערער מבין פאַלט איהם עפּעס אין אויג אריין.

— וואו איז דאָס געקויפט? ווער האָט עס געמאַכט?

ווערט מען פון גאָלדשמיד געוואָר צווישען פּריצים...

כידוע, מאכט יעדער גובערנאטאר איין מאל אין יאהר א באל פאר גרויסע לייט. עס איז שוין אזא מנהג. מאכט יענער גובערנאטאר אויך א באל, קומען פריצים מיט פריצות, מיט טעכטער. טראגט מען דעם גאלדשמידס צירונג... זעהט דער גובערנאטאר א פינגערל, צי א בראש, צי א קאליע, גאפט ער. ער האט נאך אזא ארבייט נישט געזעהן.

— וועמעס ארבייט איז עס?

— דעמ'ס און דעמ'ס.

— אזוי? —

צו־מארגענס שיקט מען דעם גאלדשמיד רופען, ווערט ער א יוצא ונכנס ביים גובערנאטאר.

קומט אמאל צופאהרען, באקוקען די גובערניע, איינער פון די שרי־מלכות, דארף מען איהם אקעגענטראגען ברויט מיט זאלץ אויף א טאץ. ווער מאכט די טאץ? מן הסתם, שוין אונזער גאלד־שמיד. קומט די טאץ אין עיר־המלוכה אריין, קלינגט מיט איהר די עיר־המלוכה...

נישט אומזיסט זאגט שלמה המלך: טוב שם משמן טוב!

טרעפט זיך א מעשה, דער אלטער מלך געהט פון דער וועלט, קלייבט מען אויס א נייעם מלך. געהט יענע קרוין אין שאץ־קאמער, און פאר'ן נייעם מלך מאכט מען א נייע קרוין. זוכט מען גרויסע גאלדשמידס. בעט מען צווישען אנדערע אונזער גאלדשמיד אויך. קומט ער און ארבייט מיט און צייכענט זיך נאך אויס על צד היותר טוב...

הכלל — מקימי מעפר דל!

אונזער גאלדשמיד וואוינט שוין אין דער רעזידענץ, איז א יוצא ונכנס אין הויף. ער ווערט נאר מרואי פני המלך, א פ ר א ס־ט ע ר בשר ודם, אפילו א קלענערער שר, קאן זיך שוין נאר צו איהם נישט דערשלאגען...

איז דאך אבער א גלגל חוזר בעולם און, אז מען קאן העכער נישט שטייגען (ווארים וואס קאן זיין העכער פאר אזא גאלד־שמיד?), הויבט מען אן פאלען...

פאר וואוילטאג האט ער שוין קיין נייעם נישט באוויזען. דאס אלטע ווערט צוגעגעסען, די אויגען זענען, קוקענדיג דערויף, מיד געווארען, דאס הארץ קריגט א גליסטונג צו עפעס נייעס. באַ־

ווייזט זיך, ערגעץ־וואו, א נ י י ע ר קינסטלער... איז — ווי דער סדר עולם איז — זה נופל וזה קם... מאכט דער נייער קינסטלער דעמזעלבען וועג, וואס דער אלטער האט געמאכט. און, לעומת זה, מאכט דער אלטער גאלדשמיד — דעם אייגענעם וועג צוריק: פון עיר־המלוכה צוריק אין גובערניע אריין, פון גובערניע — אין פאָ־וויאט, פון פאוויאט — א ה י י ם; פון מלך, הייסט עס, צום שר, פון שר צום גובערנאטאר, צום פריץ, צום גביר, צום בעל־הבית אין קליינעם שטעדטעל... צוריק צו קדושין־פינגערלעך...

נידעריגער פאלען קאן מען נישט; ארעמע לייט דארפען קיין צירונג נישט. בלייבט מען הענגען אין דער לופט, שטרעקט מען אוים די צונג...

און די צייטען א ל י י ן ווערען שלעכט, מען מאכט עפעס גאר קיין חתונות נישט און די קאנקורענץ וואקסט...

מילא... דלות מאכט פסלות. און ויהי (וואו „ויהי", איז א צרה!) כי הציק לו הרעב, נישטא וואס אין מויל אריין צו לעגען, דער גאלדשמיד געהט ארוי פוסטע־פאס, איז ער זיך מישב און הויבט אויף פון דער ערד אין גאס א שטיקעל גלאז פון א צובראָ־כענעם פלעשעל: פון וואסער, פון משקה און אפשר גאר פון א מעדיצין, ווער ווייסט? נאר א פראסט שטיקעל גלאז, און געהט דערמיט אהיים, און זעצט זיך עס אנידער — שלייפען... און אזוי ווי ער שלייפט, הויבט אן אונטער די הענט דאס גלעזעל צו פינק־לען, צו גלאנצען... א כשוף: עס שפריצט מיט כל המיני פונקען, עס שטראלט; ער אליין גאפט. ער האט גארנישט געוואוסט, ווי ווייט קינסטלער ער איז! דערנאך נעמט ער דאס גלעזעל, זעצט עס אריין אין עפעס א פארוואלגערט רייפעל, וואס ער האט קוים גע־פונען, און געהט ארוים אפנארען די וועלט! — געהט ער. דאס הארץ קלאפט ביי איהם, ווי ביי א גזלן! קומט איהם אקעגען א בחור מיט א פלאמענדיגען פנים, פאלט איהם איין — אפשר א חתן און דארף א פינגערל? שטעלט ער איהם אפ. האט ער כמעט געטראפען: קיין קדושין־פינגערל דארף ער נישט, א כלה־מתנה— אדרבא; מעג זיין א פינגערל! און ווי יענער גיט איהם א בליץ פאר די אויגען מיט׳ן בריליאנטעל, פאלט ער צו מיטביידע הענט און פרעגט: ווי טייער?!

לאזט דעם גאלדשמיד דאס הארץ נישט זאגען, נישט קיין שווינדלער בטבע, פרעגט ער צוריק:

— וויפיעל ווילסטו געבען?...

דער בחור מיינט: גאט ווייסט, צי ער וועט קאנען קומען צו דער סחורה? נעמט ער ארויס א מטבע און מאכט זיך א שפאס:

— א טאלער!

דריקט איהם דער גאלדשמיד דאס פינגערל אין דער לינקער האנט אריין, כאפט איהם אויס דעם טאלער פון דער רעכטער האנט און לויפט אין שענק אריין. דעם ווארעם פארגיסען, דאס הארץ צו דערכאפען...

ווילען מיר איבערלאזען, פארשטעהט זיך, דעם גאלדשמיד און נאכגעהן דעם בחור.

קלערט דער בחור: משוגע? נאר זיין דאגה! און געהט מיט'ן פינגערל צו דער בתולה, צו וועלכער ער האט זיך גע'שדכנ'ט..

איז דאך אבער נשים דעתן קלות, האט די בתולה, צו וועל־כער ער שדכנ'ט זיך, צ ו ו י י חתנים. ער, א בעל־בת'יש קינד, מיט א פאר פאים און א חלק הויז — איז איינער, און א הוזאר (אין שטעדטעל איז קאוואלעריע געשטאנען), א הוזאר מיט א קיווער, מיט שווערד, טראלבען און שפארען, א בריה נפלאה אויפ'ן פערד — דער צווייטער. אויסקלייבען איז שווער. ב פ ר ט: א הוזאר, היינט איז ער דא, מארגען רייט ער אוועק... ישוב'ט זי זיך אליין. דערוייל, דער בחור קומט ארויף, נעמט זי איהם צו בסבר פנים יפות. דאס פינגערל אודאי, עס פארנעמט די אויגען... הכלל — מען רעדט, מען לאכט, ווי דער שטייגער איז... די צייט שטעהט דאך נישט, פאלט צו דער אוונט, דערהערט זיך פון מארק, פון דער הוזאר־וואך, א טראמפייטעל, א פייקעל האלט אונטער, מען הויבט אן שפילען זארעס... מיין בתולה דערמאנט זיך אן יענעם. ווערט אומרוהיג, זאגט אליין: שפעט, שפעט! מען וועט זי, חס־ושלום, בארעדען, און דערלאנגט איהם, אפצוקומען, דאס מיילעכעל, און שטופט איהם ארויס פון טיר. און עס איז שוין געווען די רעכטע צייט, קוים איז דער בחור אראפ פון די טרעפ, אריבער דאס געסעל און פארבויגען אין עק — טופ, טופ, טופ: א רייטער פון דער צווייטער זייט! אט איז ער שוין פאר'ן פלויט; שפרינגט שוין פון פערדעל אראפ, בינדט עס צו צו א שטאכעט. אט קלינגען שוין

שווערד און שפּאַרען אויף די טרעפּלעך, דאָס טירעל פּראַלט אויף...

איך וועל אייך נישט לאַנג ברייען: איבער נאַכט איז פון דער כלה־מתנה א חתן־מתנה געוואָרען... קוים אויפ׳ן שפּיץ פון אינגס־טען פינגער אַרויף...

דאָ ענדיגט זיך אָבער נאָך נישט די מעשה; דעם „בריליאַנט" איז געווען עפּעס בעסערס באַשערט...

כעלות, קוים עס רויטעלט זיך דער מזרח... דאָס פערדעל קאַ־פּעט נאָך אַלץ און קאַפּעט מיט די פּיס אין ליימיגען געסעל און קיינער הערט עס נישט, וועקט זיך פּלוצלונג אין דער ווייטער שטילקייט א קול פון א טראָמפּייט... „טרעוואָגע" ווערט געבלאָ־זען! ביינאַכט איז פּלוצלונג א גרויסער גענעראַל געקומען, ווערען די הוזאַרען געוועקט, צום עקזערציר פּלאַץ גערופען... א רעוויע וועט זיין — טראַ־ראַ־טראַ! מיין גבור מיט׳ן פינגערל שפּרינגט אויף, וויל לויפען, אָבער נישט לייכט איז דעם פּישעל זיך אַרויס־צורייסען פון דער נעץ... זי וואַרפט איהם די ווייסע הענט איבער׳ן האַלז. פּלעכט ער זיי אויף, לויפט זי און באַהאַלט איהם דעם קיוועך, דאָס שווערד... און נאָכאַמאָל געזעגענען, און נאָכאַמאָל... קוים מיט צרות פון די הענט אַרויס. טראַפּ־טראַפּ־טראַפּ פון די טרעפּ אַראָפּ, אויפ׳ן הונגעריגען, נאָר דערפרעהטען פערד אַרויף, און פּאַף—פייל פון בויגען צום פּלאַץ, די ראָטע שטעהט — אין אָרט אַריין... און— פּאַר קאַזעראַק! דער עסקאַדראָני קאָמאַנדיר שטעהט איהם אויג אין אויג, און זעהט, עפּענט שוין דאָס מויל אויף א „מי שברך".

גיט איהם אָבער דאָס פינגערל פּלוצלונג א בליץ אין די אוי־גען. ווערט ער רויט, ווי א צונטער, און כאַפּט איהם דאָס פינגערל פון שפּיץ פינגער אַראָפּ:

— גע׳גנב׳עט?

שטאַמעלט ער: וואָשע, אַזוי און אַזוי... חושד בכשרים... הס־וחלילה...

מילא, דעם אמת אויסזאָגען קאָן ער דאָך נישט. ער וועט דאָך נישט אויסגעבען די בתולה פון א בעל־בת׳ישען הויז! פּלאַצט ער אַרויס:

— :עקויפט!

— פאר וויפיעל? — פאַרשט שטרענג דער אָפיציר.

— שלעכט! — טראַכט דער הוזאַר, עס מוז דאָך עפּעס ווערט זיין... און גיט א זאָג פאַר׳ן טייוועל:

— צוואַנציג טאַלער!...

א מממון מיט געלד פאַר א הוזאַר! דער אָפיציר עפענט שוין דאָס מויל אויף א נייעם „מי שברך“... באותו הרגע שפּרינגט אָבער אַן א ווייס פערד, דערויף — הינטער איהם — אַנדערע פערד — קלענערע גענעראַלען.

ער אַליין גיט א פרעג:

— געזונט?

אַלע עסקאַדראָנען ענטפערען: געזונט! א דונער, א געפּילדער! די ערד ציטערט...

און באַלד — די רעוויע... און אַז עס איז באַשערט, צייכענט זיך אויס דער עסקאַדראָן פון אונזער גבור: געיאָגט, ווי אויף פליגעל, געשפּרונגען אויף די פערד, ווי די שדים, דורכגעלעכערט די צילען על צד היותר טוב... קריגען די הוזאַרען א „דאַנק“ און אויף משקה, אונזער אָפיציר ווערט אויפ׳ן אָרט — פּאָלקאָווניק... א שמחה, א גדולה, משתה ויום־טוב, טרינקט מען א חודש, צוויי... דער הוזאַר האָט דערווייל אויסגעדינט, און איז אהיים מיט גרויס שמחה: פּטור בלא כלום, פאַר א נאַריש פינגערל, פאַר׳ן פאַרשפּעטיגען. דער פּאָלק מיט׳ן קאָמאַנדיר זענען באַלד אַרויס אין א גרעסערע שטאָדט, אין לאַגער אַריין... און דאָס פינגערל וואָלט גאָר פאַרגעסען געוואָרען, ווען נישט דאָס, וואָס האָט זיך ווייטער געטראָפען:

אין פּאָלק איז פּלוצלונג געוואָרען א פּגירה אויף פערד. מילא, א צער בעלי־חיים איז עס; פאַלען ווי די פליגען. האָט דאָך אָבער יעדער מענש שונאים, בפרט אַן אָפיציר, וואָס איז אַזוי פּלוצלונג עולה לגדולה געוואָרען. געפינט זיך איינער און שיקט צום מלכות א מסירה אויפ׳ן פּוראַזש! באשר בכן דער האָבער איז גאָר קיין האָבער נישט...

איז עס פּונקט פאַר א מלחמה, איז די זאַך שטרענג. שיקט תיכף ומיד דאָס מלכות אַראָפּ גאָר א גרויסען גענעראַל אויף א רעוויזיע. באַפאַלט ער, לויפט גלייך צום מאַגאַזין, באַקוקט דעם האָבער, דרעהט מיט דער נאָז, פאָהרט אין קאַנצעלאַריע אַריין, שיקט רופען דעם פּאָלקאָווניק. קומט ער, נעמט ער איהם אויף זיצענדיג,

שטרענג, דער פּאַלקאָווניק שטעהט פּאַר־קאָזעראַק. עס ציטערען אונ־טער איהם די פיס... מישט זיך ווייטער אריין דער בריליאַנט. דער גענעראַל הויבט אויף איין אויג — פון בריליאַנט שיסט אַ בליץ אין אויג אריין, גיט ער אַ שפּרונג אויף און אַ בריל, ווי אַ לייב:

— לאַקכע־בחור!

אין אונזער מדינה הייסט עס: כאַבאַרניק, וואָרים ווי קומט צו אַ פּאַלקאָווניק פון נישט אַ רייכען הויז אַזאַ גרויסער, טייערער בריליאַנט? רייסט ער איהם דאָס פינגערל פון פינגער אַראָפּ, ער וועט עס צולעגען צו די אַקטען, און פרעגט:

— וויפיעל באַצאָהלט?

זעהט דער פּאַלקאָווניק, אַז עס איז אַ דבר גדול, אויסזאָגען דעם אמת קאָן ער נישט, גיט ער אַ פּלאַץ ארויס:

— טויזענט טאַלער!

און אַז דער גענעראַל קוקט נאָך אַלץ, נישט גלויבענדיג, מיט איין אויג, גיט ער צו אַ וואָרט־צייכען:

— פאַר טויזענט איינס טרעט איך עס אָפּ...

לאָזט יער גענעראַל דעם קאָפּ אַראָפּ און שרייבט:

ראשית שרייבט ער אַ ראַפּאָרט צום מלכות, אַז דער האָבער איז ריינע פּערעל. והשנית: אַ שטר חוב אויף טויזענט און איין טאַלער; לכשירויח וועט ער אָפּגעבען... און פאָהרט צוריק...

צינד דאַרף געשעהען דאָס וואונדערליכסטע...

מען ווייסט נישט ווי אַזוי, נאָר דאָס פינגערל איז געקומען אין חצר המלכות אריין! איינמאָל, די מלכה זיצט פאַרטראַכט, פאַר־לירט דאָס נאָזטיכעל פון שויס, הויבט עס אַ הויפדאַמע אויף, אַ יונגע, ערשט אָנגעקומענע און אַ יפה־פיה, און לענגט עס צוריק.

הויבט די מלכה אביסעל די ברעמען אויף, וויל דאַנקען מיט אַ האַלב מויל, ווי עס פּאַסט פאַר אַ מלכה, עפענט די ליפּעלעך, און בלייבט מיט די אָפענע ליפּעלעך זיצען. וואָס איז? דער בריליאַנט פון דער הויפדאַמעס אַ פינגערל האָט עס איהר אָנגעטאָן! ממש פאַר'כשופ'ט האָט ער זי. נעמט זי צו באַקוקען: זי האָט נאָך אַזאַ בריליאַנט אין אַ פינגערל נישט געזעהן. נישט אין די שאַצקאַמערן, נישט אין כתרי־המלכות... פרעגט זי:

— פון וואַנען קומט צו דיר אַ בריליאַנט?

ווערט די הויפדאמע רויט און טויט און פארציטערט, און ענטפערט נישט א ווארט.

מוז דאך דא עפעס זיין, און אביסעל אייפערזיכטיג איז א מלכה אויך. ווארים ווער, אז נישט א מלך, קאן קויפען אזא מתנה? הויבט זי זיך אויף און געהט אריין צום מלך אין קאבינעט און ווייזט איהם דאס פינגערל. זי וויל זעהן, וואס ער וועט זאגען... וויים ער לחלוטין פון גארנישט, און ווערט פון בריליאנט פאר־כשופ׳ט. ער האט נאך אזא קלארען ריינעם בריליאנט, און אזא גרויסען, און אזוי אהן א שמץ פגימה נישט געזעהן. עפענט ער גרויסע אויגען און קאן זיך זאט נישט אנקוקען. דערצעהלט איהם די מלכה אזוי און אזוי, די און די הויפדאמע האט עס געטראגען. זאגט דער מלך, אז פון וואנען דאס פינגערל קומט, וויל ער נישט וויסען, מאלע וואס עס טוט זיך אין הויף... נאר דער בריליאנט פאסט נישט פאר קיינעם, נאר פאר א מלך. דער הויפדאמע וועט ער זיין ווערט באצאהלען... און נעמט צו דאס פינגערל.

נעמט מען באלד דאס פינגערל, מען קריצט אויס דעם מלך׳ס נאמען מיט׳ן הערב פון דער מדינה, ווערט דאס פינגערל א חותם־המלכות. דער מלך חתמ׳עט דערמיט אלע פאפירען, הן אין דיני ממונות, הן אין דיני נפשות, הן אין פאליטיק. ווער עס קריגט דאס פינגערל א ווײלע אויפ׳ן פינגער ארויף, קאן חרוב מאכען א וועלט, האט פראוו להשמיד ולהרוג, ווען און וועמען ער וויל אריינ־ווארפען אין קייטען און אין תפיסות. לאזט עס טאקע דער מלך נישט פון פינגער אראפ... און כדי צו באלוינען די הויפדאמע, הייסט דער מלך רופען מבינים, זיי זאלען אפשאצען דעם ווערט פון בריליאנט... קומען זיי... ווערט זה בכה וזה בכה! איינער זאגט: א דריטעל, איינער — א האלבען, איינער גאר — א גאנ־צען מיליאן... וואס טוט מען? דערמאנט זיך דער מלך אן פרי־הערדיגען הויף־גאלדשמיד און גיט א באפעהל:

— ברענגען...

ברענגען איז ברענגען!

נעלם געווארען; מאכט מען א חקירה ודרישה. עס דויערט א צייט, מען ווערט געוואר. מען שיקט א דבר מלכות; ווי דער שטייגער. מילא, אז די קליינע שרים פון קליינעם ארט באקומען א באפעהל, צוצושטעלען דעם גאלדשמיד צום מלך, וואס קלערען זיי?

ער האָט אודאי באַ'גנב'עט אמאָל די שאַצקאַמער, און צינד ערשט איז מען דערגאַנגען. וואַרפט מען אריין דעם בחור אין קייטען און מען שיקט איהם צום מלכות, א צושלאָגענעם און א האַלב טויטען פאַר פחד... קומט ער קוים מיט צרות אָן.

מעלדעט מען דעם מלך: ר'אי'דאָ, נאַר...

מען וויל איהם זאָגען, אז מען נעמט איהם אראָפּ די קייטען, איז אָבער דער מלך בייז, שלעכטע ידיעות פון דער מלחמה באַקומען, גיט ער א געשריי:

— קיין שום „נאַר"!

ברענגט מען איהם שוין אריין, ווי ער שטעהט און געהט.

באַמערקט עס אפילו נישט דער מלך. ער ווייזט איהם דעם בריליאַנט און פרעגט:

— וויפיעל ווערט?

ענטפערט יענער: גאָרנישט!

— ווי הייסט?

און די שרים ארום:

— ווי הייסט: חותם־המלכות... גאָרנישט?...

— און דער גרעסטער בריליאַנט אין דער וועלט! — גאַפען אַנדערע...

דער גאָלדשמיד ווערט גאָר נישט נתפעל:

— ס'איז נישט קיין בריליאַנט, — זאָגט ער.

— ס'טייטש, יענע שאַצען דאָך אויף הונדערט־טויזענטער...

— איך וויים בעסער!

ווערט שוין דער מלך אומרוהיג און פרעגט, נישט מיט זיין קול:

— פאַרוואָס — בעסער?

— ווייל — ענטפערט ער — איך מיט מיינע הענט האָב'ס געמאַכט...

און ער וויל דערצעהלען ווען, ווי אזוי — און האָט אָבער נישט דערצעהלט...

ארויסגעשלעפּט און אין תפיסה אריין, און מיט רעכט!

מען האָט מיט דעם בריליאַנט אזוי פיעל פּסקים גע'פּסק'עט, אזוי פיעל גיטער גענומען און געגעבען, אזוי פיעל הייזער, אזוי פיעל שטעדט... און אזוי פיעל מענשען געהויכט און געקרוינט און

אנדערע אין קייטען געשמידט, אין תפיסות געוואָרפען, אין וואַסער, אין פייער אריין און געפּערטעלט... די פּסקים זענען און מוזען בלייבען וואָר און דער מלך מוז זיין און בלייבען אמת, און דער חותם זיינער אמת; טבעת המלך — טבעת המלך, מוז זיין דער בריליאנט — בריליאנט...

אזוי האָט גע'פסק'עט דער גרויסער מיניסטער.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

די מעשה, וואס איך האָב אייך דערצעהלט, איז, ווי אלע מעשה'לעך, א משל. און, ווי יעדער משל, נישט מיט אלע פּרטים דומה לנמשל; מען מוז דאָך עפּעס צוגעבען לנוי... להדור המעשה...

אבער א מעשה איז עס!

און שטאמען שטאמט זי פון א מקום גדול — איש מפּי איש פון רבי'ן ר' יונתן!

# אינהאלט


דריי חופות — 7
דער קרבן — 71
פרינצעסין קוניגונדא און פרינץ פראַש — 75

קליינע מעשה'לעך פאר גרויסע קינדער:

1. אין געמויזאכץ — 89
2. א קעלבענער קל וחומר — 93
3. העכט — 95
4. לאָמפּען־מוסר — 101
5. די פרומע קאַץ — 104
6. די דין תורה — 108
7. פון קבר — 111
8. הינערשע חלומות — 115
9. מיסט חלומות — 119

אבער דאוונען מוז מען דאָך — 121
דער גולם — 124
ביי די פרעש צו גאַסט — 126
פון דער סיעקל — 131
חוזק — 141
בוימער — 144
אויף דער גרענעץ — 146
האַלט ס'מויל — 148
ציריק־ציריק — 150
פליגעל — 154
די רויז — 156
עס ענדערט זיך — 165
שטערען — 166
פון וועג אראָפּ — 168

פון דול־הויז:

1. עולם־הבא — — — — — — — — — — — — — — 171
2. כל־בו — — — — — — — — — — — — — — — — 175
3. א חלום — — — — — — — — — — — — — — — 179
4. א רופא צו א חולה? — — — — — — — — — — 184
5. א שמועס מיט גאזענמאן — — — — — — — — 188
6. דער קדוש — — — — — — — — — — — — — — 193
7. די שרפה און נאָך דער שרפה — — — — — — — — 196
שמאי ראטמאן — — — — — — — — — — — — — — — 201

ר׳ שלמה׳ס מעשה׳לעך:

1. א פאָררעדע — — — — — — — — — — — — — 210
2. דער בריליאנט — — — — — — — — — — — — 214
3. דער פיער־פארבינגער לאמטערען און די פיער קליינע הינטלעך — — — — — — — — — — — — — — 222
4. די היטערין פון הייליגען פייער אין טעמפעל — — צ22
5. אין דול־הויז — — — — — — — — — — — — 232
6. די בילדהויער — — — — — — — — — — — — 235
7. אפען — — — — — — — — — — — — — — — 238
8. פערד, קיה און קעלבער — — — — — — — — — 241
דער אויסלענדישער פויגעל — — — — — — — — — — 244
קין און הבל — — — — — — — — — — — — — — — 249
דער אייבינגער פרידען אין ערגיץ־לאנד — — — — — — 254
צוויי ברידער — — — — — — — — — — — — — — — 263
דאָס גלעזעל — — — — — — — — — — — — — — — 267